סאַלאָמאָן קאַהאַן

# ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע פאַרצייכנונגען



אַרויסגעגעבן דורכן קאָמיטעט צו פייערן דורך אַ קולטור־טאַט
דעם מחברס פינף און זעכציקסטן געבורנטאָג

מעקסיקע, ד. פ.

1961

באַשטאַנד פון דעם אַרויסגעבער־קאָמיטעט:

ד״ר. זיגמונד ביבערינג
פּראָפ. מאיר בערגער
אינזש. קלמן לאַנדוי
רעד. משה רובינשטיין
אַדוו. שבתאי סולקעס

דער מחבר איז דאַנקבאַר דעם ניו־יאָרקער זשורנאַל „צוקונפט״ פאַר דער פריינטלעכער דערלויבניש אַריינצונעמען אין דעם בוך די פאָלגנדיקע אַרבעטן, וואָס זיינען צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויף זיינע שפאַלטן:

ברוסילאָוום „שטילע ערד״
דער ווענטלעכער יונה ראָזענפעלד
„אַ ליטוואַק אין פוילן״
די פערזענלעכקייט יצחק בערלינער

# צו דערמעגלעכן דאָס אַרויסגעבן דעם בוך האָבן בייגעשטייערט:

## אשכנזישע קהילה אין מעקסיקע (קולטור־דעפּאַרטאַמענט)

משה אַלבין

אבנר אליפז

נחמן באַקאַל

לעאָן ביאַליק

זאוול ביעלאַק

לייב בראָנשטיין

הערש גאָלדבאַרט

ישעיהו גאָרענשטיין

יעקב גלאַנץ

מאיר גאָלדגרוב

בן ציון גאַיסינסקי

אברהם גוטוערג

הערש גרינשטיין

וואָלף האַנס

יצחק מאיר ווייסבאָרד

ירחמיאל ווישניעוויטש

יוסף זאכאריאש

אליהו זאַק

נחמן זיידענוועבער

„טעקסטיל לאַנעראַ"

אָשר ליכטענשטיין

הערש ליינער

טוביה מייזעל

באָריס סיגאַל

יצחק פּיקאָווסקי

קאַרלאָס פישביין

פלאָשנער־האַסס

שמשון פעלדמאַן

יוסף פרייער

בנימין צמח

בנימין קאָוואַלסקי

בנימין קאָזלאָווסקי

יוסף קופערמאַן

עקיבאָ קלעצעל

יחזקאל קרישטאַל

משה ראָזענבערג

בנימין ראָזענטאַל

דוד רובינשטיין

.שה רובינשטיין

אליעזר שאַפּיראָ

גרשון און יעקב שאַפּיראָ

# אינהאַלט

## אָנשטאָט אַ הקדמה


גייסט פון מאַרטירערשאַפט און העלדישקייט — — — — — — — — — — — 15


## בארג שפּיצן

### מעדיטאַציעס וועגן שלום עליכם


דאָס אַלמענטשלעכע אין שלום עליכם — — — — — — — — — — — 27

טוביה של מעלה — — — — — — — — — — — — — — — — 33

„טוביה" אויף דער בינע — — — — — — — — — — — — — — — 37

וועלכער שלום אש? — — — — — — — — — — — — — — — — — 39

שטריכן פון יוסף אָפּאַטאָשו — — — — — — — — — — — — — — — 43


## דאָס קריטישע וואָרט


ניגערס פאַרצווייגטקייט און פאַרוואָרצלטקייט — — — — — — — — — 49

מינקאָווס טיפע פאַרשטענדניש — — — — — — — — — — — — — — 53

ביקלס אוניווערסאַלער אויסבליק — — — — — — — — — — — — — 59

י. ראַפּאָפּאָרטס שטרענגער צוגאַנג — — — — — — — — — — — — — 67


## פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע


רויזענבלאַטס דיכטערישער האַרבסט — — — — — — — — — — — — 71


### יעקב גלאַטשטיין


אַ מוזיק־ליבהאָבער'ס באַגריסונג — — — — — — — — — — — — 79

אַ גלאַטשטיין־שעדעווער — — — — — — — — — — — — — — — 81

אַ וואָרט וועגן איציק מאַנגער — 85
וועלט־שמערץ מאַטיוו ביי אַלף כּץ — 87
ל. פיינבערגס „פאַרמשפּטער דור" — 93
פינטשע בערמאַנס ראָמאַנטישע פּריזמע — 97

**דריי דיכטערינס**

אסתר שומיאַטשערס „לידער" — 103
מלכה טוזמאַנס גאָט ־ זוכעניש — 111
מלכה לאָקער רייזט איבער דער וועלט — 117

## קונסט, דורך פּראָזע

יעקב פאַטס עפּאָפּייע פון הייליקער עקשנות — 125
ברוסילאָווס „שטילע ערד" — 127
דער וועזנטלעכער יונה ראָזענפעלד — 131
דלוזשנאָווסקיס שילדערונגס ־ קונסט — 135
אַ מייסטער ־ דערציילונג פון י. באַשעוויס — 139
דניאל טשאַרני ,„אַ ליטוואַק אין פוילן" — 143

## עסייאיסטן און כמעט עסייאיסטן

י. ראַפּאָפּאָרטס „תנ"ך ־ אימפּראָוויזאַציעס" — 147
ביאַלאָסטאָצקיס הומאַניסטישער לייט־מאָטיוו — 153
שטיינוואַקסעס „סילועטן" — 157
לעאָ פינקעלשטיינס יידיש ־ פּאַטאָס — 163
היענע יאָפּעס אויג און פעדער — 167
בן ־ אריס טעאַטער ־ עקסטאַז — 171

## פּ ר אָ פ י ל ן

בן ־ גוריון, דער קולטור ־ מענטש — 177

**אויף דער רעדנער־טריבונע**

גאָלדע מאירס נישט „רעדנערישקייט" — 183
נחום גאָלדמאַנס עלעגאַנטע פּשטות — 187
עטישער פּאַטאָס אין זרובבלס רעדנער־קונסט — 191
ד"ר ביעגונס רעדנערישער צויבער — 197
אַ בערל פרימער־רעפעראַט — 203

מינקאָוו, דער אַקאַדעמישער לעקטאָר — 207
עפּעס וועגן מנשה אונגער — 213
ליבמאַן, רעבעל און דאַן קיכאָט — 217
שטריכן פון דוד סאָהן — 219
נחום ברוך מינקאָוו ע"ה — 223
די פּערזענלעכקייט נחום כאַנין — 227
ב. צ. גאָלדבערג: דער קינסטלער־זשורנאַליסט — 231


## פאָרשער פון יידישער פאַרגאַנגענהייט


דובנאָוו „בריוו" — 243
שמעון ראַווידאָוויטש, דענקער וועגן גרונט־פראַגן — 245
יעקב שאַצקי, היסטאָריקער פון באַדייטונג און ראַנג — 249


### מנשה אונגער און חסידות־פאָרשונג


אונגער און חסידות — 255
„חסידות און יום טוב" — 257
אַ קאַפּיטל אברהם גאָלאָמב — 259


## עטלעכע יידישע קינסטלער


מאַנע כץ, מאָדערניסט מיט יידישער טעמאַטיק — 265
רפאל מאַנדעלצווייגס פאַרבענקטער רעאַליזם — 269
שטריכן פון זיגמונט טורקאָוו גרויסקייט — 273


### בערטאַ זינגערמאַן


רייפע קונסט — 281
גלאָריפיצירונג פון יידיש — 285
שפּראַך ־ מוזיק — 289


## פון דעם אַצטעקן - לאַנד


אין צוויי קולטורן — 295


### אין מעקסיקאַנער יידיש־לאַנד


יידישע זשורנאַליסטיק אין מעקסיקע — 301

בלעטערנדיק אין יצחק בערלינערס פּאָעזיע — — — — — — — — — — 305
בערלינערס הימן צו ווידער געוווּנענעם לעבן — — — — — — — — — 309
אַ סימבאָליסטישע דיכטונג פון יעקב גלאַנץ — — — — — — — — 315
יידיש־מעקסיקאַנישער אַקצענט אין מאיר קאָראָנאַס דערציילונגען — 321
אברהם ווייסבוים, „אין מעקסיקאַנער גן־עדן" — — — — — — — — 325
בנימין קאָוואַלסקיס פּאָעטישע „רייזע ־ מיניאַטורן" — — — — — — 329

## עטלעכע פּראָפילן

יצחק בערלינער ע"ה, גייסטיקער אַריסטאָקראַט — — — — — — 335
טוביה מייזעלס געבענטשטע עקשנות — — — — — — — — — 339
משה רובינשטיינס זשורנאַליסטיש־געזעלשאַפטלעכער אויפטו 343
לייב באַיאָנס גייסטיקע פּערזענלעכקייט — — — — — — — 347
יוסף וויניעצקיס פּאַטאָס — — — — — — — — — — — — 351

## געדענקבאַרע מעקסיקאַנישע סילועטן

אַלפּאָנסאָ רעיעס, מעקסיקעס גרויסער הומאַניסט — — — — — — 357
כאַמועל ראַמאָס, פאָרשער פון דעם מעקסיקאַנערס כאַראַקטער — 361
דער שיינגייסט פּעדראָ דע אַלבאַ — — — — — — — — — — — 365
כאָזע וואַסקאָנסעלאָס, וועמענס עלטער ס'האָט פאַרשעמט זיין יוגנט — 371
נוניעז אי דאָמינגעז, דער יידן־פריינט — — — — — — — — — 375

# אויף אַלגעמיינע טעמס

דער קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש — — — — — — — — — — 381
קלאַסישע קונסט — — — — — — — — — — — — — — 385
שאַפן און הייגע — — — — — — — — — — — — — — 387

# גייסט פון מאַרטירערשאַפט און העלדישקייט

## (וועגן יידישער חורבן-פּאָעזיע)

יאָר איין, יאָר אויס באַוווּנדערן מיר אין דעם יאָרצייט־טאָג אויפסניי די העלדישקייט, די גייסטיקע גבורה פון די קדושים אין אַלע געטאָס אין דער צייט פון אונזער דריטן חורבן, און מיר נעמען, ווי זייער פאַרקערפּערונג, ווי זייער אַלגעמיינעם סימבאָל, דעם אויפשטאַנד פון די לעצטע פערציק טויזנט גבורים פון וואַרשעווער געטאָ.

עס דוכט זיך אונז, אַז עפּעס, וואָס לאָזט זיך נישט דערקלערן אין טערמינען פון מענטשלעכער לאָגיק, איז אין זייער פאַל געשען. מיר שטייען פאַר אַן אומדערקלערלעכער מיסטעריע. דאָס, וואָס די געטאָ־העלדן אין וואַרשע, געפירט דורך מרדכי אַנילעוויטש (און דורך די פאַרשידענע אַנדערע, באַקאַנטע אָדער אומבאַקאַנטע אַנילעוויטשעס אין אַנדערע געטאָס), האָבן באַוויזן, איז פון  אַ ז אַ  גייסטיקן פאַרנעם, אַז אומזיסט וועלן מיר זוכן אַ פּאַראַלעל צו דעם אין דער אַלגעמיינער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

און דאָך: ווען מיר וואַרפן אַ רעטראָספּעקטיוון בליק אויף דער געשיכטע פון אונזער אייגענעם פאָלק; ווען מיר גיבן בלויז אַ לייכטן בלעטער אין די אַנאַלן פון דעם  י י ד י ש ן  היסטאָרישן גאַנג איבער די יאָרטויזנטער, — פאַרשווינדט דער מאָמענט פון אומדערקלערלעכקייט; די מיסטעריע אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז, און די טיפערע לאָגיק פון דעם טאָן און אויפטאָן מצד די קדושים פון דער וואַרשעווער געטאָ און פון אַלע אַנדערע געטאָס, ווערט אונז קרישטאָל־קלאָר.

לאָמיר זשע טאָקע אַ בלעטער טאָן אין אָט די אַנאַלן און זיך צוהערן צו דעם, וואָס זיי האָבן אונז צו דערציילן; עס וועלן פאַר אונז דאַן אויפ־

טויבן פון די טיפעניש פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט די לייכטנדיקע געשטאַלטן פון די פ אַ ר ג י י ע ר פון די געטאָ־העלדן, און מיר וועלן באַגרייפן, אַז דער גייסט, וואָס האָט באַהויכט די קדושים אין די געטאָס, איז בלויז געווען אַ ווירדיקער ה מ ש ך פון י ע נ ע ם גייסט פון מאַרטירערטום און העלדנטום, וואָס גייט דורך, ווי אַ לייט־מאָטיוו, דורך דער יידישער געשיכטע.

— 1 —

זענען דען, צום ביישפּיל, חנה מיט אירע זיבן זין נישט קיין פאָר־גייער פון די קדושים אין די געטאָס? איז דען זייער גייסטיקע גבורה נישט מאַרטירערשאַפט און העלדנטום, וואָס גייען דורך, ווי אַ לייט־מאָטיוו, דורך חורבן?

„...עס יאָגן זיך דורות, עס בייט זיך דער דין,
נאָר ס'פליצט אַלץ און פלייצט אין די ימען
דאָס בלוט פון די זיבן מאַרטירער, די זין,
באַנאַנד מיט דער בלוט פון דער מאַמען".

(מ. כאַשטשעוואַצקי)

און הערט איר דען נישט אין די אויפרופן צום קאַמף, וואָס ס'האָבן ערב דעם לעצטן טראַגישן פאַרמעסט אַרויסגעלאָזט די אָנפירער פון די אויפשטאַנדלער אין די געטאָס, דעם קול פון די צום לעצטן קרבן גרייטע העלדן פון דער צום פיזישן אומקום פאַרמשפּטער, אָבער צו אייביקער גלאָריע באַשטימטער מסדה?

„ווען מען וועט דאָס נישט קלאָר זיין, ווי שווער זייער נקמה וועט אונז טרעפן, ווען זיי וועלן אונז באַקומען לעבעדיקערהייט אין זייערע הענט? ווי וועט דאַמאָלט זיין צו די יונגעלייט, וואָס זייער קערפּער־קראַפט וועט מוזן אויסהאַלטן גאָר אַ סך ענויים! ווי אויך צו די זקנים, וואָס וועלן מחמת זייער טיפן עלטער נישט קענען אַריבערטראָגן די יסורים. דאַמאָלט וועט איינער זען, ווי מען וועט זיין ווייב אַוועקפירן צו דער שענדונג; אַן אַנדע־רער וועט הערן די שטים פון זיין קינד, ווי עס יאָמערט נאָך זיין פאָטער, וואָס אים זענען די הענט געבונדן!"

(יאָזעפוס פלאַוויוס)

מיר וועלן זיך אָנטרעפן אויף די הערלעכע געשטאַלטן פון די עשרה הרוגי מלכות, וואָס וועגן זיי קען מען בכלל נישט זאָגן וו אָ ס איז,

גייסטיק, געווען שענער און דערהויבענער: זייער לעבן, וואָס דער נאָכקום האָט באַצירט מיט לעגענדעס, אָדער זייער מאַרטירער־טויט, וואָס האָט אויף אַלע אייביקייטן באַזיגט דעם פּיינט, וועלכער האָט אין זיין גייסטיקער באַגרעניצטקייט געגלויבט, אַז ע ר איז אַרויס דער זיגער... דאָס האָט דער גייסט פון רבי עקיבאָ געשוועבט איבער די, וואָס האָבן צווישן די פלאַמען פון דעם ברענענדיקן געטאָ אין וואַרשע פאַרקערפּערט יידיש־מענטשלעכן כבוד, יידיש־מענטשלעכע ווערדע.

„אָ, לערן מיך רבי, דעם סוד פון השלמה
און גייסטיקער שטאַרקייט —
כ׳זאָל קוקן דעם תליון גאָר רואיק אין ד׳אויגן,
און איידער מיין שמייכל דער לעצטער
וועט געבן אַ לויכט אויף די ליפּן —
באַווייז זיך צוקאָפּנס, ווען כ׳ליג אויף מזבח
און מאַך מיר אַ שותף אין לעצטן „אחד!".

(יהודה קרני)

און אַן עמוד האש איז זיי אויך געווען די געשטאַלט פון יענעם גרויסן רעבעל קעגן די פאַרגייער פון די נאַציס אין דרייצנטן יאָרהונדערט, וואָס האָט אויף אַלע אייביקייטן ווידער אַ מאָל געלאָזט וויסן דער מענטשהייט דעם אור־אַלטן יידישן גרונט־באַגריף, אַז נישט מאַכט איז רעכט, נאָר רעכט, גערעכטיקייט, איז די גרעסטע קראַפט, און וואָס זיין נאָמען איז מהר׳ם פון רוטנבערג. זיין גייסטיקע פאָן האָט געפלאַטערט אין דעם באַוווסטזיין פון די, וואָס האָבן אין די געטאָס גערופן צום ווידערשטאַנד קעגן דעם מערדערישן שונאס אַלערליי פּרוון, פאַר דעם טויטן זיי פיזיש, אָוועקצונע־מען ביי זיינע קרבנות דעם צלם אלהים.

„ער ליגט און זיין גייסט טוט אַ שוועב אויף פאַרביי
די וועכטער, די ווענט און די קייטן;
ער לאָזט אין די הויכן פון תלמוד זיך פריי
די אָדלערשע פליגלען צעשפּרייטן.
ער קוקט אין געהויבענעם עלנט זיך אום,
ווי קליין איז דער צורר און נאַריש,
און צווישן דעם שמוץ אין דער טומאָה אַרום
פאַרפאַסט ער דעם תוספות צו טהרות;
און אייביק אין נאַכט פון דעם קבר פון שטיין

פאַרפאַסט ער דעם תוספות צו יומא,
ווו פאַרבנרייך בלאַנקען אַדורך אַזוי שיין
די זוניקסטע טעג פון דער אומה".

(א. ליעסין)

צווישן די גייסטער פון יידישער סטאַישקייט, וואָס האָבן געשוועבט איבער דעם הייליקן פייער פון יידישן ווידערשטאַנד אין די געטאָס, האָט אויך נישט געפעלט די אַנטשלאָסנקייט פון די יידן אין שפּאַניע אין זייער טראַגישער שעה פון גירוש, ווען זיי האָבן דורך זייער הערלעכער אומ־בויגזאַמקייט, צום וויפלטסטן מאָל, פּראָקלאַמירט פאַר דער גאַנצער וועלט דעם יידישן „אלא ברוחי". קיין שום קרבן, האָבן זיי באַוויזן דורכן אָננע־מען די גזירה פון גירוש, איז נישט צו גרויס, ווען עס קומט צו דער פאַרטיידיקונג פון דעם, וואָס מאַכט דאָס לעבן ווערט געלעבט צו ווערן: גלויבן און עטישע אידעאַלן.

„און דאָס פאָלק האָט דערהערט די ביטערע גזירה און איז אַריינגע־פאַלן אין טרויער. אומעטום ווו דאָס קעניגלעכע וואָרט און זיין געזעץ האָט דערגרייכט, איז געווען אַ גרויסע קלאָג ביי יידן. אַזאַ שרעק און מורא, וואָס אַזוינס איז נישט געווען זינט יהודה איז פאַרטריבן געוואָרן פון זיין לאַנד אויף פרעמדע ערד. און זיי האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: „לאָמיר זיך שטאַרקן פאַר אונזער אמונה און פאַר גאָטס תורה. אויב זיי וועלן אונז לאָזן לעבן — וועלן מיר לעבן, און אויב נישט, וועלן מיר שטאַרבן. מיר וועלן אונזער בונד מיט גאָט נישט פאַרשוועכן און אונזער האַרץ פון אים נישט אָפּטאָן. מירן גיין אין נאָמען פון אונזער גאָט".

(דאָן יצחק אברבנאל)

— 2 —

ווען מיר ווענדן אונזער אויג צו די נייערע צייטן אין דער יידישער געשיכטע, און מיר בלעטערן די כראָניקעס פון גזירת ת"ח און ת"ט, גע־פינער מיר דאָרט, צווישן יעדערע, די הערלעכע געשטאַלטן פון טולטשי־נער יידן, פון דעם טרעגער אין מאַרק ביז דער מאַיעסטעטישער פיגור פון דעם טולטשינער רב. יעדער איינער פון זיי איז, לויט זיין גייסטיקן יידישן מהות אַ פאַרגייער און אינספּירירער פון די געטאָ־קדושים, פון זייער העלדישקייט פון פאַר און בעת דעם געטאָ־אויפשטאַנד. ס'איז אַ באַגלויבטער עדות פון אָט דעם אַלעם נתן נטע האַנאָווער, אין זיין גרויסן מענטשלעכן דאָקומענט, וואָס איז „יון מצולה". ער דערציילט (און ס'האָט עס דיכטע־ריש פאַראַפראַזירט אפרים אויערבאַך):

ס'האָט די שטאָטישע מויער שוין דורכגעבראָכן דער שונא,
די געבליבענע וואך האָט מיט שווערד קעגן אים זיך געווענדט,
ס'האָט געשלאָגן די שעה פאַר טולטשינער יידישע ווינער
מיט בלוט אָנצוטרינקען די פעטע אוקראַינישע ערד.

אין טליתים און קיטלען האָט דער רב געהייסן זיך אָנטאָן
אויף עטרות דאָס זילבער האָט מיט ריינקייט געבלאַנקט, —
זאָלן יידן באַגעגענען קריוואָנאָסן און גאָנטען
מיט געלייטערטע הערצער, מיטן אייביקנס וואָרט אין געדאַנק.

ס'האָט דער גרייזער רב, אין טלית און קיטל
די טולטשינער עדה צו דער מויער געפירט,
אין דער האַנט אַ מעסער און אין האַרץ אַ קאַפּיטל
פונעם דוד־געזאַנג, פונעם קעניג דעם הירט.

מיט געשטאַרקטע הענט האָט די עדה געשטריטן,
נישט געציטערט ביי קיינעם אפילו קיין ברעם,
און פון ערשטן צום צווייטן, פון צווייטן צום דריטן
האָט דאָס בלוט געשריגן: נקמת דם אַדוישעם".

און זענען נישט ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך צווישן זיך די גייס־טיקע דערהויבנקייט און פעלזן־פעסטע אַנטשלאָסנקייט פון די יידן מיט די לויטערע נשמות, וואָס ווערן געשילדערט אין דעם פאָלקסליד וועגן דער קאַזאַקן־שחיטה, — און די קדושים פון די געטאָס, וואָס זענען געגאַנגען דעם טויט אַנטקעגן, וויסנדיק פאַר  ו ו אָ ס  זיי שטאַרבן, און שטאַרבנ־דיק פאַר אָט דעם  ו ו י ל י ק ?

פאַרחושכט ,מיט צעבראָכענע גלידער,
פון אַ וויסטן גרוב, אַ פינצטערע נעסט,
פירט מען אונזערע אומגליקלעכע ברידער,
און קריוונאָ האָט זיי מיט די דיבורים געטרייסט:

„געננוג האָט איר און אייער ווייב און קינד
געליטן פיל צרות, הונגער, דורשט און קעלט, —
בוקט זיך צום צלם און זייט נישט בלינד,
וועט איר לעבן גליקלעך אויף דער וועלט".

„שטום דו, רשע, און רעד נישט מער אַ וואָרט!"
האָבן אַלע יידן געענטפערט אַזוי:
„טויט אונז בעסער דאָ אויפן אָרט,
אָבער בייטן אונזער אמונה — לאַ, לאַ!

„אונזער אמונה שיינט ווי די זון,
ס'וועט דיר, רשע, גאָר נישט געראָטן;
קיין אַנדער אמונה נעמען מיר נישט אין זין,
מעגסט אונז האקן און ברענען און בראָטן!"

באַלד האָט מען געזען אַ שרעקלעך בילד,
אויף קידוש השם זענען זיי אַלע געשטאָרבן.
דאָס אָרט איז געבליבן פוסט און ווילד,
פול מיט ביינער פונעם יידישן קרבן".

— 3 —

צווישן די פּרעכטיקע געשטאַלטן פון דער נייערער צייט, וואָס האָבן אין דעם באַוווּסטזיין פון די געטאָ קדושים געלויכטן ווי אַן עמוד האש אין די טראַגיש געהויבענע טעג פון די געטאָ־קאַמפן, האָט אויך נישט געפעלט דער אין זיין גלויבן קאָנצענטרירטער און צום לעצטן און גרעסטן קרבן, דעם פון זיין לעבן, גרייטער העלד, וואָס האָט אין פּרצעס אומ־שטערבלעכער דערציילונג, מיט זיין מקדש השם זיין, צוגעשטעלט פאַר די צדיקים אין גן עדן די דריטע פון די „דריי מתנות" ,וו,ען ער איז געגאַנגען „סקוואַז סטראַי":

„אין מיטן טרעפט אַ סאָלדאַט צו הויך און וואַרפט דעם פאַרמשפּטן אַראָפּ די יארמלקע פון קאָפּ. נאָך עטלעכע טריט באַמערקט ער עס, דער פאַרמשפּטער. ער גיט זיך אַ ריר, גלייך ער האָט אַ ישוב, און איז זיך מישב, און דרייט זיך אום: ער וועט נישט גיין בגלוי הראש, און ער גייט צוריק ביז צום אָרט, וווּ די יארמלקע ליגט. ער בויגט זיך איין און הויבט זי אויף, און דרייט זיך צוריק אויס און גייט ווייטער, רואיק, רויט פאַר־בלוטיקט, נאָר מיט דער יארמלקע אויפן קאָפּ, ביז ער פאַלט..."

ס'האָט אויך באַזעלט דעם קאַמף פון די געטאָ־אויפשטאַנדלערס דאָס טיפע געפיל פון מענטשלעכער ווערדע און פון יידישן כבוד, וואָס האָט געלעבט הירש לעקערטס רעוואָלווער, ווען ער האָט נקמה גענומען פון פאַן וואהלן פאַר די פאַרשמיסענע יידישע אַרבעטער. און ס'האָט דאָרט אויך נישט געפעלט דער ליכטיקער גייסט פון נפתלי באָטווין, פונקט אַזוי

ווי ס׳האָבן איבערן וואַרשעווער געטאָ דאָן געשוועבט די נשמות פון יענע אַלע אויסדערוויילטע יידן, וואָס האָבן געהאַט מקדש השם געווען, ווען זיי זענען, ווי העלדן, געפאַלן אין די קאַמפן פון די זעלבסטשוצן בעת פאַרשידענע פאָגראָם־כוואַליעס אין דער אימפּעריע פון די צאַרן. עס האָט איבערן וואַרשעווער געטאָ אין די טראַגיש־גרויסע טעג פון אַפּריל און מאַי פון ניינצן דריי און פערציק, געשוועבט דער גייסט פון יענע אַלע העלדן, וואָס וועגן זיי האָט עדעלשטאַט געזונגען:

„מיר ווערן געשאָסן, געהאַנגען,
מען באַרויבט אונז דאָס לעבן און רעכט
דערפאַר, ווייל מיר אמת פאַרלאַנגען
און פרייהייט פאַר אָרימע קנעכט.
שמידט אונז אין אייזערנע קייטן;
ווי בלוטיקע חיות אונז רייסט,
איר וועט אונזער קערפּער נאָר טויטן,
דאָך נישט אונזער הייליקן גייסט״.

ווען זאָגט עס, אַז די קדושים פון דער וואַרשעווער געטאָ — און פון אַלע אַנדערע געטאָס — זענען אין די טעג פון זייער לעצטן קאַמף געווען אַליין און פאַרלאָזן? אָ, ניין, דורות און דורות פון יידישע העלדן, וואָס האָבן אויף פאַרשידענע, אָבער גלייכוווערטיקע אופנים געהאַט מקדש השם געווען, האָבן זיי אינספּירירט, אַלץ נייעם און גרעסערן מוט זיי געגעבן, און די פאָן פון זייער האַנט נישט געלאָזט אַרויספאַלן. דער נשמה־געזאַנג פון די העלדן־מאַרטירער אין די געטאָס האָט אין זיך געטראָגן דעם עכאָ פון טויזנטער יאָרן פון פריערדיקן יידישן העראָאיזם און מאַרטירערטום.
.1953

# אַלמענטשלעכקייט און שלום עליכם

צייט איז דער אָביעקטיוו־סטער און אומפּאַרטייאישסטער ריכטער אויפן געביט פון אָפּשאַצן ווערטן. זי גיט די נויטיקע פּערספּעקטיווע און דערמעגלעכט אַזוי אַרום צו באַטראַכטן פאַקטן, געשעענישן און פּערזענלעכקייטן אין די ראַמען פון ריכטיקער פּראָפּאָרץ.

דער דאָזיקער כּלל איז, נאַטירלעך, אויך אָנווענדבאַר צו דערשיינונגען אין ליטעראַטור. אָפט פּאַסירט, אַז אַ שריפטשטעלער דערוועקט ביי זיין לעבן גאָר אַ שטאַרקן אינטערעס צו זיינע ווערק. ער ווערט, אַזוי צו זאָגן, „אַ מאָדע" און ס'געהערט צום „גוטן טאָן" אים צו לייענען. נישט זעלטן פּאַסירט, אַז די סיבּהס פון אָט דער אַקטועלקייט דאַרף מען זוכן נישט גראָד אין ריין ק י נ ס ט ל ע ר י ש ן אינטערעס. ס'גייען אָבער נישט אַוועק קיין סך יאָרן, און דער אינטערעס צו אים איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, זיינע ביכער ווערן אין די ביבליאָטעקן פאַרדעקט מיט שטויב, און בלויז ספּעציאַליזירטע ליטעראַטור־היסטאָריקער האַלטן נאָך פאַר נויטיק אים צו ווידמען עטלעכע שורות אין אַרבעטן פון ענציקלאָפּעדישן כאַראַקטער.

באַוווּסטקייט, אָדער אפילו באַרימטקייט ביים לעבן פון אַ שרייבער, איז נאָך דעריבער נישט קיין גאַראַנטיע, אַז דער אינטערעס צו זיינע ווערק וועט אויך ווייטער דויערן.

די יאָרן, אַ דור אומגעפער, נ אָ ך דעם טויט פון אַ שרייבער, זיינען, וואָס שייך דעם אינטערעס צו זיין שאַפן, יאָרן פון קריזיס, פון וועלכע ווייט נישט אַלע גייען אַרויס גאַנץ. די ווייט גרעסטע מערהייט קען דעם שווערן עקזאַמען פון דער צייט נישט אויסהאַלטן. די ווייניקע, וואָס באַווייזן עס יאָ, האָבן אַלע שאַנסן אַריינצוטרעטן אין די אויסדערוויילטע מינדערהייט, איבער וועלכע כראָנאָס האָט קיין שליטה נישט. דאָס זיינען יענע ליטעראַרישע שאַפער, וואָס האָבן זיך, דורך זייערע ווערק, אויסגעקעמפט אַ פּלאַץ צווישן די קלאַסיקער.

דאָס איז דער פאַל פון שלום עליכם.

— 2 —

פערציק יאָר נאָך זיין טויט האָט שלום עליכם נישט נאָר נישט פאַר־לוירן גאָרנישט פון דער פּאָפּולאַריטעט, וואָס זיין שאַפן האָט גענאָסן ביי זיין לעבן, נאָר, אומגעקערט, פון צווישן די אַנדערע קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור איז ער דער איינציקער, וואָס ווערט וואָס אַ מאָל מ ע ר געלייענט. נאָך מער, אין משך פון די פיר יאָר־צענדליקער, וואָס זיינען אַריבער זינט יענעם געדענקבאַרן זעכצעטן מאַי, ווען ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה אין ניו־יאָרק, זיינען דערשינען און פאַרשפּרייט געוואָרן איבערזעצונגען פון זיינע ווערק אין מערערע שפּראַכן, איינגעשלאָסן יאַפּאַנעזיש. אין רוסלאַנד זיינען בלויז אין רוסיש אין אָט דעם צייט — אָפּשניט דערשינען פיר מיליאָן עקזעמפּלאַרן פון זיינע ווערק, אומאָפּהענ־גיק פון אַנדערע שפּראַכן, וואָס ווערן גערעדט אין ראַטן־פאַרבאַנד.

ווען מיר וואָלטן נישט געהאַט קיין שום אַנדערע דאַטן וועגן שלום עליכם, צו קענען זיך שאַפן אַ באַגריף וועגן דעם מהות פון זיין שאַפן, וואָלט בלויז אָט דער פאַקט געווען גענוג, אַז מיר זאָלן מיט אַ רואיקן געוויסן קענען באַהויפּטן:

— שלום עליכם איז אַ קלאַסיקער.

וואָס איז דען אייגנטלעך אין דער ליטעראַטור אַ קלאַסי־קער? אַ שרייבער, וואָס אויב מיר נעמען פון זיינע ווערק אַראָפּ די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ב אַ פ אַ ר ב ו נ ג, דעם לאָקאַלן קאָלאָריט פון צ י י ט און אָ ר ט, בלייבט דאָן אַן א ו נ י װ ו ע ר ס אַ־ ל ע ר אינהאַלט. נאַציאָנאַל איז, אַזוי צו זאָגן, די שאָלעכץ; אוניווערסאַל — די יאָדער.

נאָר אַזוי דערקלערט זיך דער פאַקט, אַז סיי טאָלסטאָי און סיי גאָרקי האָבן געזונגען דעם מחבר פון „טוביה דעם מילכיקן" לויב־געזאַנגען, און אים, ווי אַ קינסטלער פון געשריבענעם וואָרט, מער ווי איין מאָל דער־קלערט: אחינו אתה.

נאָר דער או נ י ו ו ע ר ס אַ ל ע ר מאָמענט אין שלום עליכמס שאַפן האָט געקענט אַזוי אַנטציקן דעם אוניווערסאַלן קינסטלער ראָמען ראָלאַן, וועלכער האָט נישט געפונען גענוג סופּערלאַטיוון פאַר אָט דעם יידישן קלאַסיקער.

— 3 —

איינע פון די קלענערע און וויניקער באַקאַנטע דערציילונגען פון

שלום עליכם, איז: „אַוועקגעפּאָרן". אויפֿן פֿעראָן פֿון אַ באַן־סטאַציע ער־געץ אין אַ קליינער שטאָט און אוקראַינע, שטייט פֿאַרן פֿענצטער פֿון אַ וואַגאָן אַ גאַנצע משפּחה. דאָס באַגלייט זי אירן אַ מיטגליד, וואָס פֿאָרט אַוועק ערגעץ וווהין, אין די גרויסע וועלט אַריין. און אָט הערט זיך דער דריטער קלונג פֿון גלאָק, און די רעדער פֿון צוג הויבן אָן זייער לאַנגזאַם, און דאַן וואָס אַ מאָל שנעלער, זיך צו באַוועגן, ביז מ'קען אים שוין באַגלייטן בלויז מיטן אויג: די באַגלייטער זיינען נאָך אָבער אַלע צוגעשמידט מיט זייערע בליקן צום פֿאַרשווינדנדיקן צוג. און דאָ רייסט זיך ביי איי־נעם פֿון זיי אַרויס, מיט אַ טיפֿן קרעכץ: „אַ ו ו ע ק ג ע פֿ אָ ר ן!"

נישט ווייט פֿון אָט דער גרופּע שטייט אַ מענטש אַ פֿרעמדער, וואָס קער זיך מיט אָט דער משפּחה גאָרנישט אָן. ער איז נישט פֿון די באַ־גלייטער, אָבער די נאָסטאַלגישע שטימונג האָט זיך אים איבערגעגעבן; ער האָט באַנומען דעם טיפֿן, ווייטיקלעכן געפֿיל, וואָס ס'אָטעמט אין דעם אַרויסגעבראַכטן קרעכץ, און, ווי אַן עכאָ פֿון אָט דעם, אויף די אויבער־פֿלאַך אַרויסגעבראַכטן טרויער, זאָגט ער צו זיך אַליין: „אַ ו ו ע ק ג ע־פֿ אָ ר ן!".

איז דען וויכטיק ווו און ווען אָט דאָס האָט פּאַסירט, און פֿון וועלכער נאַציאָנאַלער גרופּע די באַגלייטער און דער פֿרעמדער זיינען געווען. אין איינעם פֿון זיינע קליינע ג ר ו י ס ע קונסט־ווערק האָט דאָ שלום עליכם אויסגעדריקט עפּעס, וואָס איז אַ ל מ ע נ ט ש ל ע ך. אָט די דערציילונג האָט געשריבן נישט נאָר שלום עליכם, דער קלאַסיקער פֿון דער י י ד י ש ע ר ליטעראַטור, נאָר אויך שלום עליכם דער ייִדישער קלאַסיקער פֿון דער ו ו ע ל ט־ליטעראַטור.

— 4 —

מיר רעדן אָפּט וועגן מענטשן, וואָס זיינען אַ דורכפֿאַל אין לעבן, ווייל זיי איבן נישט אויס ז י י ע ר באַרוף, דאָס הייסט ד ע ם באַרוף, צו וועלכן זייער האַרץ איז צוגעצויגט, ווייל צו א י ם זיינען זיי באמת פֿייאיק און במילא ב אַ ר ו פֿ ן אים אויס־צואיבן, נאָר זייער באַשעפֿטיקונג איז גאָר עפּעס, צו וואָס זיי האָבן בכלל קיין נייגונג נישט, און במילא אויך נישט קיין אינטערעס און באַציונג. זייער נאָמען איז לעגיאָן. זייער לעבן איז גרוי און זייער האָריזאָנט איז שטענדיק פֿאַרוואָלקנט. זיי זיינען דאָ ביי אַ ל ע פֿעלקער, און זייער פּערזענלעכע געשיכטע איז טיפּיש פֿאַר אַזעלכע „אינדיווידועלע פֿאַלן" אין פֿאַרלויף פֿון די דורות.

אין „אויפֿן פֿידל" ברענגט שלום עליכם אַרויס, אין די ראַמען פֿון ייִדישער נאַציאָנאַלער סביבה — אַ קליין שטעטל ערגיץ ווו און אוקראַינע

אין אָנהויב פון יאָרהונדערט — די געשטאַלט פון אַ קינד, וואָס די נאַטור האָט אים באַשאָנקען מיט מוזיקאַלישן טאַלאַנט, און וואָס אין אים האָט געפלאַמט דער ווילן צו שפּילן אויפן פידל. אָט דאָס איז געווען זיין באַרוף. ווען ער וואָלט אָט דאָס געווען דערגרייכט, וואָלט זיין שפּעטערדיק לעבן געווען איין גרויסער יום טוב, ווייל ווען אַ מענטש טוט, ווי אַ ד׳ערוואַקסענער, דאָס, צו וועלכן די נאַטור האָט אים ווירקלעך באַרופן, טוט ער עס מיט חדווה, מיט כל עצמותי תאמרנה.

איז אָבער זיין סביבה געווען בלינד און טויב צו דעם געשריי, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם גאַנצן קינדס וועזן: „לאָזט מיך זיך זעלבסט־רעאַליזירן!". וואָס דאָס מיינט דאָך ל ע ב ן און נישט וועגעטירן.

אַזוי אַרום שפּילט זיך פאַר אונדזערע אויגן אָפּ אויף קאַרגע צוואַנציק זייטלעך אַ טיפע דראַמע פונעם קינד, וואָס פאַר אים „איז נישטאָ קיין שענערס און בעסערס, ווי אַז מע קען שפּילן אויפן פידל", און וואָס זיין נאָענטסטע סביבה צווינגט אים, דורך איר אַקטיוו פיינטלעכער שטעלונג צו זיין איניקסטן באַגער, אָנצונעמען דעם פאַר אים טראַגישן באַשלוס: „אויס פידל!", וואָס דאָס מיינט פאַר אים פּאַקטיש דאָס זעלבע ווי אַרויס־רייסן אַ שטיק פון זיין אייגענעם האַרץ.

מאָדערנע פּסיכאָלאָגן, וואָס שרייבן אַזוי פיל אויף דער טעמע „דורכ־פאַלן אין לעבן און זייערע סיבות", וואָלטן, צווישן אַנדערע ביישפּילן, וואָס זיי נעמען פון ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור, צו באַקרעפטיקן זייערע באַהויפּטונגען, געדאַרפט די דערציילונג „אויפן פידל" אַריינגעמען, ווי אַן „אָבליגאַטאָ". מיט דער אַריינדרינגונג פון אַ טיפן פּסיכאָלאָג, האָט דאָ שלום עליכם אַרויסגעבראַכט די טראַגיק פון אָט דעם פּאָטענציעלן קאַנדידאַט אויף אַ דורכפאַל אין לעבן, ווייל די שטים פון זיין אמתן „איך" איז פאַרשטומט געוואָרן, זיינע לעגיטימע האָפנונגען זיינען פאַרשניטן גע־וואָרן, און זיין יום־טובדיקייט איז אויף שטענדיק צו וואָך אַרונטערגעוואָרפן געוואָרן.

איז אין דער דאָזיקער דערציילונג שלום עליכם ווידער אַ מאָל ד ע ר שרייבער, וועמען לייענער פון צווישן אַ נ ד ע ר ע פעלקער, וואָס רעדן אויף אַ נ ד ע ר ע שפּראַכן, קענען אויסגעצייכנט פאַרשטיין און טיף באַגרייפן. ווידער אַ מאָל האָט ער דאָ, אין די גרעניצן פון נ אַ צ י אָ ־נ אַ ל ע ר סביבה און פון אַ געוויסער צייט, אַרויסגעבראַכט עפּעס, וואָס איז צ ײ ט ל אָ ז און א ו נ י װ ע ר ס אַ ל.

— 5 —

אָט דאָס זיינע די עלעמענטן, וואָס האָבן שלום עליכמען אַזוי באַליבט געמאַכט ביי אַ מאַקסים גאָרקי און אַ ראָמען ראָלאַן. זיי געפינען

זיך גאָר אָפּט אין זײַנע װערק. װען מיר לײענען, צום בײַשפּיל, „אויף קבר אָבות״, װעגן דער אײנציקער טאָכטער פון אַ ייִדישן פּאַר פאָלק, װאָס האָט אירע עלטערן געמאַכט טרײסטלאָז דורך איר זעלבסטמאָרד, װאָס זי איז באַגאַנגען, װי אַ מאָראַלישער קרבן פון דער „סאַנינשטשינע״, קומען אונדז, נישט װילנדיק, אויפן זינען, בײם אָנקוקן די געשטאַלט פון דער אויף שטענדיק צוזאַמענגעבראָכענער מוטער, די װערטער פון דעם רוסישן פּאָעט ניעקראַסאָװ: „זי, די אומגליקלעכע, װעט קײנמאָל, קײנמאָל נישט פאַרגעסן״. ס׳איז דאָס זעלבע מוטערשע האַרץ, װאָס אין טאָלסטאָיס דערציילונג, בלוטיקט עס, נישט דערפאַר װאָס דער אײגענער זון האָט עס אַרויסגעריסן, כדי צופרידנצושטעלן דעם קאַפּריז פון זײַן פערװערזער געליבטער, נאָר דערפאַר װײַל ער איז אויפן װעג מיט זײַן „טראָפּיי״ אומגעפאַלן און זיך שטאַרק צעקלאַפּט.

טאַקע דערפאַר װײַל פונדאַמענטאַלע מענטשלעכע געפילן זײַנען די זעלבע אין אַלע געאָגראַפישע לענגן און ברײטן, פּונקט אַזוי װי אין אַלע דורות און יאָרהונדערטער, קען אַזאַ דערציילונג, װי „אויף קבר אָבות״, געלייענט װערן מיט טיפער עמאָציע שטענדיק און אומעטום. זי האָט אין זיך יענעם נויטיקן קינסטלערישן פאַרנעם, װאָס מאַכט אָט די דערציילונג פון ײ י ד י ש ן לעבן, אַ פּערל פון דער װ ע ל ט - ליטעראַטור.

און אָט איז אַ דערציילונג, װאָס מאַכט שלום עליכמען אוניװערסאַל פון אַן אַ נ ד ע ר קוק־װינקל: „חסד של אמת״. ס׳איז שװער צו געפינען אין דער ייִדישער, און אפילו אויך אין דער װעלט־ליטעראַטור, אַ פּאַראַלעל פון טראַגיק, אײנגעהילט אין אַ פאַנטאַסטישן אַרום, צו דער, װאָס שלום עליכם ברענגט אַרויס אין אָט דער דערציילונג. װען מיר דערמאָנען זיך די סיטואַציע פון דעם פּראָטאַגאָניסט, אויפן שליטן, אין װעלכן ס׳ליגט דער בר־מנן, אין מיטן פעלד, בײדע שוין כמעט פאַרשאָטן מיטן שניי, װאָס איז אַרויסגעפאַלן אין מיטן נאַכט און װײַל גאָרנישט אויפהערן, — קענען מיר אָנרופן בלויז אײן נאָמען אין דער װעלט־ליטעראַטור, װאָס קען אַזוי שילדערן גרויל און שרעק אין מענטשלעכע סיטואַציעס: עדגאַר אַלאַן פּאָ.

דער, דוכט זיך, אַזוי טיף ייִדישער און ייִדישלעכער ר׳ יוזיפל, כתרי לעװוקעס אַביסל פאַרחוזקטער, אָבער, איז אמתן, שטאַרק באַליבטער מרא דאתרא, אויך ער גײט װײַט אַרויס פון דער ענגער ייִדישער מיליע, זיך צו פאַרװאַנדלען אין אַ אוניװערסאַלן טיפּ. אָט דער מענטש, דער תם וישר, װאָס אין דער דערציילונג „זיך פאַרבענקט אַהײם״, צעװײנט ער זיך אונטערן דרוק פון אויפגעשטורעמטע עמאָציעס, מיט רײנע, קינדערשע טרערן, — ער איז פאַר לײענער פון צװישן אַנדערע פעלקער און אַנדערע שפּראַכן,

די יידישע פאַרקערפּערונג פון דעם אוניווערסאַלן טיפּ פון „סטארעץ", דעם הייליקן, געטלעכן אַלטן מאַן, וואָס פאָדערט  ג אָ ר נ י ש ט  פון דער וועלט און פילט דעם גרעסטן גליק אין דעם  ג ע ב ן  א י ר  דאָס שענסטע פון זיין גייסט.

און זיינען דען כלאוונע און „ראָטשילד" פון די „צוויי טויטע" נישט קיין אוניווערסאַלע טיפּן, פון יענע, וואָס דאָסטאָיעווסקי רופט זיי אָן „די דערנידעריקטע און באַליידיקטע", און וואָס וואַריאַציעס אויף זייער טעמע געפינען מיר ביי גאָרקין, אין אַזעלכע זיינע ווערק, ווי „מיינע אוניווער־זיטעטן" און „אויפן אָפּגרונט"?

טאַקע אָט דאָס, דאָס  א ו נ י ו ו ע ר ס אַ ל ע  אין שלום עליכם, האָט אים געזיכערט זיין פּלאַץ, ווי אַ קלאַסיקער, צווישן די אויסדערוויילטע שאַפער אין דער  ו ו ע ל ט ־ ליטעראַטור.

.1956

# טוביה של מעלה

אומשטערבלעכער טוביה!

ווידער אַ מאָל געפין איך זיך אונטערן כישוף פון דיין איינציקאַרטי־קער, פּאַסצינירנדיקער פּערזענלעכקייט. דיין לוויַטנדיקער גוטמוטיקער פּנים שטייט מיר פאַר די אויגן, און דיין גייסטיקער אינהאַלט מאַכט מיך נאָכצוטראַכטן וועגן אים.

עפּעס ענלעכס איבערלעב איך יעדעס מאָל, נאָכדעם, ווי אויף די ברייטע שליאַכן פון דער וועלט־ליטעראַטור באַגעגן איך זיך מיט דער וואונדערלעכער געשטאַלט פון דעם ריטער פון לאַ מאַנטשאַ, וואָס געוויסע כאַראַקטער־שטריכן זיינע דערמאָנען מיך אַזוי שטאַרק אין דיר.

דיין אויסערלעכקייט שאַפט מיר אַ הייטערע שטימונג, און גאָר אָפּט עסטעטישן גענוס; דיין אינערלעך וועזן, וואָס איך טו שטענדיק באַוואונדערן, פילט מיך אין געוויסע מאָמענטן אָן מיט אַנטציקונג, וואָס פאַרוואַנדלט זיך גאָרנישט זעלטן אין ערפורכט.

דו ביזט אייגנטלעך נישט א י י ן טוביה דער מילכיקער; ס'לעבן אין דיר, האַרמאָניש, צוזאַמען צוויי: אַ טוביה של מטה און אַ טוביה של מעלה.

אויך דער טוביה של מטה איז אַ גרויסער, גאָר אַ גרויסער יש: דיין באַשאַפער האָט דורך דיר קינסטלעריש, פאַראייביקט אַ קאַפּיטל יידישן לעבנס־שטייגער אין אַ געוויסער צייט, אין אַ געוויסן פּונקט פון דער יידי־שער וועלט־מאַפּע; ער האָט גלייכצייטיק, דורך דיינע ליפּן, אַרויסגעבראַכט אין איר פולער פּראַכט די שיינקייט פון דער יידישער שפּראַך. איר רייכ־קייט, איר בויגזאַמקייט און איר פּקחותדיקייט, די לעבנס־חכמה, וואָס דורות און דורות פון לייד און פּיין אונזער פאָלק האָבן אין איר אַריינגעבראַכט.

— 2 —

אָט דאָס אַלץ וואָלט דיך, טוביה, נאָך אָבער נישט פאַרוואַנדלט אין אַ

וועלט־פיגור, בעסער געזאָגט, אין אַ גלייכבאַרעכטיקטע פיגור צווישן די, וואָס שיינען ווי ליכטיקע שטערן, אויפן האָריזאָנט פון דער וועלט־ליטעראַטור; ווי אַ פיגור מיט אַ אוניווערסאַלער באַדייטונג, דאָס הייסט, ווע־מענס ליידן און פריידן, האָפענונגען און אַנטוישונגען, אום אָנצורופן בלויז עטלעכע פון די פונדאַמענטאַלע מענטשלעכע געפילן, זענען, ווי אַזעל־כע, באַגרייפלעך שטענדיק און אומעטום. מיט בלויז דעם פאָלקסטימלעכן און פאָלקלאָרישן הינטערגרונט, און מיט דיין געשמאַקן פערלדיקן יידיש, וואָלטן זיך פאַר דיר די טירן פון דעם פאַרנאַס פון דער וועלט־ליטעראַטור נישט געעפנט. דיין בייטראַג האָט געמוזט זיין פון אַ פאַרנעם אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב. די שליסלען צו איר האָט דיר געגעבן דער אַנדערער טוביה, דער טוביה של מעלה. ער, דער העכערער, דער גייסטיקער איב־האָלט דיינער, האָט דיך אָוועקגעשטעלט אין איר אויף דער זעלבער מדרגה, ווי די, אויף וועלכער ס'שטייט, לאָמיר זאָגן, דער ריטער פון לאַ מאַנטשאַ.

איך האָב ווידער אַ מאָל דערמאָנט דאָן קיכאָטן, ווייל אין מיין פאָר־שטעלונג ביזטו, טוביה, שטאַרק ענלעך צו אים. ס'פאַרבינדט אייך ראשית כל איין געמיינזאַמער שטריך: אידעאַליזם, אַ טיף פאַרוואָרצלטע בענק־שאַפט נאָך העכערע ווערטן.

כאָטש די ביטערע ווירקלעכקייט בויגט דיך, טוביה, אַזוי אָפט צו דער ערד, ביזטו אָבער קיינמאָל קיין סאַנטשאָ פאַנסאָ נישט געווען. זיין, סאַנ־טשאָס, לעבנס־פילאָזאָפיע האָסטו קיינמאָל ניט אָנגענומען און קיינמאָל זיך לויט איר נישט געפירט. אויך דאַן, ווען דו מוזט האַנדלען ערדיש, זענען דיינע אויגן געווענדט צום הימל, וווּ, פאַר דיר איז דאָ אַ גאָט, וואָס קעגן אים מורמלסטו גאָר אָפט ד׳יין נישט צופרידנהייט, און וואָס פון דיין גלויבן אין אים און אין זיין גערעכטיקייט, קענען דיך אָבער קיינער און קיין שום זאַך אין לעבן נישט אָוועקרייסן.

— 3 —

ווען איך רעד, טוביה, וועגן דיר, ווי וועגן אַ גלייכבאַרעכטיקטער צווישן די ריזן־פיגורן פון דער וועלט־ליטעראַטור, מיין איך דעם העכערן וועזן אין דיר: די גייסטיקייט, וואָס דיין באַשאַפער האָט אין איר, אַזוי צו זאָגן, אַריינגעבלאָזן, און וואָס איז אַלמענטשלעך. דאָס מיינט, אַז ס'מאַטערן דיך די גרויסע, ביז איצט נאָך נישט פאַרענטפערטע פראַגן וועגן דעם וועזן פון דעם וועלט־באַשאַף, וועגן דעם זין פון לעבן און טויט, און וועגן דעם וועג פון דעם מענטשן דורך זיין ערדישער עקזיסטענץ.

ווען איך באַטראַכט דיך, טוביה, פון אָט ד ע ם קוק־ווינקל, דער־מאָנסטו מיך ראשית כל אין איובן. איך קען זיך נישט דערמאָנען קיין שום אַנדערע געשטאַלט, סיי אין דער יידיש־העברעאישער און סיי אין דער

אַלגעמיינער ליטעראַטור, וואָס זאָל אים זײַן אַזוי נאָנט, ווי אַ ברודער אין לײַדן, און אין דער רעאַקציע צו אייגענער פּײַן, ווי דו, טוביה, ביזט עס.

„איש היה בארץ אוץ איוב שמו”, וואָלט מען, מיט רעכט, געקענט פּאַראַפראַזירן, זאָגנדיק: „איש היה בארץ אוקריינע טוביה שמו”. און די כאַראַקטעריסטיק, וואָס דער תנ"ך גיט וועגן איובן, קען מיטן זעלבן רעכט, אָנגעווענדט ווערן אויך צו דיר טוביה: „והיה האיש ההוא תם וישר וירא אלהים וסר מרע”.

און פּונקט אַזוי ווי ס'פּאַסירט מיט אַלע באמת גרויסע גייסטער, ווערט אויך ד י י ן גייסט, טוביה, געלייטערט דורך פּײַן, און ס'עפענען זיך פאַר דיר נײַע האָריזאָנטן, די פון דעם זוכנדיקן, טיף גראָבנדיקן געדאַנק, וואָס, שטעלנדיק זיך העכער פון דעם רײַן־פּערזענלעכן אין דעם מענטשנס לײַדן, שטעלט ער זײַן „פאַרוואָס?” וועגן מענטש בכלל. ווען ס'איז באָו מים עד נפש; ווען דו גייסט, טוביה אין לעבן דורך פּורניות, וואָס דו זאָגסט וועגן זיי, אַז זיי זענען ערגער אפילו פון חיבוט הקבר, דאַן ווען ס'ווילט זיך דיר, צוזאַמען מיט איובן, אויסשרײַען: „אָרור יום הולד בו והלילה אָמר הורה גבר”, — דאַן קומען אין איר צום אויסדרוק נישט די פּערזענלעכע, נאָר אַלגעמיינע, אַלמענטשלעכע „פאַרוואָס?”ן די דראַמע פונעם יידן צווישן די אומות, די טראַגיק פונעם מענטשן, דער צער פון דער וועלט אין אָנבליק פון דעם סוד פון לעבן און טויט: דער „וועלט־שמערץ”.

אין אַזעלכע מאָמענטן, טוביה, ביזטו נישט נאָר איובדיק; דו האָסט דאַן אין זיך אויך עפּעס פון דעם פּאַטאָס. וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די העלדן פון די גריכישע קלאַסישע טראַגעדיעס: די אָנמאַכט פון דעם מענטשן אין אָנבליק פון דעם פאַטום: זײַן גלײַך פון אָנהויב פאַרלאָרענער קאַמף קעגן אַ העכערער קראַפט, וואָס פירט אים אומפאַרמײַדלעך צו זײַן אונטערגאַנג. אין אָט דער הינזיכט ביזטו, טוביה, איינע פון די פּאַטעטישסטע געשטאַלטן אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור.

— 4 —

אָבער אויב דו ביזט אָנמעכטיק קעגנאיבער דעם פאַטום, „מאָיראַ”, דעם אויבערשטן, וואָס זײַנע וועגן זענען דיר אומבאַקאַנט, און וואָס מער ווי איינמאָל ביזטו אָבער קעגן אים און זײַן משפּט דיר קעגנאיבער איראָניש, און אפילו פאַרקאַסטיש, — קען דאָס אָבער דיך נישט אָפּהאַלטן פון אַרויסזאָגן און, נישט זעלטן, אויסשרײַען דײַן פּראָטעסט וואָס שייך די באַציאונגען פון מענטש צו מענטש, בין אָדם לחברו.

אויב וואָס שייך מעטאַפיזישע פראַגן ביזטו, טוביה, אַ וואַריאַציע אויף דער איוב־טעמע, זענען די געדאַנקען, וואָס דײַן באַשאַפער האָט דיר אַרײַנגעלייגט אין מויל אין באַצוג צו מענטש־באַציאונגען, אַ וואַ־

ריאַציע אויף דער טעמע פון סאָציאַלן יושר און סאָציאַלע זינד, וואָס איז אויף אַ קלאַסישן, פאַר אַלע צייטן און פעלקער גילטנדיקן אופן, באַהאַנדלט געוואָרן דורך אונזערע נביאים.

ווי אַ רויטער פאָדים, ווי אַ לייט־מאָטיוו, גייט דורך אין דיינע געדאַנ־קען וועגן מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, די פאַרביטערונג קעגן דער אומגע־רעכטיקייט און, פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, נישט דערלאָזבאַרקייט פון דעם, וואָס עמוס האָט אַזוי לאַקאָניש און פּילזאָגנדיק אויסגעדריקט מיט די געציילטע ווערטער: „על מכרם בכסף צדיק ואביון בעבור נעלים".

און, ווען רעדנדיק וועגן דיין צאַצקעדיקן אידעם פּדהצור, זאָגסטו מיט גאַליקער איראָניע, אַז ער האָט, מיט זיין היפּאָקריטישער האַנדלונג דער־בראַכט צו אַ סיטואַציע, אין וועלכער „איך בין נישט איך און דו ביזט נישט דו", חזרסטו, טוביה, אומבאַוווסטזיניק, איבער ישעיהוס אויסגע־שריי: „הוי האומרים לרע טוב ולטוב רע שמים חושך לאור ואור לחושך שמים מר למשק ומשק מר".

כאָטש דו ביזט, טוביה, אויסערלעך, קאָנסערוואַטיוו, און דו כאַפּסט נישט אויף קאָנקרעט דעם זין פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, — ביזטו אָבער, גרונטזעצלעך, אין די טיפענישן פון דיין אינערלעכן וועזן, מיט די מאַר־טירער, מיט די אויף קידוש השם־גייער פון אַלע צייטן, וואָס האָבן זיך געבראַכט פאַר אַ קרבן, כדי זייער אידעאַל זאָל פריער אָדער שפּעטער זיגן.

דערפאַר, כאָטש ריין־אויסערלעך פאַרשטייסטו זיך נישט מיט פּעפּערל, און דו שפּאַסט אָפּט, גוטמוטיק, אויף זיין חשבון, ביזטו אָבער אין האַרצן און אין דער נשמה מיט אים, און מיט אַלע זיינס גלייכן, וואָס די סאַנטשאָ פּאַנסאָ — לעבנס־פילאָזאָפיע איז פאַר זיי סם, און וואָס פונקט אַזוי ווי די, טראָגן אויך זיי אין זיך אַ סך פון דעם אידעאַליסטישן גייסט פון דעם ריטער פון לאַ מאַנטשאַ.

— 5 —

דעם טוביה של מטה אין דיר, באַוווּנדער איך; פאַר דעם העכערן טוביה אין דיר, פאַר דעם טוביה של מעלה, שטיי איך מיט ערפורכט, ווי פאַר איינעם פון די שענסטע סימבאָלן פון קאָנצענטרירטער, טיף גראָבנדיקער דענקערישקייט און פון איידעלער, שטענדיק צו דער עקדה גרייטער מענטשלעכקייט, וואָס זיי קענען ביידע געמאָסטן ווערן בלויז מיטן מאָסשטאַב פון אַלמענטשלעכקייט און פון אייביקייט.

.1959

# „טוביה" אויף דער בינע

ס'זענען דאָ צוויי אופנים פון אַרויסברענגען אויף דער בינע טוביהן: אַ פאַלשער און אַ ריכטיקער. דורכן ערשטן ווערט אַרויסגעבראַכט אַ קאַריקאַטור פון אים; דורכן צווייטן קריגט טוביה זיין קינסטלערישן תיקון, און קומט אויף דער בינע צום לעבן אין זיין גאַנצער גייסטיקער שיינקייט און פראַכט.

דער פאַלשער אופן פאַרצושטעלן טוביהן באַשטייט אין פאַרמעלאָדראַמאַטעווען אים; אין מאַכן אים אויסזען מגושמדיק און האַנדלען עפּעס ווי אַ „יידישער מוזשיק", ווי דער פאַרשטאַרבענער ספּעקטאָר האָט אָנגערופן זיין ראָמאַן. דער פאַרמעלאָדראַמאַטעווער טוביה באַוועגט זיך אויף דער סצענע האַלב-אומגעלומפּערט און האָט אַ פּנים פון חוזק. ער איז מסוגל צו „רייסן קוליסן" און איז פון אָנהויב ביזן סוף ווולגאַר. זיינע שווערע איבערלעבונגען גייען אונדז עפּעס ווי פאַרביי, ווייל זיי ווערן פאַרטרונקען אין זיין ריין אויסערלעכער האַלטונג, וועלכע איז קאָמיש, וואָס פון פסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט מיינט עס, אין אַ געוויסער הינזיכט, מינדערווערטיק.

דער ריכטיקער צוגאַנג צו טוביהן איז אַ דיאַמעטראַל קעגנגעזעצטער. ער האָט גאָרנישט צו טאָן מיט מעלאָדראַמע; ער ברענגט אַרויס טוביהס דראַמע. דער דאָזיקער טוביה איז טיף פּאַטעטיש. ער ווירקט גישט קאָמיש, נאָר טראַגיש, זיין פּאַטעטישקייט קומט צום אויסדרוק נישט דורך קאָנוולסיווקייט, נאָר, אומגעקערט, דורך פיינעם, פערלדיקן הומאָר. אויף אַזאַ מין טוביה קוקן מיר נישט פון אויבן אַראָפּ; מיר קוקן צו אים פון אונטן אַרויף; אונדזער באַציונג צו אים איז נישט פון לייכטן שפּאָט, נאָר פון גרויס אַכטונג.

ווייל שלום עליכמס טוביה, ריכטיק אויפגעפאַסט, איז אַ סך מער ווי בלויז טוביה דער מילכיקער; ער אוז טוביה של מעלה: די פאַרקערפּערונג פון דעם אוניווערסאַלן איוב-טיפּ אין אַ יידישער באַפאַרבונג; ער איז אַ

סימבאָל פון אַלע ליידנדיקע, וואָס דאָס ליידן, אָנשטאָט זיי, גייסטיק, צו צעברעכן, פּולירט עס זיי און ברענגט אַרויס אויף דער אויבערפלאַך דאָס שענסטע און נאָבעלסטע פון זייער רירנדיקער, דערהויבענער מענטשלעכקייט.

איינער פון די ליטעראַריש־קריטישע עסייען, וואָס האָבן דעם פאַר־שטאָרבענעם שמואל ניגער געהאָלפן אויף אַ באַזונדער ווירקזאַמען אופן צו פאַרנעמען דעם אויבן־אָן אין דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק, איז זיין קלאַסישע, אין ברייטסטן און טיפסטן זין, אָפּהאַנדלונג, וואָס דאָס לייע־נען איר באַרייכערט שטענדיק פון דאָס ניי דאָס וויסן פון דעם לייענער, און פאַרשאַפט אים ווידער אַ מאָל עסטעטישן גענוס, און וואָס הייסט: „טוביה דער מילכיקער, ווי אַ אוניווערסאַלער טיפּ".

אַזוי אים אַרויסצוברענגען אויף דער בינע: ווי אַ אוניווערסאַלן טיפּ, איז אַ זייער שווערע, אָבער אויך אַ זייער דאַנקבאַרע אויפגאַבע פאַר אַן אַקטיאָר, וואָס פרעטענדירט נישט בלויז אויף פּראָפעסיאָנאַליזם, נאָר טאַקע אויך אויף קינסטלערישקייט. און ווער עס באַווייזט אַזוי צו פאַר־קערפּערן טוביה דעם מילכיקן, איז אַ קינסטלער־אַקטיאָר, מיטן אַקצענט אויפן „קינסטלער".

.1959

# וועלכער שלום אש?

זאָט אין יאָרן און איבערזאָט מיט געקראָגענעם כבוד, פון זיין אייגע־נעם פאָלק, ווי אויך פון דער גרויסער, נישט יידישער סביבה, האָט שלום אש פאַרלאָזן אונדזער זינדיקע וועלט. איז געווען נאַטירלעך, אַז ביי זיין פרישן קבר זאָלן געמאַכט און געשריבן ווערן הספדים, פונקט אַזוי ווי ס׳איז אויך נאַטירלעך, אַז אין מאַנכע פון זיי זאָל האָבן געפאַלן אַ קרבן דער זין פאַר מאָס און פראָפּאָרץ. עס האָבן זיך געפונען מספידים, וואָס האָבן זייער לויב־געזאַנג נישט באַגרענעצט, נאָר אים אַנגעווענדט צום גאַנצן שלום אַש. זיי האָבן אים פאַראַלגעמיינערט, און עס האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז אַשס גאַנצע ליטעראַרישע ירושה באַקומט אונדז וויל.

איז כדי אונדזער שבח וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם גרויסן יידישן שריפטשטעלער זאָל נישט אַרויס פון די געזונטע נאָרמען, מוזן מיר אָנ־הויבן מיט דער באַהויפּטונג, אַז דער גאַנצער ליטעראַרישער נאַכלאַז פון שלום אַש באַקומט אונדז נישט וויל. פונקט אַזוי ווי מיר האָבן עס גע־טאָן ביי זיין לעבן, איז עס אונדזער חוב צו טאָן אויך נאָך זיין טויט: זיך אָפּצוטרייסלען אַזוי שטאַרק ווי מיר קענען עס נאָר, פון יענעם, לויט אונ־דזער איבערצייגונג, טרויעריקן קאַפּיטל אין שלום אַשס ליטעראַרישער קאַריערע, וואָס, וואָרצלענדיק נאָך אין דעם „תהלים־ייד", האָט ער זיך פאָרמעל אָנגעהויבן מיטן „נוצרי", זיך ממשיך געווען אין דעם „אַפּאָס־טאָל" און געפונען זיין קלימאַקס אין דעם „מאַריאַ"־בוך.

„היט מיך גאָט פאַר מיינע פריינט, פאַר מיינע פיינט וועל איך זיך שוין אַליין היטן", זאָגט אַן אַלט שפּריכוואָרט. די טובה, וואָס שלום אַש האָט אונדז געוואָלט מיט אָט די דריי ביכער טאָן, איז געווען אַ בערישע טובה, וויל מיט זיין אידעאַליזירן אָט די, היסטאָריש, נעבלהאַפטע פיגורן, האָט ער אַריינגעשפּילט אין די הענט פון יענע קריסטלעכע עלעמענטן, וואָס, צוליב אַלערליי טעמים, צווישן זיי אַנטיסעמיטיש־דעמאַגאָגישע, האַלטן זיי

פאַר נייטיק אָנצוגיין מיטן בלבול וועגן יידישער שולד אין דער קריסטוס־„אַפעיר".

אָבער אויסער דעם אַלעם, איז אָט דער קאַפּיטל, פון שטאַנדפּונקט פון אויטענטישער קינסטלערישקייט, דער סאַמע בלאַסער אין שלום אַשס לאַנגער ליטעראַרישער קאַריערע. נישט אַפילו מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג פון אונדזער גוטן ווילן, קענען מיר זיך באַפרייען פון דעם טוכלען ווייראַך־רוח, פון דער ביז צום נודיען איבערפליסנדיקער שמן זיתדיקייט, וואָס טראָגט זיך צו אונדז כמעט פון יעדער זייטל פון אָט די דריי, מער גע־קינצלטע ווי קינסטלערישע ווערק. דער זעלבער אַש, וואָס אין זיינע באמת גרויסע שאַפונגען באַווייזט ער צו זיין דער מייסטער־שילדערער פון שטאַרקער, אָפּטמאָל אויפגעברויזטער עמאָציע, איז אין די ווערק פון זיין „קריסטלעך־יידישן" פּעריאָד נישט מער ווי לאַקריצעדיק־זיס און אויפ־געבלאָזן־סענטימענטאַל. געוויס, פון פאַרלעגערישן שטאַנדפּונקט זענען גראָד אָט די ביכער געווען זיין גרעסטער דערפאָלג; זיי זענען אָבער דער גרעסטער דורכפאַל, ווי ווערק פון שלום אַש דעם קינסטלער.

— 2 —

וואָס ס'האָט אונדז געמאַכט שטיין ביי זיין קבר מיט געבויגענע קעפּ, זענען גאַנץ אַנדערע ווערק פון דעם פאַרשטאָרבענעם שריפטשטעלער. דאָס זע־נען די ביכער, אין וועלכע שלום אַש האָט זיך אַליין, ביי זיין לעבן, אויפ־געשטעלט אַ נישט צעשטערבאַרן מאָנומענט. דאָס זענען יענע ווערק, וואָס גאָר אַ סך פון זיי זענען ערשט־קלאַסיקער מאַטעריאַל צו זיכערן אונדזער גייסטיקן המשך דורך לערנען זיי מיט יידישע קינדער אין יידישע שולן.

מיר בויגן אונדזערע קעפּ פאַרן אָנדענק פון יענעם שלום אַש, וואָס האָט אין זיין „קידוש השם" אַרויסגעבראַכט אויף אַן אומפאַרגלייכלעך שיינעם און טיפן אופן דאָס וועזנטלעכע פון יידישן גייסט, אַלץ איינס ווען ער אַנטפּלעקט זיך: צי דאָס איז אין די צייטן פון דער „כשוף־מאַכערין פון קאַסטיליע", צי דאָס איז אין די יאָרן פון די גזירות פון ת"ח און ת"ט. דאָס יידיש פאָלק וועט אייביק געדענקען דעם שלום אַש, וואָס האָט אין „קידוש השם" באַוויזן אויסצומאָלן די אויפטרייסלענדיקע, ביז צו די טיפ־סטע טיפענישן פון אונדזער האַרץ און נשמה רירנדיקע סצענע פון דער מוטערס טאַנץ מיט דעם אָפּגעשניטענעם קאָפּ פון איר זון, דעם בעל־עגלה, וואָס איז דעם נסיון פון שמד בייגעשטאַנען. ווי בלאַס, ווי אומבאַדייטנ־דיק קומט אַרויס אין פאַרגלייך מיט אָט דער, אין אַן אַטמאָספערע פון טראַגיק, אָנגעהויכט מיט הייליקייט פאַרקומענדיקער סצענע, דער טאַנץ פון אָסקאַר ווײַלדס פון תאווה ווילד געוואָרענער סאַלאָמע, מיט דעם קאָפּ פון יוחנן אין אירע הענט!

כבוד גיבן מיר אָפּ דעם אָנדענק פון יענעם שלום אַש, וואָס האָט אין זיינע „דריי שטעט" פאַרצויגן איינעם פון די גרעסטע לייווענטן פאַר ליי־טעראַרישער מאָלעריי אין דער ליטעראַטור פון גאָר דער וועלט, און וואָס כדי צו געפינען זיין פּאַראַלעל, דאַרף מען דערמאָנען, ווי אַ ביישפּיל, אַזעל־כע מייסטער פון דעם ליטעראַריש־קינסטלערישן פּענדזל, ווי באַלזאַק און, שפּעטער, טאָלסטאָי. ס'איז גענוג בלויז צו דערמאָנען די געשטאַלט פון דער פרוי הורוויץ, כדי עס זאָל אין דעם לייענערס זכרון אויפטויכן איינע פון די נאָבלסטע פרויען־געשטאַלטן נישט נאָר אין דער יידישער, נאָר אויך אין דער וועלט־ליטעראַטור.

— 3 —

ווער קען דען פאַרגעסן די וואָרצלדיק־טיפע עמאָציעס, וואָס ס'רופט אין י ע ד ן יידישן לייענער אַרויס זיין „געזאַנג פון טאָל", וואָס איז איינער פון די גרעסטע הימנען צום לעבן און צו יוגנט, זיין פאַרקערפּערער דורך דער אייביקייט. אַ ווירדיקער קאָמפּאַניאָן צו „ארץ ישראל", אין וועלכן שלום אַש האָט, וואָס שייך דער קונסט פון נאַטור־באַשרייבונג, אַריבערגעיאָגט נישט איינעם פון די באַרימטע מייסטערס אויף אָט דעם געביט אין אַנדערע ליטעראַטורן, ווי עס זאָגט אויף דעם עדות זיין שילדערן דעם לבנון, געזען פון אַ שיף, וואָס דערנענטערט זיך צו די ברעגן פון ארץ־ישראל:

„די זון באָדט זיך אין זיינע שנייען, איידער זי גייט אויף איבער דער וועלט צו שיינען... באָדט זיך און רייניקט זיך אין אים, און שניי פלאַקערט אין דער זון, און שניי־ליכט און הימל־ליכט קומען זיך אין איין העלן פלאַם צוזאַמען און זיי באַגיסן דעם גאַנצן שטח מיט ליכט אַרום... ווי שטיקער געפּאַלענע וואָלקן זעט דער גאַנצער באַרג אויס, — זיין קאָפּ שטייגט אין הימל אַריין, און עס יאָגן די וואָלקנס איינער נאָכן אַנדערן איבערן הימל ברייט אַרום, און זיי קומען אָן צום באַרג־שפּיץ און גליטשן זיך איבער אים אַראָפּ און ליגן אויף אים ווי געבראָכענע שטיקער הימל; און די זון צעלאָזט מיט אירע שטראַלן וואָלקן און שניי, און זיי גיסן זיך אינאיינעם ווי אַ פלאַמענדיקער העלער שניי־טייך, שניי־וואַל און זון — וואַל, און פאַלן פון דער הויך און צעברעכן זיך אויף טויזנטער שיפן. און מיט זונען־לאַכן און שטראַל־געשריי לאָזט זיך דער זונען־טאַנץ שטראָמענדיק איבערן באַרג אין ברייטן, ליכטיקן ים אַריין".

פונקט אַזוי ווי אין אַ טראָפּן וואַסער צי אין דעם בלאַט פון אַ בוים זעט זיך די גרויסקייט און מאַיעסטעטישקייט פון דער ג אַ נ צ ע ר נאַטור, אַזוי זעען מיר אין אָט דער נאַטור־שילדערונג דעם גאַנצן וועזן פון דעם קינסטלער פון צווישן קינסטלער, וואָס ס׳איז געווען שלום אַש, ווען ער האָט זיך געפונען אין ז י י ן ע ל ע מ ע נ ט , דאָס הייסט ווען ער איז געווען ע ר , שלום אַש, דער קינסטלער פון טיפער מענטשלעכקייט, פון טיפער נאַציאָנאַלער פאַרוואָרצלטקייט, וואָס גייט האַנט אין האַנט מיט עכטער פאָלקסטימלעכקייט, פון איין זייט, און פון דער צווייטער, אַש, דער מייסטער־קינסטלער, וואָס זיין גייסט אידענטיפיצירט זיך מיט דער געוואַלטיקייט פון דעם וועלט־באַשאַף, מיט דער נאַטור אין איר גאַנצער הערלעכקייט און פראַכט.

— 4 —

אָט די שורות פּרעטענדירן נישט צו זיין אַן אָפּשאַצונג און אַפילו נישט קיין קורצע כאַראַקטעריסטיק פון שלום אַשס ליטעראַריש־קינסטלערישן מהות; און שוין געוויס נישט אָנצוצייכענען זיין טראַיעקטאָריע זינט ס׳איז דערשינען זיין קליין בוך און מאָנומענטאַל ווערק, וואָס ס׳איז זיין „שטעטל", ביז זיין נישט גאָר געלונגענעם „שוואַנען־געזאַנג" וואָס ס׳איז זיין „משה". זיי באַצוועקן בלויז אונדזער ווילן אָפּצוגעבן — אויף אונדזער אייגענעם אופן — כבוד דעם אָנדענק פון אַ יידישן קלאַסיקער, וואָס האָט זיך אין אַ סך פון זיינע שאַפונגען דערהויבן צו דער שווער דערגרייכבאַרער מדרגה פון אַ שרייבער פון וועלט־פאַרנעם, ווייל ער האָט אין זיי אָנגערירט אַל־מענטשלעכע סטרונעס, און איז אַזוי אַרום געווען איינער פון די אַריינברענגער פון אונדזער יידישער ליטעראַטור, ווי אַן אינסטרומענט, אין דעם אָרקעסטער פון דער וועלט־ליטעראַטור.

.1957

# שטריכן פון יוסף אָפּאַטאָשו

די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור: מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם, האָבן דעם ראָמאַן־זשאַנער נישט קולטיווירט. דעם ראָמאַן אין זיין אייגנטלעכן זין, דאָס הייסט אַ לענגער ווערק, אין וועלכן ס׳ווערן באַשריבן דאָס לעבן און די האַנדלונגען פון איין צענטראַלער פּערזענלעכקייט אָדער פון עטלעכע הויפּט־פיגורן, מיט דעם הינטערגרונט פון זייער היסטאָרישער און סאָציאַלער סביבה, און ס׳ווערט אַריינגעדרונגען אין זייער, אַזוי צו זאָגן, גייסטיקער ביאָגראַפיע, אין די פּסיכאָלאָגישע מאָטיוון פון זייער טאָן אָדער נישט טאָן, — אָט די ליטעראַרישע פֿאָרם געפינען מיר נישט ביי אונדזערע קלאַסיקער. איר אויסצונוצן און אין אָט דער פאָרם צו שאַפן ווערק לדורות, איז איבערגעלאָזן געוואָרן פאַר קינסטלער־בעלעטריסטן פון דעם צווייטן דור, וואָס האָבן פון די קלאַסיקער איבערגענומען און הויך געהאַלטן די פאָן פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור אויף יידיש.

איינער פון אָט די קינסטלער־בעלעטריסטן, וואָס האָט, פּאַראַלעל צו שלום אַש, דוד בערגעלסאָנען, י. י. זינגערן און זלמן שניאורן, געשאַפן, ווי אַ ראָמאַנען־שרייבער, אייביקע ווערטן, דאָס הייסט ווערק פון אַ *קלאַסישן* כאַראַקטער, ביכער, וואָס זייער קינסטלערישער ווייז וועט גאָרנישט פאַרלירן פון זיין עסענץ און געשמאַק אויך ווען איבערגעזאָגן אין *אַנדערע* שפּראַכלעכע לאָגלען, — איז געוועזן יוסף אָפּאַטאָשו.

באַגאַבט פון דער נאַטור מיט אַן אויסערגעוויינלעכן לינגוויסטישן חוש, וואָס איז געשטאַנען צו דינסט זיין פונקט אַזוי שטאַרקער פּסיכאָלאָגישער אַריינדרינגונגס־קראַפט, וועלכע איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט אַ קיינמאָל נישט געשטילטער דורשט צו שטודירן און וויסן, דורך אָפטן רייזן און דורך אומאויפהערלעכן לייענען פון איין זייט; און פון דער אַנדערער, באַשאָנקען מיט אַ זעלטענעם טאַלאַנט צו ליטעראַרישער אָרגאַניזירונג פון זיינע אומאויסשעפּלעכע מעגלעכקייטן ווי אַ דערציילער און באַשרייבער, — האָט ער דאָס אַלץ מיט אייפער אויסגענוצט כדי אומאויפהערלעך צו

באַרייכערן די יידישע ליטעראַטור מיט ווערק, וואָס אַ סך פון זיי גייען אַרויס פון ריין נאַציאָנאַלע ראַמען און ווערן אַ יידישער בייטראָג צו דער וועלט־ליטעראַטור.

ס'איז אפשר נישט קיין צופאַל וואָס אָפּאַטאָשו האָט שטודירט אינזשינעריע, וועלכע ער האָט זיך געקליבן צו מאַכן פאַר זיין לעבנס־פאַך איידער ער האָט באַשלאָסן, אַז זיין שעפעריש לעבן געהערט דער יידישער ליטעראַטור. זעלטן ווער פון די יידישע מייסטער־בעלעטריסטן עס באַזיצט אין אַזאַ גרויסער מאָס די קונסט פון פלאַנירן, וואָס דער מחבר פון אַזעלכע עפּאָכע־מאַכנדיקע ראָמאַנען, ווי „אין די פוילישע וועלדער" און „רבי עקיבא" האָט אָנגעווענדעט צו זיינע ווערק. אָפּאַטאָשו דער ראָמאַנען־שרייבער איז די פאַרקערפּערונג פון שטרענגן מאַטיריאַל־אָפּקלייב, פון סטיליסטישער אָריגינעלקייט און שפּראַכלעכער צוגעפּאַסטקייט און בויגזאַמקייט. גאָרנישט איז אין זיין שרייבן צופעליק אָדער ריין דעקאָראַטיוו; אַלץ איז אין זיינע ראָמאַנען מאַסיוו געבויט, האָט אַן אינערלעכע לאָגיק, איז פונדאַמענטאַל־מענטשלעך און במילא ריכטיק און אויפריכטיק.

זיין גייסטיק־קינסטלעריש אויג האָט געזוכט דורכצודרינגען דאָס יידיש לעבן אין רוים און צייט. פּונקט אַזוי ווי ס'האָט אים אינטערעסירט דאָס עסענציעל יידישע אין דעם האַלבן יאָרהונדערט, וועמענס מיטצייטלער ער איז געווען, אַזוי האָט זיך זיין בליק געצויגן צו יידישער פאַרגאַנגענהייט, דורכגייענדיק דורך דעם מיטלאַלטער אין אייראָפּע, און גראָבנדיק אַלץ טיפער, ביז צו יידישער אור־אַלטקייט אין ארץ־ישראל.

אָבער אָפּאַטאָשוס גרויסקייט ווי אַ ראָמאַנען־שרייבער, טאָר אונז נישט מאַכן פאַרזען זיין מייסטערשאַפט אין אַן אַנדער פאָרם פון קינסטלערישן שאַפן, וועלכע איז פּונקט דער קעגנזאַץ פון דער מאָנומענטאַלער ראָמאַן־פאָרם: די קורצע דערציילונג.

אויב אין זיינע גרעסערע ווערק, ווי זיינע ראָמאַנען און דערציילונגען פון אַ לענגערן פאַרנעם, איז אָפּאַטאָשו געווען צוגעצויגן דורך נאַציאָנאַל־היסטאָרישן יידישן אינהאַלט, האָט ער זיך אין זיינע קורצע דערציילונגען געגעבן פרייע הענט אַרויסצוברענגען דעם סאָציאַלן מאָמענט אין מאָנעטשלעכן צוזאַמענלעבן, און אין נאָך אַ גרעסערן מאַסשטאַב דעם ע ר אָ ט י ש ע ן פאַקטאָר פון מענטשלעכער עקזיסטענץ.

אין אָט די צוויי געביטן פלעגט זיין טעמאַטיק גאָר אָפט אַרויסגיין פון ריין יידישע ראַמען, און זיינע וווּנדערלעכע קינסטלערישע סקולפּטורן־דערציילונגען פלעגן אונז ווייזן דאָס אוניווערסאַלע, דאָס שטענדיק ווירקנדיקע אין דער פסיכיק פון ייד און נישט ייד. אויב אין זיינע דערציילונגען פון „קלאַסן־קאַמף" האָט ער אַ סך געמיינזאַמעס מיט דער קינסטלערישקייט פון דוד פּינסקי, דערמאָנען זיינע דערציילונגען וועגן געשלעכט־

ליבער צוציאונג און איר סובלימירטער פאָרם: ליבע, די אויסדערווײלטע קונסט פון פסיכאָלאָגישער אַריינדרינגונג פון אַרטור שניצלער.

דאָס אָריגינעל יידישע אין דער וועלט, אָבער אויך דאָס פונדאַמענטאַל מענטשלעכע אין דעם יידן, אָט די צוויי גרונט־באַגריפן גייען דורך ווי אַ לייט־מאָטיוו אין די שאַפונגען פון דעם קינסטלער־בעלעטריסט יוסף אָפּאַטאָשו. און ווייל ער איז איינער פון די גרעסטע פלאַסטיקער פון פאָרם, שפּראַך און סטיל, און גלייכצייטיק אַ קינסטלער מיט אַ ווייט־ברייטן איבערעסן־האָריזאָנט און טיף אַריינדרינגענדיקן אויג פון אַ מענטשן־קענער און אַ מייסטער פון פסיכאָלאָגישן איינבליק, געהערט יוסף אָפּאַטאָשו צו יענע קינסטלער פון דער יידישער בעלעטריסטיק, וואָס זייערע ביכער באַוויזן קיינמאָל נישט צו באַדעקן זיך מיט שטויב אויף די פּאָליצעס פון די ביבליאָטעקן. ער געהערט צו די קלאַסיקער, וואָס ווערן געלייענט, ווייל וואָס ער שרייבט, איז, גייסטיק און עמאָציאָנעל, פלייש פון אונזער פלייש און בלוט פון אונזער בלוט. ער איז נישט אָלימפיש־קלאַסיש, נאָר קלאַסיש־מענטשלעך. דערפאַר זענען טאָקע אַזוי פיל ווערק זיינע איבערזעצט געוואָרן און ווערן אויך געלייענט אין אַנדערע שפּראַכן.

ווייל ער האָט שטענדיק, ווי אַ קינסטלער, געטרונקען פון לעבעדיקע קוואַלן, סיי ווען ער האָט געשריבן וועגן יידישער פאַרגאַנגענהייט, און סיי ווען ער באַהאַנדלט טעמעס פון יידישער קעגנוואַרט. סיי ווען ער פלעגט באַרירן ריין יידישע מאָמענטן, און סיי ווען ער פלעגט באַטראַכטן דעם געביט פון אַל־מענטשלעכקייט, בלייבט אָפּאַטאָשו אין זיין וווּנדערלעכער בעלעטריסטיק שטענדיק אַקטועל, ווי יעדער עכטער מייסטער פון דער דערציילערישער קונסט, און דאָס פאַרזיכערט אים אויסדערווײלטקייט, ווי אַ קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור.

.1954

# ניגערס פֿאַרצווייגטקייט און פֿאַרוואָרצלטקייט

מער ווי וויסאַריאָן־ביעלינסקי איז געווען פֿאַר דער רוסישער ליטעראַ־טור, און ווי ס׳האָט פֿאַר דער פראַנצויזישער באַדייט סען־וועז, האָט פֿאַר דער יידישער ליטעראַטור אויפגעטאָן שמואל ניגער.

געוויס, יעדער איינער פון די צוויי נאָר וואָס אָנגערופענע ריזן פון דעם געשריבענעם וואָרט, האָט, רעספעקטיוו, אין דער רוסישער און אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, אויף זיין חשבון אויפטוען פון אומפאַר־גלייכלעכן דויערנדיקן ווערט. אָבער אָט די אויפטוען באַציען זיך בלויז אויף איין געביט: אויף דעם פון ליטעראַרישער קריטיק. קיין ליטעראַטור־געשיכטע האָבן זיי נישט געשריבן. ש. ניגער איז אָבער נישט נאָר געווען אַ ליטעראַטור־קריטיקער פון גאָטס גנאָד, נאָר אויך אַ גלענצנדיקער לי־טעראַטור־היסטאָריקער. אין אָט דער היגזיכט איז ער אַ „אוניקום".

ניגערן דעם ליטעראַטור־היסטאָריקער און ליטעראַטור־קריטיקער זע־נען געווידמעט די ווייטערדיקע באַטראַכטונגען.

— 1 —

פרווון פון שרייבן די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור זענען געמאַכט געוואָרן פאַר ניגערן. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן זיך מיט דעם פֿאַרנומען, צווישן אַנדערע, מיט יאָרן צוריק, ווינער און פּינעס. זענען דאָס אָבער נישט געווען קיין ליטעראַטור־געשיכטעס אין פולן זין פון וואָרט. זיי זענען געווען דאָס וואָס מען רופט אין ענגליש אָן אַ „סטאָרי", אָבער נישט קיין „היסטאָרי". זיי זענען געווען עפּיזאָדיש, ס׳האָט זיי גע־פעלט אַן אויסגאַנגס־ פונקט, אַ פאַרבינדונגס־אידייע, וואָס זאָל אָט די שריפטן פאַרוואַנדלען אין אַן אָרגאַנישע איינהייט. אין בעסטן פאַל קען גע־זאָגט ווערן, אַז ס׳איז געווען רוי־מאַטעריאַל.

יידישע ליטעראַטור־געשיכטע, סיי אין דעם זין פון געשיכטע ווי אַ קונסט, און סיי אין דעם זין פון געשיכטע ווי אַ וויסנשאַפט, הייבט זיך אָן מיט די אַרבעטן פון שמואל ניגער. זיי זענען, אמת, צוזייט און צע־שפרייט אין פאַרשידענע אויסגאַבן, און זענען נאָך אין בוך־פאָרם נישט דערשינען; ווער ס'האָט אָבער ניגערן נאָכגעפאָלגט אויף אָט דעם געביט, ווייס, אַז נישט נאָר שטעלן זיי מיט זיך פאָר, צוזאַמענגענומען, די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, נאָר טאָקע אַ מאָנומענטאַלע געשיכטע.

נישטאָ קיין איין ווינקל פון ליטעראַריש־קינסטלערישן שאַפן אויף יידיש אין די לעצטע הונדערט יאָר, דאָס הייסט אין דער צייט פון לעב־האַפטער אַנטוויקלונג און שפּעטערן אויפבלי פון אָט דער ליטעראַטור, וואָס זאָל נישט זיין אַריינגענומען אין ניגערס אינטערעסן־קרייז, ווי אַ ליטעראַ־טור־היסטאָריקער.

פונקט אַזוי ווי ער זעט בכלל דאָס יידישע לעבן פון אָט דער צייט ווי אַן איינהייט, מיט וואָרצלען אין דער פאַרגאַנגענהייט און באַווירקונג פון דער צוקונפט, טרעט ניגער צו צו זיין אויפגאַבע, ווי אַ ליטעראַטור־היסטאָ־ריקער, אויך פון דעם שטאַנדפונקט פון אָרגאַנישע איינהייטן. אַזוי, צום ביישפּיל, באַהאַנדלט ער די ליטעראַטור פון דער השכלה־עפּאָכע אין די ראַמען פון דעם דאַמאָלסדיקן יידישן לעבן, מיט דעם סאָציאַלן פּייזאַזש, ווי אַ הינטערגרונט. די קאַריפייען פון דער ליטעראַטור פון אָט דעם צייט־אָפּשניט ווערן אונז אַזוי אַרום פיל נענטער און פאַרשטענדלעכער.

ניגער, דער ליטעראַטור־היסטאָריקער איז אָביעקטיוו, אָבער ער איז נישט טרוקן און שוין געוויס נישט פּעדאַנטיש. זיינע אַרבעטן זענען, וואָס שייך דעם סאָלידן וויסן, אויף וועלכן זיי זענען באַזירט, אַקאַדעמיש. עס פעלט זיי אָבער, אַזוי צו זאָגן, די „אַקאַדעמישקייט" אין דעם זין פון "וויסנשאַפטלעכער פאַזע", וואָס מאַכט אַזוי אָפט דאָס לייענען פון ענ־לעכע ווערק אַ גאַנץ שווערע אַרבעט. ניגער שרייבט זייער איינפאַך, כמעט „אַזוי ווי מ'רעדט", אָבער — לויט דעם קלאַסישן אויסדרוק פון פאַר־שטאָרבענעם דר. קאַראַלניק — ווי ס'רעדן מענטשן, וואָס קענען שרייבן.

אָט די אַלע אייגנשאַפטן האָבן בייגעטראָגן צו מאַכן דעם פאַרשטאָר־בענעם ליטעראַטור־היסטאָריקער פאַר דעם היסטאָריקער „פאַר עקסצע־לאַנס" פון דער יידישער ליטעראַטור.

— 2 —

ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער, האָט ניגער, ראשית כל, אויסגעברייטערט דעם האָריזאָנט פון דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק. זיין באַרימטער פאָרגייער, בעל מחשבות, וואָס צווישן זיינע אַנדערע פאַרדינסטן געפינט

זיך דער גאַרנישט קלײנער אויפטו פון זײן אַ פּיאָנערן פון אײגנטלעכער ליטעראַטור־קריטיק אין דער יידישער שפּראַך, — האָט דורך אַלע זײנע קריטישע עסייען און אָפּהאַנדלונגען געצויגן דעם רויטן פאָדעם פון סביבה. די סאָציאַלע אַטמאָספערע, די מיליע, איז געווען דאָס, וואָס ער האָט אַמ־מײסטן געזוכט ביי די שרײבער, וואָס ער האָט גענומען אונטער זײן קרי־טישן שפּאַקטיוו. האָבן זיי, קינסטלעריש, ווירדיק, איר אָפּגעשפּיגלט? דאָס האָט אים, בעל מחשבותן, מער פון אַלץ אינטערעסירט. זענען טאָקע זײנע ליטעראַריש־קריטישע שאַפונגען גאָר אַ וויכטיקער בײטראַג צו דער פעסט־שטעלונג פון דער סאָציאַלער פיזיאָגנאָמיע פון דעם מזרח־אײראָפּעאישן קיבוץ פון סוף פון פאַריקן און אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט, אויפן גרונט פון די קונסטווערק, וואָס ער האָט אַנאַליזירט. קוקנדיק דורך בעל מחשבותעס ברילן, זעען מיר אים טאָקע און באַגרײפן אים בעסער.

איז דאָס אָבער אַלץ גערעדט געוואָרן קאָלעקטיוו. וואָס איז אָבער וועגן דעם יידישן אינדיווידואום?

ניגער האָט דעם האַריזאָנט פון דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק אויסגעברייטערט, אַרײנברענגענדיק אין איר אָט דעם נײעם עלעמענט: דעם אַנאַליז פון דעם אײנצל־מענטשן. צו בעל מחשבותעס סאָציאַלן פּייזאַזש האָט ער, ווי אַ באַשטאַנד־טייל פון דער יידישער ליטעראַרישער קריטיק, צוגעגעבן דעם פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז אָנגעווענדעט צו דער אײנצל־פּערזאָן. נישט נאָר דער קאָלעקטיוו, מיט זײנע סאָציאַלע שאַטירונגען, נאָר אויך — און ערשט רעכט — דער מענטש, מיט זײנע פאַרשידנסטע איבער־לעבונגען, דאַרף זײן דער אָביעקט פון דעם ליטעראַטור־קריטיקערס באַ־טראַכטונג, און במילא דאַרף ער, דער קריטיקער, זוכן אָט די אײנשטעלונג אין דעם קינסטלערישן ווערק, וואָס ער אַנאַליזירט.

מיט דעם אַרײנברענגען אין דער קריטיק דעם פּסיכאָלאָגישן עלעמענט, דאָס פאַרטיפן זיך אין דעם געפילס־און געדאַנקען־לעבן פון דעם אײנצלנעם מענטשן, האָט ניגער פאַקטיש אַרײנגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַ־טור־קריטיק דעם עלעמענט פון אוניווערסאַליזם. זענען דאָך די עלעמענ־טאַרע מענטשלעכע געפילן אַלמענטשלעך. בלויז די פאָרם ווי זיי אַנטפּלעקן זיך, איז אײגנאַרטיק, אין אײנקלאַנג מיט דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַ־לער סביבה.

אָט דאָס דערקלערט ניגערס אַזוי טיפן ליטעראַריש־קריטישן אינטע־רעס צו אונזערע קלאַסיקער, אָנהייבנדיק פון מענדעלען און ענדיקנדיק מיט לייוויקן. אין זײערע ווערק האָט ער געפונען די אידעאַלע רעאַליזירונג פון זײן אני מאמין וואָס שייך יידישער קינסטלערישער ליטעראַטור: נאַ־ציאָנאַל אין פאָרם; אוניווערסאַל, לויטן טיף מענטשלעכן פאַרנעם.

דערפאַר אויך זײן אומקאָמפּראָמיסלעכע קעגנערשאַפט צו יעדן פּרוּוו

פון שאַפן קינסטלערישע ליטעראַטור בלויז אויפן גרונט פון פאָרם. בלויז עסטעטיק, לשם מה? ער האָט טיף געגלויבט אין דער עטישער ווירקונג פון קונסט, ווי איינעם פון די פאָרבאַדינגונגען פון עכטער קונסט.

ניגערס „קרעדאָ" ווי אַ קריטיקער פון יידישער קינסטלערישער ליטעראַטור איז געווען: דער מענטש, אין זיין יידישן וואַריאַנט, געשילדערט אין אַלע מעגלעכע ניואַנסן פון זיין גייסטיקן „איך": געפיל, געדאַנק און האַנדלונג, אין די ראַמען פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער סביבה, געזען דורך דער פריזמע פון דעם פראָזע־קינסטלער אָדער פערזן־דיכטער.

ווייל אין די יידישע קלאַסיקער האָט ער דאָס אַלץ געפונען, איז ער געוואָרן זייער ביעלינסקי. דאָס וואָס דער גענиאַלער רוסישער קריטיקער האָט, ווי זייער אַנטפּלעקער און אינטערפּרעטירער פאַר דער גרויסער וועלט, אויפגעטאָן פאַר פּושקין, לערמאַנטאָוו און אַנדערע קאָריפייען פון דער רוסישער ליטעראַטור, דאָס האָט ניגער אויפגעטאָן פאַר אונזערע קלאַסיקער, און דורך דעם זיך אַליין געשטעלט אַ מאָנומענט לדורות.

1955.

# מינקאָווס טיפֿע פֿאַרשטענדניש

אויף יעדן קינסטלערישן געביט זיינען דאָ קלאַסיקער, און ליטעראַ־טור־קריטיק איז אין נישט קיין קלענערער מאָס אַ קונסט, ווי ליטעראַטור גופֿאָ. מיר איבערצייגן זיך אין דעם, ווען מיר לייענען די ווערק פֿון אַזעלכע שאַפֿער אויפֿן געביט פֿון ליטעראַטור־קריטיק, ווי, צום ביישפּיל, דער פֿראַנצויז סען ־ בעוו אָדער דער רוס ביעלינסקי, — בלי שום ספק קלאַסיקער, וואָס האָבן, ווי ליטעראַטור־קריטיקער, אָנגעשריבן מייסטער־ווערק וועגן מייסטערווערק.

ווען מיר קוקן זיך צו נענטער צו די גרונט־עלעמענטן אינעם שאַפֿן פֿון אַזעלכע מייסטער־קריטיקער, געפֿינען מיר, אַז דאָ זיינען אומצעטייל־באַר: ערודיציע און אינטואיציע, צו וועלכע ס׳קומט צו אַ באַשטימטער וועלט־באַנעם, אַ קלאָר דעפֿינירטע פֿילאָזאָפֿישע באַגרינדונג פֿון זייערע אי־דייען געדאַנקען, מיינונגען.

זייער ערודיציע באַשטייט אין פֿילזייטיקן וויסן. נישט נאָר באַהערשן זיי פֿולשטענדיק די ליטעראַטור, צו וועלכער ס׳געהערן דאָס ווערק אָדער די ווערק, וואָס זיי באַהאַנדלען, נאָר אויך אַלע אַנדערע ליטעראַטורן, וואָס קומען אין באַטראַכט, ווי אַ דירעקטער אָדער אומדירעקטער איינפֿלוס אויף יעדן שרייבער באַזונדער, אָדער אויף דער ליטעראַטור בכלל, צו וועל־כער זיין ווערק געהערט. זי שפּרייט זיך אויך אויס אויפֿן געביט פֿון פֿאַר־גלייכנדיקער סאָציאָלער און קולטור־געשיכטע און פֿון נאַטור־פֿיזאַזש, וועלכער באַאיינפֿלוסט דאָס ליטעראַריש־קינסטלערישע שאַפֿן.

די אינטואיציע, וואָס איז פּונקט אַזוי וויכטיק, באַשטייט אין דער פֿעאי־קייט אַריינצודרינגען און זיך אַריינצולעבן אין די פֿאַרשידנסטע גייסטיקע צושטאַנדן און עמאָציאָנעלע דערפֿאַרונגען, כדי צו קענען מיטגיין מיט די געשילדערטע פּערסאָנאַזשן, און זיך פֿילן אין דער היים אין די קאָמפּלי־צירטסטע סיטואַציעס און דערשיינונגען.

ס׳געהערט אויך צו דעם געביט פֿון דער נייטיקער אינטואיציע — אַז

איינגעבוירענער חוש פאַר פאָרם און סטיל אין דעם אייגענעם שרייבן. שיינקייט אין שרייבן איז אַ „סינע קווא נאָן" פאַר דעם ליטעראַטור־קריטי־קער פון גרויסן פאַרנעם.

דערצו נאָך מוזן זיינע שריפטן זיין באַזעלט דורך אַ באַשטימטער וועלט־אַנשויאונג, דורך באַשטימטע פילאָזאָפיש־עסטעטישע קאָנצעפּציעס, וואָס דאַרפן דורכגיין ווי אַ לייט־מאָטיוו דורך דעם ליטעראַטור־קריטיקערס שרייבן, וואָס, אויסער דעם אַלעם, זייענדיק „אַקאַדעמיש" אין בעסטן זין פון וואָרט, טאָר עס אָבער בשום אופן נישט זיין טרוקן־פּעדאַנטיש. דער־פאַר טאָקע איז די באַליבטסטע פאָרם פון „קלאַסיקער פון ליטעראַטור־קריטיק נישט דער „מאַגיסטער דיקסיט"־טראַקטאַט, נאָר די אַזוי שווער דערגרייכבאַרע קונסט פון דעם זיך לייכט לייענענדיקן עסיי.

און נאָך עפּעס: יעדער ליטעראַטור־קריטיקער פון גרויסן פאַרנעם באַ־מיט זיך אַרויסצוברענגען די אַנדערשקייט פון דעם שרייבער און זיין ווערק, וואָס ער באַהאַנדלט אין אַ געוויסן מאָמענט; און צו טאָן עס אויף אַן אַנדער אופן פון דעם, ווי עס טוען עס אַנדערע קריטיקער. דאָס הייסט, ער זוכט דאָס, וואָס ס'איז אין אַ ווערק אָריגינעל, אויף אַן אָריגינעלן אופן.

— 2 —

אויב מיר ווילן אָנווענדן אָט די אַלע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון „קלאַסישער" ליטעראַטור־קריטיק צו דעם פאַרשטאָרבענעם נחום ברוך מינ־קאָוו, איז גענוג, מיר זאָלן באַטראַכטן בלויז איינס פון זיינע ווערק אויף דעם דאָזיקן געביט. לאָמיר אַריינקוקן אין דעם, לויט מיין מיינונג, רעפּרע־זענטאַטיווסטן פון אַלע ביכער, וואָס ער האָט געשאַפן וועגן שרייבער און זייער ליטעראַריש־קינסטלערישן שאַפן. דאָס איז זיין בוך: „יידישע קלאַ־סיקער פּאָעטן". דאָס ווערק אַנטשפּרעכט אין יעדער הינזיכט דער דעפי־ניציע, וואָס איז דאָ אַרויסגעבראַכט געוואָרן, פון „קלאַסישער" ליטעראַ־טור־קריטיק.

דאָס בוך אַנטהאַלט זעקס עסייען וועגן יידישע פּאָעטן, וואָס דער מחבר באַטראַכט אַלס קלאַסיקער. דאָס זיינען: פרוג, פּרץ, מאָריס ראָזענפעלד, יהואש, ליעסין און רייזען. וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן יעדן איינעם פון זיי, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין וועג, ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער בכלל.

אָט איז זיין גרונטזעצלעכער באַנעם, זיין קרעדאָ, וואָס שייך פּאָעטישער שאַפונג: זיינע פאָדערונגען צום קינסטלער זיינען שטרענגע, און ער איז אין אָט דער הינזיכט אומקאָמפּראָמיסלעך. דער אופן, ווי מינקאָוו פאָרמו־לירט זיי, איז מוסטערגילטיק מיט זיין קאָנצענטרירטקייט פון געדאַנק, מיט דער פּלאַסטישקייט און שיינקייט פון דער פאָרם. ער זאָגט:

„אַ גרויסער דיכטער אין אַ **פירשפּרעכער**, אַ סך הכל, אַ הויכער
פונקט פון זיין עפּאָכע; ער איז דער אָנזאָגער און דער ביישפּיל פון
אַ נייער קינסטלערישער קאָנצעפּציע. ער שאַפט אַ נייעם שפּראַך־
מעדיום, און ווערט אַזוי אַרום זיין מייסטער. זיין מאַטעריאַל, ווי אויך
דער אופן ווי ער באַהאַנדלט אים, איז ספּעציפיש זיינער. ווי איינ־
געבוירן עס זאָלן אָבער נישט זיין די אייגנשאַפטן פון „גרויסן" דיכ־
טער, קען ער זיי נישט אַרויסברענגען דערפאָלגרייך אָן דער הילף
פון באַוווסטזיניקער קולטיווירנג. דער זין פון דער דאַזיקער דיס־
ציפּלין ליגט אין קאָנטראָלירן דעם נישט געצאַמטן דראַנג און אים
דערפירן צו אַן אַקטיווער קינסטלערישער פאָרמירונג. צו דעם שטרעבט
און דאָס דערגרייכט יעדער **באמת** גרויסער קינסטלער".

**נאָכדעם ווי דער מחבר באַווייזט אויפן גרונט פון מערערע ביישפּילן,
אַז אַט דער** פאַרבאַדינג **ווערט דורך יעדן איינעם פון די אַנאַליזירטע זעקס
פּאָעטן פולשטענדיק דערפילט, קען ער שוין צוטרעטן אויסצוגעפינען און
אונטערשטרייכן אַט די עלעמענטן, דורך וועלכע יעדער איינער פון זיי איז**
ד אָ ס , מיט וועלכן ער איז וועזנטלעך.

— 3 —

אין דעם ערשטן עסיי, וועגן פּרוגן, **צעשטערט מינקאָוו אויף אַן אומ־
באַשטרייטבאַרן אופן די לעגענדע, אַז ער, פּרוג, איז לכתחילה געווען אַ
גרויסער** רוסישער פּאָעט, וואָס האָט אויך געדיכטעט אין יידיש. **אויפן גרונט
פון אַ רייע** ביישפּילן, טאָקע אין רוסיש, וועלכע ווייזן, אגב, ווי **אינטים ער,**
מינקאָוו, איז געווען מיט דער שפּראַך פון פּושקין און טאָלסטאָי — **באַווייזט**
ער ווי שוואַך און ווייניק אָריגינעל פּרוג איז געווען ווי אַ רוסישער **פּאָעט;
דאָן מאַכט ער אַ לאַנגן שפּאַציר איבער** פּרוגס **שאַפונגען** אין יידיש **און
קומט צום לאָגיש אַרויסגעבראַכטן באַשלוס, אַז אומגעקערט, גראָד אין דער**
יידישער שפּראַך ליגט די שטאַרקייט און אייגנאַרטיקייט פון פּרוגס פּאָע־
זיע. **נאָר** מער: **דער** קריטיקער מינקאָוו שטעלט **אויף די אָריגינעלע טעזע,
אַז דאָס,** וואָס מענדעלע האָט, שפּראַכלעך, **אויפגעטאָן** פאַר דער יידישער
**קינסטלערישער** פּראָזע, האָט פּרוג **באַוויזן אויפצוטאָן** פאַר דער שפּראַך פון
**דער** פּאָעזיע **אין יידיש. און נישט נאָר שפּראַכלעך; מינקאָוו דריקט זיך
וועגן פּרוגן אויס אַזוי:**

„ער האָט אַריינגעבראַכט מיט זיינע נאַטור־און פרייהייט־לידער,
ווי נאָך קיינער **פאַר** אים, אַן איבערברוך און אַ נייעם **אַקאָרד** אין
דער יידישער פּאָעזיע פון זיין צייט. פאַר אַ פּאָעטן פון דער מאָדער־

נער יידישער קולטור דאַרף ער פאַררעכנט ווערן, ווייל ער האָט געעפנט נייע וועגן פון פּאָעטישער קולטור און אַריינגעבראַכט נייע מאָטיוון. דערמיט האָט ער געעפנט אַ נײַ קאַפּיטל: ער האָט אָנגעהויבן און געשטאַרקט די אָנקומענדיקע מאָדערנע יידישע פּאָעזיע אין אַלע אירע פאַזן".

נישט ווייניקער, אויב נישט נאָך מער, פאַסצינירנד איז דער עסיי וועגן פּרצעס פּאָעזיע, אין וועלכן דער קריטיקער אַנטדעקט, לויט זיין אויסדרוק, „פונקט אַזוי ווי אין דעם אומקלאָרן פאַרשפּיל פון יעדער נייער באַוועגונג, אַן אייפערדיקן און כאַאָטישן צוזאַמענשטויס פון די אַנונגען וועגן דעם נייעם נייטיקן איבערבוי".

פּרצעס פּאָעזיע, נישט די פון זיינע ווערק, וואָס ער האָט געשריבן אין קינסטלערישער פּראָזע, ווי, צום ביישפּיל, זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", נאָר די וואָס ער האָט געשריבן אין פערזן־פאָרם, איז נאָך בכלל ווייט נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך דער יידישער קריטיק. און מינקאָוו, ווי אַ קריטיקער, איז גערעכט צו אים, אַרויסברענגענדיק פּרצעס פּאָעזיע אין פערזן־פאָרם אין איר גאַנצער שיינקייט, אונטערשטרייכנדיק איר פולן קינסלטערישן ווערט. דערביי לאָזט ער זיך אָוועק אויף אַן אָריגינעלן וועג, באַווייזנדיק, ווי שטאַרק ס׳איז אין פּרצעס פּאָעזיע אין פערזן־פאָרם דער היינע־עלעמענט פון ראָמאַנטיק און איראָניע.

מיט אַ זעלטענער פּלאַסטישקייט ברענגט אַרויס מינקאָוו אין זיין ווייטערדיקער עסיי די גרונט־עלעמענטן, וואָס מאָריס ראָזענפעלד האָט ביי־געטראָגן צו דער באַנייאונג פון דער יידישער פּאָעזיע. אָט ווי ער דריקט זיך אויס וועגן אים:

„זיין דינאַמישער שווונג, וואָס פלעגט צייטנווייז דערהייבן זיין ליד ביז פּאַטאָס און עקסטאַז; זיין אומדערוואַרט סובלימירטער פּאָעטישער איבערברוך פון איין שטימונג צו דער צווייטער און זיין קערנדיקער, פּאָלטאָניקער ליריזם, וואָס פאַרלירט נישט זיין פאָלקייט און טאָנאַרט אין געליי־טערטע מאָמענטן פון לאַמענט און מעלאַנכאָליע".

יהואָשן, קעגן וועמען ס׳ווערט געוויינלעך באַגאַנגען די עוולה פון פאַרגעסן דעם אייגנאַרטיקן פּאָעט, און פון געדענקען בלויז דעם תנ"ך־איבערזעצער, — ברענגט מינקאָוו אַרויס אין זיין, דעם דיכטערס, אייגענעם ליכט, ווי דעם פּאָעט, אין וועלכן שיינקייט און עטיק גיסן זיך צענויף אין אַ נייער, העכערער איינהייט.

מינקאָווס אָריגינעלער צוגאַנג צו ליעסינס דיכטונג, איז דאָס אויסגע־

פינען און אונטערשטרייכן זיין דואַליזם: פון סאָציאַלער טענדענץ און פון אינדיווידואַליסטישער סוביעקטיווקייט, וואָס איינע פון זיינע — פּאַר אָט דעם דיכטערס שאַפונג ביז גאַר וויכטיקע — קאָנסעקווענצן, איז געווען דער סינטעז צווישן זיין געזעלשאַפטלעכן און אינדיווידואַליסטישן וועלט־באַנעם.

און אונטער דעם אינהאַלט און דער פאָרם פון רייזענס פּאָעזיע, וואָס, פון אויבן־אויף געזען, איז זי איינפאַך און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַנט־דעקט מינקאָוו הימל־ווייטע גייסטיקע הויכקייטן און אָפּגרונט־טיפע עמאָ־ציאָנעלע איבערלעבונגען. ער זאָגט וועגן רייזענען:

„אַ רעאַליסט נאָך דער טראַדיציע נאָך, אַן אימפּרעסיאָניסט לויט זיין טעמפּעראַמענט, — גייט ער דורך דעם וועג פון כסדר זיך מערנ־דיקע סתירות פון דער ווירקלעכקייט".

— 4 —

גייט צו צו דעם אַלעם מינקאָווס שפּראַך־מייסטערשאַפט, וואָס מאַכט דאָס לייענען זיינע עסייען פאַר אַ טיפן עסטעטישן גענוס, — און ס'ווערט קלאָר, אַז די יידישע „קלאַסיקער פּאָעטן" זיינען אין דעם בוך געזען גע־וואָרן מיט די אויגן פון אַ יידישן מייסטער־קריטיקער, וואָס האָט באַזיצט אַ גרויסע ערודיציע און אינטואיציע, וואָסביידע זיינען זיי געשטאַנען צום דינסט פון אָריגינעלע עסטעטיש־פילאָזאָפישע קאָנצעפּציעס. דאָס אַלץ מאַכט אָט דאָס ווערק — „יידישע קלאַסיקער פּאָעטן", — ווי אַ בוך פון ליטעראַטור־קריטיק, קלאַסיש.

1952

# ביקלס אוניווערסאַלער אויסבליק

## (וועגן „שרייבער פון מיין דור")

פונקט אַזוי ווי אין אַ טראָפּן וואַסער דריקט זיך אויס די גרויסקייט פון דער גאַנצער נאַטור, אַזוי איז איין בוך פון אַ שרייבער — אויב ער איז עס אין אַ פולער מאָס — געגוג אַרויסצוברענגען זיין וועזנטלעכן גייסטיקן איך. אין אָט דער הינזיכט קען יעדער בוך פון אַן אמתן שריפטשטעלער באַטראַכט ווערן, ווי מ׳וואָלט עס איז דער מוזיק געזאָגט, אַלס אַ טעמע, און אַלע אַנדערע, ווי וואַריאַציעס אויף אָט דער טעמע.

ס׳איז דעריבער גאָרנישט נויטיק צו רעדן וועגן דר. שלמה ביקלס גייסטן בוך, ווי בלויז וועגן אַן עטאַפּ אין זיין אַנטוויקלונג, ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער און ליטעראַרישער עסייאיסט. מ׳קען וועגן אים שרייבן אויסשליסלעך אויפן גרונט פון דעם, וואָס ס׳איז אַנטהאַלטן צווישן די צוויי טאָוולען פון אָט דעם ווערק, פון וועלכן מ׳געניסט עסטעטיש אַזוי פיל; פון אָט דעם ספר, פון וועלכן מ׳לערנט אַזוי פיל.

דאָס איז אַ בוך, וואָס מ׳מוז אים ראשית כל לייענען, צו קריגן אַן אַלגעמיינעם איינדרוק; דאַן זיך אין אים אַריינלייענען, כדי זיך אַריינצולעבן אין דעם מחברס געדאַנקען־רייכער וועלט; און דאַן אַרויסלייענען פון אים דאָס וועזנטלעכסטע אין דר. ביקלס איצטיקן צושטייער אויף ביידע געביטן.

— 1 —

אויף עטלעכע און דרייסיק יידישע דיכטער און פּראָזע־שרייבער, באַרימטע, באַוווסטע און ווייניקער באַקאַנטע, האָט ער אין אָט דעם בוך געקוקט דורך זיין קריטיש־דענקערישער פּריזמע. ער האָט זיי געזען, ווי קינסטלעריש־שעפערישע פּערזענלעכקייטן, מער אין זייער סך הכל, ווי אין זייערע דעטאַלן. דער ענד־רעזולטאַט, אין דעם לייענערס איינדרוק, איז, אַז שלמה ביקל האָט פאַר

אים געעפנט אַ וווּנדערלעכע. גראַנדיעזע פּאַנאָראַמע פון אַ ליטעראַטור, וואָס, זייענדיק טיף הומאַניסטיש אין איר וועזן, האָט זי אַ טעמאַטיק און פּראָבלעמאַטיק פון אַן אַלמענטשלעכן פאַרנעם; אַ ליטעראַטור, וואָס איז סיי מאָדערן, אין בעסטן זין פון וואָרט און איז גלייכצייטיק פאַרוואָרצלט אין דעם קוק אויף מענטש און וועלט, וואָס מיר לייענען אַרויס פון תנ"ך; פּונקט אַזוי ווי אין די שענסטע טראַדיציעס פון די קלאַסיקער פון דער וועלט־ליטעראַטור.

און געשריבן איז דאָס בוך אַזוי שיין, די עקספּאָזיציע איז אין אים אַזוי קלאָר, און די געדאַנקען־פאַרבינדונג איז דאָרט אַזוי לאָגיש, אַז, ווען איבערזעצט, וואָלט עס אין לייענער, וואָס זענען מיט דער היינטצייטיקער יידישער ליטעראַטור, וואָס זי איז די גרונט־טעמע פונעם בוך, נישט באַ־קאַנט, געוועקט אַ שטאַרקן אינטערעס און ווילן זיך מיט איר צו באַקענען.

פאַרן יידיש־יידישן לייענער איז דאָס בוך גלייכצייטיק אַ קוואַל פון גייסטיקן פאַרגעניגן און אַ אָנרעגונג זיך צו באַקענען מיט יענע ווערק, וואָס ער באַהאַנדלט אין „שרייבער פון מיין דור", און וואָס זענען נאָך דעם אָדער יענעם לייענער אומבאַקאַנט; ווי אויך זיך צו פאַרטיפן, דורכן לייע־נען זיי נאָך אַ מאָל, אין יענע ביכער, וואָס זיי האָבן שוין געלייענט.

דאָס וועקן אינטערעס צו דער היינטצייטיקער יידיש־ליטעראַטור, אויף אַזאַ גלענצנדיקן אופן, איז ביקלס גרויסער אויפטו אין זיין נייסטן ליטעראַ־רישן „אָפּוס". ער טוט עס, ווי בלויז אַ מייסטער־קריטיקער, וואָס איז גלייכצייטיק אַ מייסטער־עסייאיסט, קען עס באַווייזן.

— 2 —

„ווילסטו דעם דיכטער פאַרשטיין, מוזטו אין זיין לאַנד גיין". דער דאָ־זיקער גרויסער אמת איז אָנווענדבאַר אויך אויף ליטעראַטור־קריטיקער. לאָמיר דעריבער, איידער מיר פאַרנעמען זיך מיט דר. ביקלס קריטישע אָפּשאַצונגען, וואַרפן אַ בליק אויף עטלעכע פון זיינע גרונט־אָנשויאונגען, וואָס זיי זענען, אַזוי צו זאָגן, זיין פילאָזאָפישער הינטערגרונט, דער פונ־דאַמענט און אויסגאַנגס־פּונקט פון זיינע ליטעראַריש־קריטישע מיינונגען וועגן שרייבער און ווערק.

אין אָט דער הינזיכט מוז, נאַטירלעך, פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ וועלט־אָנשויאונג בכלל; וועט דעריבער זיין אינטערעסאַנט צו לייענען, וואָס ער האָט וועגן דעם צו זאָגן:

„וועלט־אָנשויאונג איז אידענטיש מיט דער וויזיע פון גאַנצקייט. און יעדעס ביסל ווילן, יעדע געזעלשאַפטלעכע קענטעניש און יעדער

גערדאַנק הערט אויף אין ראַמען פון וועלט־אַנשויאונג צו פראַוועס לומ־
דישן און טראַכטערישן שבת פאַר זיך.

„ביים מאַן מיט אַן אייגענער וואַכער וויזיע פון וועלט־בילד,
גייט אַלץ, וואָס ער האָט אַמאָל אָדער אַקאָרשט געלערנט, דורך דעם
פילטער פון זיין גאַנצקייט־זעאונג, און נישט עס ווערט איינגעאָרדנט
אין דעם וויסן־און גערדאַנקען־אַלטער פון זיין מוח, נאָר עס ווערט
ניי־געבוירן, אור־געבוירן אין זיין געמיט״.

נישט ווייניקער אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש איז דאָס, וואָס
ביקל דענקט וועגן דעם אורשפרונג פון דיכטונג, ווייל אָט די איבערציי־
גונג זיינע גייט דורך, ווי אַ לייט־מאָטיוו, אין פאַרשידענע פון זיינע לי־
טעראַריש־קריטישע עסייען:

„דער דיכטער שאַפט, ווייל ער מוז. דורך זיין ליד באַפרייט זיך
דער פּאָעט ערגעצווו פון אַ דריקנדיקער זעאונג, פון אַ פּיינפולער
דערמאָנונג און פון אַן אויפגעברויזטער עמאָציע״.

און שוין גאָר וויכטיק איז זיך צו באַקענען מיט דר. ביקלס „קרעדאָ״
וואָס שייך ליטעראַטור־קריטיק, ווייל זיינע גרונט־געדאַנקען וועגן דעם
זענען דאָך די, וואָס מאַכן פון די פאַרשידענע אָפּהאַנדלונגען אינעם בוך, אַ
ווערק מיט אַ צוגאַנג און אַ סיסטעם, און נישט סתם אַ מאָזאַיק פון לויז
צוזאַמענגעבונדענע באַטראַכטונגען. אָט וואָס ער האָט וועגן דעם צו זאָגן:

„סיאיז שווער און אפשר גאָר אוממעגלעך צו מאַכן פון דער לי־
טעראַטור־קריטיק אַ וויסנשאַפטלעכע דיסציפּלין, אָבער סיאיז בפי־
רוש מעגלעך און אויך נייטיק און נוצלעך די ליטעראַטור־קריטיק
וויסנשאַפטלעך צו דיסציפּלינירן״.

אין די גרעניצן פון אָט דעם „וויסנשאַפטלעכן דיסציפּלינירן״ די לי־
טעראַטור־קריטיק זענען מעגלעך געוויסע פעסטגעשטעלטע באַדינגונגען
פאַר דעם ווערט פון ליטעראַריש־קינסטלערישע שאַפונגען, געוויסע ראַמען,
וואָס אין זיי קענען געשאַפן ווערן גרויסע, דויערנדיקע ווערק. איינע פון
זיי איז די פאָרויסבאַדינגונג פון אוניווערסאַליזם, וואָס זי איז

„אין דער ליטעראַטור־שאַפונג איז איר נאַציאָנאַלע פאַרוואָרצלט־
קייט, אַזוי איז דער יסוד און דער פרוושטיין פאַר דער אַל־נאַציאָ־
נאַלישקייט פון אַ ליטעראַריש ווערק זיין רעגיאָנאַליסטישער שורש,

זיין שבטימדיקע פאַרב און קלאַנג. איך וואָלט געזאָגט: וואָס מער נאַציאָנאַל, אַלץ מער אוניווערסאַליסטיש און וואָס באַפעסטיקטער אין די טיפענישן פון רעגיאָנאַלן און שבטימדיקן שטייגער, אַלץ ממשות־דיקער נאַציאָנאַל, אַלץ זיכערער נאַציאָנאַל".

— 3 —

איצט, אַז מיר האָבן זיך שוין באַקענט מיט דעם מחברס פילאָזאָפישן הינטערגרונט, אַזוי צו זאָגן, דאַרף געשטעלט ווערן בנוגע אים די פראַגע: „התדע מאין נחלתי את שירי"; פון וועלכע קולטור־קוואַלן האָט ער גע־טרונקען, פון וואַנען האָט ער גענומען די געדאַנקען־אוצרות, וואָס, נאָכ־דעם, ווי ער האָט זיי דורכגעאַרבעט אין זיין אייגענער גייסטיקער לאַבאָ־ראַטאָריע, האָט ער געקענט אַרויסקומען מיט אַזעלכע אינטערעסאַנטע און וויכטיקע גרונט־אַנשויאונגען, וואָס זענען שוין אָרגאַניש זיינע.

דעם ענטפער אויף דעם גיט דאָס אַריינלייענען זיך אין „שרייבער פון מיין דור". מען באַגעגנט זיך דאָרט מיט די טיפע יידישע קוואַלן, די פון תנ"ך, פון תלמוד און פון די פאַרשידענע שפּעטערדיקע עפּאָכן; אָבער נישט ווייניקער באַוווּנדערונגסווערט איז זיין פילן זיך אין דער היים אויף די ברייטע שליאַכן פון דער גרויסער וועלט־ליטעראַטור. אָמאַר קאַיאַם און אַנאַקרעאָן, געטהע און מאָנטעין, שילער און באַלזאַק, שאָפּענהאַוער און סאַנטאַיאַנאַ, אום בלויז צו דערמאָנען עטלעכע פון די נעמען פון גרויסע גייסטער, וואָס אין זייערע ווערק שווימט ער, ווי אַ פיש אין וואַסער, און וואָס זייערע געדאַנקען ברענגט ער אַרויס אַזוי זאַכלעך און געלונגען.

איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, וואָס זיינע אָפּשאַצונגען זענען אַזוי אַנציעַנד אין פאָרם און אַזוי אויטאָריטאַטיוו אין זייער אינהאַלט. דערצו איז ער געבענטשט מיט מייסטערשאַפט וואָס שייך סטיל־קאָנצענטרירטקייט, וואָס ס'מאַכט זיינע אַ כאַראַקטעריסטיק זיך איינצוקריצן אין זכרון, כדי דאָרט שוין צו פאַרבלייבן. אָט זאָגט ער, צום ביישפּיל, (אויף זייט 161) אַז „אַשענדאָרפס ליד האָט, סאָציאַל, מער געזיפצט, ווי פּראָטעסטירט". אַרויס־צובערענגען אָט דעם סך הכל־געדאַנק וואָלט ביי אַ שרייבער מיט אַ ווייניקער קאָנצענטרירטן סטיל, פאַרנומען אַ סך מער פּלאַץ.

אָט די מעלות פון דר. ביקלס פּראָזע, בעסער געזאָגט, קינסטלערישער פּראָזע, מאַכן עס פאַר אים מעגלעך צו זיין אַ מייסטער אויפן געביט פון דער כאַראַקטעריסטיק, דאָס הייסט אַרויסצוברענגען דעם מאַקסימום פון וועזנטלעכע שטריכן אין אַ מינימום פון ווערטער. אָט איז, צום ביישפּיל דער פּרעכטיקער אופן, ווי ער זעט דאָס סאַמע וועזנטלעכע פון אהרון צייטלין, דעם יידיש־דיכטער:

„צייטלין איז אַ יידיש־דיכטער, וואָס איז געקומען צו אונז פון די טיפענישן פון אַ יידישער וועלט־אַנשויאונג. ער איז דיכטעריש און אינטעלעקטועל אַ קינד פון דער אידייע פון יידישער רעליגיע. ער איז אין זיין פּאָעטערס שטוב געזעסן נישט ביים סאַמאָוואַר פון לעבנס־שטייגער, נאָר ביים שאַרפנדיקן קאַלך־אויפן פונעם יידיש־רעליגיעזן נגלה און נסתר".

און אָט איז נאָך אַ ביישפּיל פון ביקלס מייסטערשאַפט אויף אָט דעם געביט:

„די מהר״ם־געשטאַלט אין לייוויקס פּאָעמע איז יידיש־זעלישע און יידיש־געשיכטעלעכע גאַנצקייט. עס סטאַרטשן פון איר נישט אַרויס ווידעראַנאַנדיקע אידייאישע שפּיצן. קידוש חשם און אַקטיווער ווי־דערשטאַנד זענען אין מהר״מס געמיט איין פייער, וואָס ברענט מיט דעם זעלבן כוח אין איין און דערזעלבער צייט; עס ברענט אין יעדן מאָמענט פון אונזער לעבן און פון אונזער היסטאָריע".

אַזוי זעט אויס, פון שטאַנדפּונקט פון פאָרם, ביקלס „שרייבער פון מיין דור". איז עס טאַקע אַ בוך, וואָס האַלט דעם לייענערס אויפמערקזאַמקייט געשפּאַנט ,און מ'איז ממשיך אין לייענען עס מיט פאַרגעניגן.

— 4 —

אָבער כאָטש אַלץ אין אָט דעם בוך איז אינטערעסאַנט און באַלערנד, זיינען אין אים אָבער דאָ געוויסע אַרבעטן, וואָס מוזן גאָר באַזונדערס אַרויסגעהויבן ווערן. ווי גלענצנדיק ער איז נישט, ווען ער שרייבט וועגן דיכטער און בעלעטריסטן, ווערט ער אָבער באמת נשמה יתירהדיק, ווען עס קומט צו די מייסטער פון דער יידישער עסיי. דער צווייטער טייל פון „שרייבער פון מיין דור", דער, וואָס איז געווידמעט זשיטלאָווסקין, קאָראַלניקן, באָריישאַן, מוקדונין, מינקאָוון, שאַצ־קין, ניגערן און חיים גרינבערגן, באַשטייט פון שעדעווערן. אין אָט דער אָפּטיילונג געפינט זיך ביקל מער אין דער היים, ווי אין וועלכער ס'איז אַנדערער פון זיין גרויסאַרטיקן בוך. „בתוך עמי אני יושב", לאָזט זיך אַרויספילן פון זיינע אַרבעטן וועגן די אָנגערופענע מייסטער פון דער עסיי־קונסט.

אין דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע פירט זיך, אַז ווען ס'ווערט אַריינ־גענומען אַ נייער מיטגליד, אויפן אָרט פון אַ פאַרשטאָרבענער באַרימט־

קייט, ווידמעט דער ביי אַריינגעגנומענער פּראָזאַיקער אָדער דיכטער זיין איינטריטס־רעדע צו אַן אַנאַליז פון דער שעפערישער פערזענלעכקייט פון זיין פאַרגייער אויפן אַקאַדעמיקער־שטול.

ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס דר. ביקל, וואָס טראָגט, און מיט אַזוי פיל ווירדע, די אַקאַדעמישע טאָגע, אַזוי צו זאָגן, פון דעם פאַרשטאָרבע־נעם שמואל ניגער, האָט, לויט דער צאָל זייטלעך, די לענגסטע, און, קוואַלי־טאַטיוו, אייגע פון די גאָר בעסטע אַרבעטן, געווידמעט דעם פאַרשטאָר־בענעם גרויס־מייסטער פון דער ליטעראַטור־קריטיק און פון דער ליטע־ראַרישער עסיי אויף יידיש.

ס׳ווילט זיך אויך אַרויסהייבן ביקלס פונדאַמענטאַלע אַרבעטן וועגן יעקב גלאַטשטיין, גלאַנץ־לעיעלעס, משה לייב האַלפּערן, אהרון צייטלין און אברהם סוצקעווער; אָבער גאָר אַ באַזונדערן פּלאַץ, דעם ערן־פּלאַץ, אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדריקן, צווישן זיינע פּרעכטיקע אַרבעטן וועגן הייגט־צייטיקע יידישע דיכטער, פאַרנעמט זיין קריטיק, וואָס איז, אין אַ געוויסן זין, פּאָעזיע אין פּראָזע, וועגן איציק מאַנגער. דער דאָזיקער גרויסער דיכ־טער האָט דורך ביקלס עסיי וועגן אים, ענדלעך געקראָגן זיין תיקון אין אונזער קריטיק.

פון דער דאָזיקער ווונדערלעכער עסיי ווילט זיך ציטירן גאָר אַ סך. זאָל אָבער זיין גענוג מיט דעם פאָלגנדיקן אויסצוג, וואָס באַווייזט נאָך אַ מאָל דר. ביקלס מייסטערשאַפט אויפן געביט פון כאַראַקטעריסטיק. לויט אים באַשטייט מאַנגערס אויפטו

„אין דעם, וואָס מאַנגער האָט די ספּעציפישע זינגעוודיקייט פון הונדערטער יאָרן רעגיאָנעלן פאָלקס־געזאַנג דערהויבן דורך זיין ליד צו אַל־יידישער מוזיק, דערהויבן צו דער נאַציאָנאַלער מוזיקאַליש־קייט פון יידיש־פּאָעטישן וואָרט.

„עס איז דאָס, גלויב איך, אַן אויפטו פון לוטערישן פאַרנעם, אַ דערגרייכונג צו פאַרגלייכן מיט יענער, וואָס דערהויבט אַ דיאַלעקט צו דער מדרגה פון אַ נאַציאָנאַלער ליטעראַטור־שפּראַך".

אויך די פּראָזאַיקער, וועמענס שאַפן ס׳ווערט באַהאַנדלט אין „שריי־בער פון מיין דור", גיבן אים אַ געלעגנהייט פאַר טיף גראָבנדיקן אַנאַליז און פאַר שווער באַשטרייטבאַרע סך־הכלען. מוסטערגילטיק איז אין אָט דער הינזיכט די ווונדערלעכע עסיי וועגן י. באַשעוויס, ספּעציעל איר טייל „אַטמאָספער־בילדער און דיאַלאָג", אין וועלכן מיר געפינען אָט די, מיט אַ מייסטער־האַנט אַרויסגעבראַכטע פאַרגלייכנדיקע כאַראַקטעריסטיק:

„מענדעלע, דער זיידע האָט קינסטלעריש אָפּעריִרט מיטן אויג, שלום־עליכם, דאָס איינִיקל — מיטן אויער. דאָס אוראייניקל באַשעווים איז לעבן דוד בערגעלסאָנען דער מאַדים צו נוצן דעם חוש־הריח ווי אַ קינסטלערישן מאָל־אינסטרומענט".

— 5 —

**דער סך־הכל־איינדרוק פון „שרייבער פון מיין דור":**

**ווען מ'רעדט, וואָס שייך דער יידיש־ליטעראַטור, וועגן אונזערע קלאַסיקער אויפן געביט פון ליטעראַטור־קריטיק און פון ליטעראַרישן עסיי, מוז דר. שלמה ביקל פיגורירן זייט ביי זייט מיט בעל מחשבות און ש. ניגער. ווען ער וואָלט אפילו נישט געהאַט אָנגעשריבן די זעקס אַנדערע ביכער, וואָס יעדער פון זיי האָט אויף אַ געוויסן אופן באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור, וואָלט בלויז אָט דאָס ווערק, רייך אין טיפע געדאַנקען און אין וווּנדערלעך געפּאַסטע כאַראַקטעריסטיקס, אים דערצו באַרעכטיקט.**

.1959

# י. ראַפּאָפּאָרטס שטרענגער צונאַנג

יהושע ראַפּאָפּאָרט. יעדעס מאָל, ווען אָט דער נאָמען קומט מיר אויפן זינען, איז ער ביי מיר פאַרבונדן מיטן באַגריף וועגן אַ קאַלאָסאַלן קולטור־באַגאַזש, וואָס שייך דער גרויסער נישט יידישער וועלט, און וועגן אַ טיף־טיפער געלערנטקייט אין יודאַיסטיק, אין דעם ברייטסטן זין פון וואָרט, וואָס, צוזאַמען, מאַכן זיי אים פאַר אַ חד במינו אין אונזער ליטעראַטור־קריטיק.

ראַפּאָפּאָרט איז באַהאַוונט אין דער וועלט־ליטעראַטור נישט דורך אי־בערזעצונגען, נאָר טאַקע דורך די אָריגינאַלן, ווייל ער איז אַ לינגוויסט, וואָס באַוועגט זיך פריי אין אַלע וויכטיקערע שפּראַכן פון דער אייראָפּע־אישער קולטור־וועלט, די אַנטיקע שפּראַכן אַריינגערעכנט.

און ווען עס קומט צו דעם געביט פון דער יידישער קולטור, דאַרף מען לאַנג זוכן ביז מען וועט געפינען זיינס גלייכן אין דער באַהערשונג פון אונזערע ביידע שפּראַכן, העברעאיש און יידיש; אין דעם האָבן אַזוי טיף, אַזוי פולשטענדיק, זיך אַריינגעלעבט אין די אַלטע קוואַלן פון אונזער יידישן גייסטיקן וועזן, פּונקט אַזוי ווי אין די מאָדערנסטע שאַפונגען פון אונזער איין און איינציקער ליטעראַטור אויף ביידע שפּראַכן.

זיין ערשטע און טיפסטע ליבע געהערט צו דעם ספר הספרים: צום תנ״ך. אַ קענער פון דעם גרעסטן ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור, ווי זעלטן ווער, הערט יהושע ראַפּאָפּאָרט קיינמאָל נישט אויף, ווי אַ שריפט־שטעלער, זיך אומצוקערן צו אים. לייענער פון „צוקונפט״ געניסן פון צייט צו צייט פון אָט די ראַפּאָפּאָרט־וואַריאַציעס אויף זיין באַליבטער תנ״ך־טעמע.

יהושע ראַפּאָפּאָרט איז אַן עסייאיסט פון גאָטס גנאָד. ער באַזיצט עלע־גאַנץ פון סטיל, וואָס גייט ביי אים האַנט ביי האַנט מיט עכטן, קיינמאָל זיך נישט אויסלעשנדיקן פּאַטאָס; און זיין ממש ענציקלאָפּעדישן וויסן גיט ער דעם לייענער איבער אויף אַ נישט־„אַקאַדעמישן״ אופן, אַריינציענדיק

אים אין דעם אינטערעסן־קרייז פון דער אָדער יענער עסיי מיט יענער אנטציקנדיקער לייכטקייט, וואָס בלויז אויסדערוויילטע מייסטער אין דער קונסט פון שרייבן עסייען, ווייסן איר סוד.

איז דעריבער אויך נישט קיין וווּנדער וואָס דעם נאָמען יהושע ראַפּאָ־פּאָרט געפינען מיר אין כמעט אַלע בעסערע יידישע אויסגאַבן, וואָס דרוקן ליטעראַטור און ליטעראַטור־קריטיק.

ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער איז ער אומדערשראָקן. ער טראָגט נישט קיין זיידענע הענטשקעס און דינט נישט צו קיין פאַלשע געטער. טריי ביז צו דער לעצטער קאָנסעקווענץ צו זיינע גרונט־פּרינציפּן וואָס שייך קונסט און עסטעטיק בכלל, און צו זיינע אידייען וועגן דעם ווי זיי דאַרפן אָנגעווענדט ווערן אויפן געביט פון דער ליטעראַטור־קריטיק, קעמפט ער שוין פיר צענדליק יאָר פאַר זיינע אמתן מיט דעם אידעאַליזם און קוראַזש פון אַן עכטן דאָן־קיכאָט.

געוויס האָט ראַפּאָפּאָרט אין משך פון זיין לאַנגיאָריקער קאַריערע ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער, נישט איין מאָל אַרויפגעטראָטן אויף, אַזוי צו זאָגן, ליטעראַרישע הינער־אויגן אין זיין קאַמף קעגן אַלץ, וואָס איז שאַ־בלאָן, מוסקול־לאָז, לעבלעך, „אי נאשים אי וואשים" אין דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק. אַ גלענצנדיקער פּאָלעמיסט מיט אַ גליענדיקן טעמפּע־ראַמענט, איז ער נישט זעלטן געוועזן פאַרוויקלט אין שלאַכטן, פון וועלכע זיין באַוווּנדערונגס־ווערטע פערזענלעכע אויפריכטיקייט און אינטעלעק־טועלע ערלעכקייט, וואָס איר צו דינסט שטייט שטענדיק זיין פולשטענ־דיקע באַהערשונג פון דער געגעבענער טעמע, און די עלעגאַנץ פון דעם געבוירענעם עסייאיסט, האָבן אים אָבער אַרויסגעבראַכט ווי דעם זיגער.

יהושע ראַפּאָפּאָרט איז בלי שום ספק איינע פון די שטורעמדיקסטע גייס־טער אויפן געביט פון דער הייגטצייטיקער ליטעראַטור־קריטיק ביי יידן, און איינער פון די באַרג־שפּיצן אין דעם זשאנר פון דעם ליטעראַרישן עסיי.

.1956

# ה. רויזענבלאַטס דיכטערישער האַרבסט

דאָס געבעט „על תשליכנו לעת זקנה" מוז נישט דוקא זיך באַציען אויף דעם מענטשנס פיזישן אָדער מאַטעריעלן אַספּעקט; עס קען אויך ווערן אָנגעווענדט אויף זיין גייסט אָדער אינטעלעקט, ווי, צום ביישפּיל, אין דעם פאַל פון שאַפנדיקע קינסטלער. ווי אָפט זעען מיר, אַז צוזאַמען מיט דעם אומפאַרמיידלעכן פּראָצעס פון פ י ז י ש ע ר דעקאַדענץ, אַפילו ווען ער קומט פאָר לאַנגזאַם און שטופנווייז, הייבט זיך ביי זיי אָן אַ באַרג אַראָפּ אין זייער שאַפן. ווען אַפילו, וואָס שייך דער צאָל פון זייערע שאַפונגען, ווערט זי נישט באַדייטנד געמינערט, באַווירקט אָבער די אייגנטרעטנדיקע עלטער איר איכות. דאָס איז דער כלל.

בלויז אין גאָר ווייניק, אפשר געציילטע פאַלן, איז די דערשיינונג אַ פאַרקערטע, דאָס הייסט, אַז נישט נאָר פאַרלירט נישט דער שאַפנדיקער קינסטלער, מיט דער אָנקומענדיקער און מיט דער טיף אַריינגעטראָטענער עלטער, זיין קרעפטיקייט; נישט נאָר בלייבן זיינע קינסטלערישע לייסטונגען אויף דער זעלבער הויך וואָס פריער, — נאָר זיין זשעני אָדער גרויסער טאַלאַנט צעבליט זיך ערשט און קריגט זיין פולן תיקון נאָכדעם ווי ער, דער קינסטלער, איז שוין אַריבער די גרענעץ פון דוד המלכס יאָרן. איז דאָס דער יוצא מן הכלל.

צו די ווייניקע אויסנאַמען, וואָס מ'קען אויסרעכענען אין דער וועלט־געשיכטע פון קינסטלערישן שאַפן, האָט געהערט ה. רויזענבלאַט. זיין געבעט, ווי אַ קינסטלער, „על תשליכנו לעת זקנה", איז דערהערט געוואָרן, און די מוזע איז געווען גנעדיק צו אים אין דער פולסטער מאָס.

ווען ס'האָט געשלאָגן זיין שעה, איז רויזענבלאַט, דער פּאָעט, געשטאַנען אויף אַ קינסטלערישער הויך, וואָס איז געווען אַ קלימאַקס אין זיין קינסט־לערישער אַנטוויקלונג. זיינע רייפסטע שאַפונגען געהערן צו דער צייט, ווען ער איז געווען אין זיינע זיבעציקער. געוויס זענען אויך פריער אין זיין דיכטערישער קאַריערע געווען עטאַפּן, וואָס האָבן געקענט אָנגערופן

ווערן ווי ס'הייסט איינס פון זיינע גאַר לעצטע ביכער: „אַ ליכטיקע נסיעה״; די דערהויבונג אָבער צו דעם שווערסטן זשאַנר אין פּאָעזיע: צו פילאָזאָפישער ליריק, געפינען מיר ערשט אין זיין לעצטן בוך: „אין שענסטן טאָג פון האַרבסט״; אין דעם בוך, אין וועלכן דער דיכטער מאַכט אַ ווונדערפולע רעטראָספּעקטיווע רייזע צו זיינע קינדער־יאָרן, אַן אינטראָספּעקטיווע רייזע צו זיך אַליין, און אַן אַלטרואיסטישן אַרויספאָר אין די וועלט פון סאָציאַלער אומרעכט. אָט דער ה. רויזענבלאַט קריצט זיך אַמטיפּסטן איין אין דעם געפיל, און במילא אין דעם זכרון פון דעם לייענער.

ה. רויזענבלאַט האָט געהאַט, ווי אַ דיכטער, די זכיה, אַז אין זיינע שאַפונגען זאָל זיך, גייסטיק, נישט אַריינכאַפּן דער ווינטער מיט זיין קעלט און פראָסט. די לעצטע יאָרן פון זיין שעפערישן לעבן זענען געווען דער שענסטער האַרבסט. נאָכמער: די געדיכטן, וואָס, צוזאַמען, זענען זיי רויזענבלאַטס שוואַנען־ליד, מאַכן אין זייער גרעסטן טייל, דעם איינדרוק, אַז ס'איז אין דעם דיכטערס אינספּיראַציע נאָך גאַר געווען ערשט זומער־צייט פון פאַרן שניט, ווען אין גאָטס נאַטור גייען שיינקייט און רייפ־קייט אומצוטיילבאַר צוזאַמען.

אויב מיר זאָלן אויף אַ ווײַלע דאָך צולאָזן וועגן רויזענבלאַטן דעם געדאַנק וועגן האַרבסט, איז עס יענער באַרימטער „אינדיען סאָממער״ אין ניו־יאָרק, קעגן אָקטאָבער, ווען די נאַטור אַרום איז רויט־גאָלדיק, די זון גלעט און אַ יום־טובדיקייט פון שטילן דערוואַרטן איז צעגאָסן אין דער לופט.

רויזענבלאַטס דיכטערישער האַרבסט איז געווען אַזוי אָפט טיף זומער־דיק, ווייל דער פּאָעט איז, גרונטזעצלעך, געווען געבענטשט מיט געזונטער, לעבנס באַיאָענדיקער ראָמאַנטיק, וואָס האָט פאַרן לייענער פאַרוואַנדלט זיין פּאָעזיע אין „מיין ליכטיקע נסייעה״, ווי ער, דער דיכטער, האָט אַזוי געלונגען באַטיטלט איינעם פון זיינע בעסטע ביכער.

נישט נאָר האָט זיך, ווען ער איז אַריין אין זיינע זיבעציקער, די מוזע פון אים נישט אָפּגעטאָן, נאָר, אומגעקערט, „אין שענסטן טאָג פון האַרבסט״ הערן מיר דעם דיכטערס אָנזאָג אויף נייע קינסטלערישע פאַרמעסטן:

„ווער עלטער און עלטער און — עלטער.
נאָר היט זיך, מייד אויס ווערן אַלט!
אין רייפקייט פון יאָרן אַנטפּלעקט זיך
גאָטס פּנים אין מענטשלעך געשטאַלט״.

אַזוי האָט געטראַכט דער דיכטער שוין נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט

אַריבערגעשפּרייזט דעם לעבנס־שפּאַן פון דעם קעניג־פּאָעט, און דאָס גע־דיכט, פון וועלכן אָט די פּערזן זענען אַ טייל, טראָגט דעם כאַראַקטעריסטישן נאָמען: „די זון וועט קיינמאָל נישט פאַרגיין".

„אין שענסטן טאָג פון האַרבסט". קיינער וואָלט נישט געקענט בעסער כאַראַקטעריזירן דעם דיכטערס לעצטע יאָרן ווי אַ שאַפער פון קינסטלערי־שע ווערטן, ווי ער האָט עס אַליין געטאָן מיטן אָנרופן אַזוי דעם לעצטן בוך, וואָס ס'איז אים באַשערט געווען צו זען אַרויסקומען אויף דער ליכטיקער שיין. ער דערגרייכט אין געוויסע געדיכטן, וואָס מיר לייענען דאָרט, יענע גייסטיקע רואיקייט, יענע אינערלעכע האַרמאָניע, וואָס אויך אין דער וועלט־ליטעראַטור געפינט מען זיי בלויז ביי פּאָעטן יחידי סגולה, ווען מען עלטער, וואָס שייך קינסטלערישן אויפטו, נישט נאָר זי פאַרשעמט נישט די יוגנט זייערע, נאָר איז אומגעקערט, די קרוין, דער פּאָעטישער קולמינאַציע־פּונקט פון אַ דיכטערישן לעבן, וואָס איז, אין זיך אַליין גענומען, געווען אַ מייס־טערווערק. אָט די פולשטענדיקע האַרמאָניע, וואָס דער דיכטער אַנטפּלעקט אויף דער עלטער צווישן זיך און דער וועלט, געפינט אַ קרעפטיקן אויסדרוק אין אָט די מערקווירדיקע פּערזן, אין וועלכע ס'אָטעמט פילאָזאָפישע ליריק:

„כיהאָב קיינמאָל צווישן וואָר און חלום ניט געזען די מינדסטע סתירה.
אין טראָפּן טוי, אין שפּראָץ אויף טאָג, אין רעגנשפּריי, אין ווינט,
אין שמייכל פון אַ קינד, פונסניי דך זע איך גאָטס יצירה..."

איז שוין קיין וואונדער נישט, וואָס אויף דער עלטער איז רויזענבלאַט, דער דיכטער, נישט נאָר נישט געוואָרן סקעפּטיש, ווי ס'פּאַסירט אַזוי אָפט מיט מענטשן אויף דער עלטער; נישט נאָר האָט ער נישט באַטראָטן דעם קהלת־וועג פון הבל הבלים; נישט נאָר איז ביי אים נישטאָ דער קלענסטער אָנדייט אויף אַפּאַטיע אָדער גאָר אינדיפערענץ, נאָר גאַנץ אומגעקערט, אין אַ געדיכט מיטן כאַראַקטעריסטישן נאָמען „איך ווער נאָך אַלץ נתפעל" לאָזט אונז דער פּאָעט הערן:

„איך ווער נאָך אַלץ נתפעל
פון יעדער מינדסטער זאַך;
פון שמעטערלינג אין גאָרטן,
פון בושעל אויפן דאַך".

וויפל יוגנטלעכקייט ליגט אין אָט די פּערזן! דאָס איז פּאָעזיע נישט פון סופן און סך־הכלען, נאָר פון אַ אָנהייב, פון אַ שטענדיק נייעם גרוס צו דער וועלט. דאָס איז דאָך דער ראָמאַנטיקער „פּאַר עקסצעלאַנס". און וואָס איז נאָך אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן ראָמאַנטיקער, ווי בענקשאַפט? זינגט טאַקע דער אַלט־יונגער דיכטער רויזענבלאַט:

„איך בענק נאָך — היינט ווי נעכטן,
בשעת די זון פאַרגייט;
אין פרילינג, ווען עס רעגנט;
איןווינטער, ווען עס שנייט".

בלעטערט אין די שאַפונגען פון די עכטע ראָמאַנטיקער אין אַלע שפּראַכן, און איר וועט זען, ווי זיי שפּרייטן אויס צו דעם אַלט־יונגן דיכטער זייערע הענט, זאָגנדיק אים: „אָחינו אתה". זייער אַלעמענס שפּראַך רעדט ער און זייער אַלעמענס טיפערן „איך" דריקט ער אויס, ווען ער זאָגט:

„ניט וועק מיך . . . צעשטער ניט דאָס בלאָנדזשען . . .
איך שוועב צווישן וואָרהייט און רמז;
די וואָר איז די זריעה פון חלום,
דער חלום דער וואָרצל פון אמת . . ."

ערגעץ ווו איז דאָ דער פּאָעט, וועלכער האָט אָט דאָס געשריבן, ווען ער איז געווען שוין העט איבער זיבעציק, זיך קינסטלעריש־דענקעריש צוזאַמענגעקומען מיט אַ צווייטן דיכטער, וואָס האָט אויך אין זיינע זיבעציקער, געשריבן (פרייע איבערזעצט):

„וואָס ס'איז מיין איצטיקער באַזיץ,
דאָס זע איך ווי פון דער ווייטן,
און דאָס, וואָס שוין פאַרשוונדן,
קומט מיר פאַר ווי צאַפּפּלדיקעווירקלעכקייט".

זענען אָט די פּערזן געשריבן געוואָרן פון אַ דיכטער, וואָס אויך ער האָט אויף דער עלטער געפונען אַ טיפע האַרמאָניע צווישן זיך און דער וועלט. זיין נאָמען איז געווען געטהע.

געבענטשט איז אַזאַ דיכטערישע עלטער. געבענטשט זענען די יאָרן, ווען רויזענבלאַט האָט, אין די זיבעציקער, געקענט דיכטן, זייענדיק געטראָגן אויף די פליגלען פון ראָמאַנטיק:

„איך האָב זיך פאַרחלומט אַ חלום.
איך האָב זיך אַ טראַכטונג פאַרטראַכט.
איך כישוף אַ כישוף און כישוף
זיך אויס אַ פאַרכישופטע נאַכט.

איך חלום זיך אויס אַ לבנה;
אַ הימל מיט שטערן — איך סוף!
אַז אַלצדינג אַרום מיר איז חלום,
איז אויך שוין אַ חלום דער שלאָף..."

ווען מיר לייענען זיך אַריין אין די אויסגעטרוימטע וועלט פון דעם דיכטער, וואָס האָט באַוויזן צו בלייבן אַ ראָמאַנטיקער אין די יאָרן, ווען אַזוי פיל אַנדערע ווערן באַהערשט פון אַ דערדריקנדיקן באַוווסטזיין, אַז זיי שטייען שוין ביים ראַנד, און אַז אָט וואַרט שוין אויף זיי דער לעצטער וועג, — באַגרייפן מיר בעסער פאַרוואָס ער האָט וועגן זיך אַמאָל געזאָגט: „איך בין בלויז אַ ב י ס ע ל ע גרוי". אויף רויזנבלאַטס דיכטערישן פעלד איז אַלץ געוועזן אייביק גרין; אין זיין דיכטערישן גאָרטן האָט שטענדיק אַלץ געבליט. דאָרט אַהין איז דער ווינטער קיינמאָל נישט דערגאַנגען, און געשטאָרבן איז דער דיכטער אַלט־יונג: אַלט אין יאָרן און יונג אין זיין קיינמאָל נישט פאַרעלטערט געוואָרענעם מערקווירדיקן טאַלאַנט. ער איז פון אונדז אַוועק „אין שענסטן טאָג פון האַרבסט".

.1956

# אַ מוזיק־ליבהאָבערס באַגריסונג צו יעקב גלאַטשטיין

איר זענט געוואָרן אַ בן־ששים. באַגריס איך אייך צו אייער אַריינ־טרעטן אין דער קאַטעגאָריע פון דיכטער אין זייער ר י י פ ס ט ן עלטער, ווען זייער פּייאיקייט צו שאַפן (ווען ס'האַנדלט זיך וועגן באמת גרויסע דיכ־טער, און איר זענט, לויט מיין פּאַרוואָרצלטער איבערצייגונג, איינער פון זיי) גייט אין „קרעסטשענדאָ".

איך האָב ראשית כל דערמאָנט דעם ד י כ ט ע ר אין אייך, ווייל: וואָלט נישט געווען יעקב גלאַטשטיין, דער דיכטער, וואָלטן גלאַטשטיין, דער זשור־נאַליסט, און גלאַטשטיין, דער עסייאיסט — ליטעראַטור־קריטיקער, נישט געקענט געדייען. אָט דיביידע גלאַטשטיינס זענען, ווי א י ך זע עס, בלויז נעבן־שטראָמען פון דעם גרויסן טייך, וואָס ס'איז יעקב גלאַטשטיין, דער דיכטער.

און ווען איך שטרייך אונטער דעם פּ אָ ע ט אין אייך, מיין איך נישט דווקא דעם מייסטער־סקולפּטאָר פון דעם פערז אין יידיש, נאָר אויך דעם שרייבער פון דער קינסטלערישער פּ ר אָ זע, וואָס מיט איר זענען פול אַזוי פיל זייטן פון „ווען יאש איז געפאָרן" און „ווען יאש איז געקומען".

ווי שיין קלינגט די יידישע שפּראַך, ווען איר, יעקב גלאַטשטיין שרייבט יידיש!

וואָס זאָל איך אייך ווינטשן? איך וועל בעסער ז י ך אַ ל י י ן ווינטשן אָט וואָס:

אַז נאָך אַ סך יאָרן זאָל איך, ווי אַ מוזיק־קריטיקער, ווי ביז איצט, זיך קוויקן מיט דער וווּנדערלעכער מוזיקאַלישער קלאַנגפולקייט, וואָס אייער איינציקאַרטיקער געפיל פאַר שפּראַך־ריטמישקייט און פאַר בויגיקייט פון יידישן וואָרט, שאַפט פאַר מיין אויער; איך זאָל נאָך אַ לאַנגע, לאַנגע צייט יעדעס מאָל אויפסניי הנאה האָבן פון דער פיינער „לעגאַטאָ"־מעסיקייט

פון אייער שפּראַך, וואָס איז כמעט אינגאַנצן פריי פון ווינקלדיקייט, וואָס „סטאַקאַטאָ״ שאַפט, און וואָס זי פליסט כמעט נאָכאַנאַנד אָוואַל־מעסיק.

ווי אַ ליבהאָבער פון מוזיק, קריג איך שטענדיק מיין שכר פאַרן דורכלייענען אייערע אַ שאַפונג, אויך ווען ס'האַנדלט זיך וועגן אַ זאַך פון זשורנאַליסטישן אָדער ליטעראַריש־קריטישן געביט, מיט וועלכער איך קען יאָ אָדער נישט זיין איינשטימיק. דער שכר איז דער טיפער נחת רוח, וואָס די פּרעכטיקייט פון אייער „ווי״ פאַרשאַפט מיר. און ווען ס'קומט צו יעקב גלאַטשטיין, דעם פּאָעט, וואָס ווען איך לייען זיינע דיכטונגען, סיי אין פּראָזע און סיי אין פערזן, פאַרשווינדט בכלל די פראַגע פון טעזיס קעגן טעזיס, — דאָ בין איך אינגאַנצן אייער וואַסאַל.

איז דעריבער, ווי אַן עגאָאיסט, ווינטש איך זיך צו האָבן נאָך אַ סך יאָרן די פּריווילעגיע צו געניסן עסטעטיש־עמאָציאָנעל פון אַלץ נייע און נייע שאַפונגען פון יעקב גלאַטשטיין, דעם דיכטער, און פון די צוויי אַנדערע גלאַטשטיינס: דעם זשורנאַליסט און דעם עסייאיסט — ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס ציען, גרונטזעצלעך, זייער יניקה פון יעקב גלאַטשטיין דעם פּאָעט.

.1956

# אַ גלאַטשטיין־שעדעווער

### („גוט יום טוב")

ווער האָט עס געזאָגט, אַז אַ דיכטער מוז דווקא וווינען אין אַ טורעם פון עלפאַנטביין, ווייט פון די ליידן און פריידן פון דעם לעבן פון דעם אַרום. יעקב גלאַטשטיין איז די שטאַרקסטע און ווירקזאַמסטע אָפּלייקענונג פון אָט דעם פאַלשן באַגריף.

זעלטן ווער פון אונדזערע יידישע פּאָעטן, און נישט נאָר פון די יידישע, ס'האָלט, דיכטעריש, אַזוי באַשטענדיק זיין האַנט אויפן פּולס פון דער וועלט, ווי דאָס טוט דער דיכטער פון „רעד צו מיר יידיש"; און גאָר זעלטן אַז דער פּאָעט, וואָס גיט דעם האַלטן זיין האַנט אויף דער וועלטס פּולס אַזאַ שפּראַכלעך־פּלאַסטישן אויסדרוק, ווי דאָס געלינגט יעקב גלאַטשטיינען.

„זע ווי סיפּנים פון דער וועלט
איז שוין צעקרומט און מאַלפּעדיק,
הער, ווי מיפאַרשטייט שוין מער נישט
איינער דעם אַנדערנס לשון.
האָרך, ווי מיבויט
אַלץ העכער און העכער,
דעם טורעם פון חורבן".

איז שוין יאָרן ווי אָט דער טיף פילנדיקער, קלאָר זעענדיקער און, פון שטאַנדפּונקט פון שפּראַך און סטיל, סקולפּטור־מעסיק פורעמענדיקער דיכטער, איז אַ סך מער ווי בלויז אַ גרויסער יידיש־יידישער פּאָעט, איינער פון די דריי ווויכטיקסטע היינט צו טאָג; ער איז אין די לעצטע אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר, אין דער ליטעראַטור אויף יידיש, אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר יידישער פּאָעט; נאָך מער: ד ע ר נאַציאָנאַלער יידישער פּאָעט.

ווער ס'האָט געהאַט דעם פאַרגעניגן דורכצושטודירן זיין סך־הכל־בוך: „פון מיין גאַנצער מי", האָט געמוזט קומען צו דער איבערצייגונג, אַז קיינער פון צווישן אונדזערע היינטצייטיקע יידיש־יידישע דיכטער, איז נישט אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אין דעם, וואָס מ'קען אָנרופן דאָס אור־יידישע, ווי דאָס טוט דער דיכטער פון די „שטראַלנדיקע יידן".

— 2 —

ס'איז דעריבער געווען נאַטירלעך, אַז גלאַטשטיין זאָל אין אַ וואָס אַ מאָל אַלץ שטאַרקערער מאָס און אין אַ טיפערן זין זיך פאַרטונקען אין דעם אויפגעגאַנגענעם ליכט, וואָס ס'איז מדינת־ישראל, און לאָזן אירע שטראַלן אים דורכדרינגען.

האָט ער צו דער געלעגנהייט פון דעם צענטן יאָרטאָג פון דער פּראָקלאַמירונג פון דער מלוכה, אָנגעשריבן אַ געדיכט, וואָס איז דער רייפסטער אויסדרוק פון זיין דורכלעבן די ישראל־פרייד און לאָזן איר זיך אויסלעבן אין זיין פּאָעזיע.

„גוט יום־טוב!" הייסט די נייע שאַפונג, און זי איז פון אַזאַ גרויסן קינסטלערישן ווערט, אַז נאָכן דורכלייענען און ווידער אַ מאָל לייענען איר, ווילט זיך דעם אָנטציקטן לייענער אויסרופן: „גוט יום־טוב, יידישע פּאָעזיע".

פונקט אַזוי ווי אין אַ טראָפּן וואַסער איז פאַרקערפּערט די גאַנצע נאַטור, אַזוי איז, וואָס שייך קינסטלערישע אייגנאַרטיקייט, אין אָט דעם געדיכט פאַרקערפּערט דער גאַנצער גלאַטשטיין. דער שפּראַך־ווירטואָז, וואָס טראָגט מיט אַזוי פיל ווירדע דעם מאַנטל פון משה נאַדירס מייסטער־שאַפט אויף אָט דעם געבוים, גייט אין „גוט יום־טוב!" האַנט אין האַנט מיט דעם סוווערענעם פורעמער פון פערז און מיט דעם מוזיקאַלישן קלאַנג־צויבערער. דערצו איז אפילו ביי אים אַליין זעלטן אַזוי פיל דערגרייכונג וואָס שייך בילדלעכקייט.

„אונדזער לאַנד האָט זיך צעבליט מיט צענדליקער זאָרגן,
אָבער די פּענעמער פון פרייד פלאַטערן זיכער.
שלום יידן,
אין לאַנד פון אייגענע דאגות,
וואָר ווי די זון איז די פרייד".

ער שלאָגט גלייך פון אַהויב אָן דעם טאָן פון אויפריכטיקייט, געבנדיק דעם אמתן הינטערגרונט פון דעם לעבן אין ישראל אין די ערשטע צען יאָר פון איר עקזיסטענץ ווי אַ מדינה. דאגות און זאָרגן. זיי ווערן אָבער, ווען געזען דורך דעם דיכטערס אויג, פאַרבלאַסט ביים אָנבליק פון דער

גוואַלטיקער, עפּאָכע מאַכנדיקער ,ענדערונג, וואָס מדינת־ישראל האָט אַריינ־
געבראַכט אין דעם גאַנג פון דער יידישער געשיכטע.

„וואַנדער פאָלק, וואונדער פאָלק,
ס'איז אפשר כדאי געווען
די צעשפּרייטקייט.
ס'האָט די גאולה געקלעטערט, געוואַנדערט,
אויסגעשפּרייט זיך, אַרומגענומען,
געלויכטן און געוואַרעמט;
איבער אַ פאָלק פון אַלטע אומצאָליקע
תשעה באָבס זיך דערבאַרעמט".

ווי יעדער באמת גרויסער דיכטער, איז גלאַטשטיין אויך געדאַנק־
לעך קאָנצענטרירט, און געפינגט די ריכטיקע, בילדלעכע פראַזע, וואָס
דריקט אויס אויף אַ פּלאַסטישן אופן אַ סך בעסער דאָס, וואָס אויסגעדריקט מיט
די מיטלען פון בלויז אינטעלעקט, וואָלט עס פאַרלאַנגט אַ גאַנצע אָפּהאַנדלונג.
אַזוי, צום ביישפּיל, וועלנדיק אונטערשטרייכן דעם היסטאָרישן פאַקט פון
דער מערקווירדיקער סעקווענץ פון יידישן אומקום אין די היטלער־יאָרן
און דעם אויפקום פון דער מדינה, באַנוצט ער זיך, ווי מיט אַ באַזע, מיט
דעם ביבלישן „מאז יצא מתק":

„פון שטאַרקייט איז אַרויס זיסקייט.
פון סופיקייט איז אַרויס אַנהויב".

— 3 —

טרערן קומען ביי מענטשן, ווי אַ רעזולטאַט פון גאָר שטאַרקע עמאָציעס.
זיי קומען אָבער, ווי דער אויסדרוק פון פאַרשידנסטע איבערלע־
בונגען. ווי אַנדערש זענען די, וואָס ס'רופט אַרויס די פרייד פון ישראלס
ערשטע צען יאָר, פון יענע טרערן, וואָס זענען פאַרגאָסן געוואָרן אין די
פאַרשידענע יידישע געשיכטלעכע יאָמער־טאָלן, ווען זיי זענען געקומען
„ממעמקים".

„. . . . אַלע טרערן זענען פרוכטבאַרע
דערלייזטע, געטרייסטע.
פאַר אַלטע יידישע הערצער אַ דערלאַבונג".

איז דערפאַר קיין וווּנדער נישט, וואָס דער דיכטער זאָגט מיט פרייד:

„סיוואָרעמען דעם צעוויטאָקדיקן רוקן
פון אַן אַלט פאָלק,
די ערשטע יאָרן,
ווי אַ משׂא פון געזאַנג".

אָט דאָס דערקלערט אויך פאַרוואָס די זאָרגן אין ישׂראל אין די ערשטע יאָרן פון „מתן מדינה" זענען געווען „ב ר כ ה ד י ק ע " זאָרגן; פאַר־וואָס די דאגות זענען געווען נישט קיין „ג ע ז י פ צ ט ע ", נאָר „פ אַ ר ז אָ ר ג ע ר י ש ע ".

— 4 —

ווי אַ סך־הכל פון דעם אַלעם קומען די פאָלגנדיקע וווּנדערלעכע פערזן, וואָס גיבן אונדז, דורך אומאיבערטרעפלעכער שפּראַך־און סטיל־מייסטער־שאַפט, אַ בילד, וואָס קריצט זיך איין אויף תמיד אין דעם לייענערס זכרון,

„סיזענען געווען די ערשטע יאָרן,
נישט געברענטע, נאָר ל י כ ט י ק ע צרות.
סיהאָבן יידישע בשׂורות, נצחונות,
געברענט ווי ניסים פון פאַרצייטיקייט".

דאָס איז פּאָעזיע פון העכסטן ראַנג, וואָס איז גלייכצייטיק נ אַ צ י אָ־נ אַ ל , אין ברייטסטן און טיפסטן זין.

מיטן געדיכט „גוט יום־טוב!" האָט יעקב גלאַטשטיין צוגעלייגט נאָך אַ דימענט צו דער קרוין, וואָס ער טראָגט אַזוי פאַרדינטערהייט אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע.

1958.

# אַ וואָרט וועגן איציק מאַנגער

יעדער פּעריאָד אין דער געשיכטע פון אַ נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, קען פאַרצייכענען עטלעכע נעמען, וואָס די צייט האָט, אין דער מיינונג פון דער קריטיק, ווי אויך אין דער פון די לייענער, אַרויסגערוקט ווי די רעפּרעזענטאַטיווסטע פאַר דעם באַשטימטן צייט־אָפּשניט . דאָס גילט פאַר דעם געביט פון פּראָזע, פּונקט אַזוי ווי פאַר דעם פון פּ אָ ע ט י ש ע ר שאַפונג.

וואָס שייך אָט דעם לעצטן געביט פון דער יידישער ליטעראַטור, זיינען, לויט דער באַשיידענער מיינונג פון דעם מחבר פון אָט די שורות, די רעפּרעזענטאַטיווסטע היינטצייטיקע יידיש־דיכטער: ה. לייוויק, יעקב גלאַטשטיין און איציק מאַנגער. מיט זיי דריי אַליין וואָלט געווען גענוג, אַז די יידיש־פּאָעזיע זאָל, מיט רעכט, פאַרלאַנגען אָנערקענונג אויף וועלט־מאַסשטאַב.

איז איינער פון זיי, איציק מאַנגער, איז אָנהויב היינטיקס יאָר געווען אַ בעל יובל: ער איז געוואָרן אַ בן־ששים.

איז דאָס אַ פאַקט, וואָס האָט אָנגעפילט מיט פרייד די גאַנצע יידיש־יידישע אינטעליגענץ, פּונקט אַזוי ווי יעדן יידישן קולטור־מענטש, וואָס אַלע האָבן זיי זיך יאָרן־לאַנג געקוויקט, און קוויקן זיך אויך איצט, מיט מאַנגערס שאַפונגען.

אומעטום, ווו נאָר ס׳קלאַפּט אַ יידיש־יידישער קולטור־אָדער, איז דער מאַנגער־יובילייי געווען אַ גרויסער קולטור־יום־טוב. און איך שליס נישט אויס פון די רייען פון די, וואָס האָבן געפייערט דעם מאַנגער־יובילייי, אויך די פאַרערער פון העברעאישער פּאָעטישער שאַפונג. אויב נאָר זיי האָבן אַ חוש פאַרן טיפערן זין פון יידישער קולטור.

— 2 —

ווייל אויב עס זיינען דאָ, און עס זיינען דאָ, אין דער יידישער פּאָעזיע

דיכטער וואָס האָבן זיך דערגרונטעוועט צו דעם יידישן אור־טעם, אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדריקן, פון די שענסטע דערציילונגען פון חומש, איז איציק מאַנגער ד ע ר גרויסער דיכטער, וואָס האָט עס געטאָן אין אַ מאָס, אין וועלכער קיין שום אַנדערער יידישער פּאָעט, סיי פ אַ ר אים, סיי פון זיינע מיטצייטלער, האָט עס באַוויזן.

איינער פון די וויכטיקסטע אויפטוען פון אַ היסטאָריקער, אויב נישט דער ס אַ מ ע וויכטיקסטער, איז דאָס פאַרוואַנדלען פאַר די לייענער פון זיינע ווערק, די פאַרגאַנגענהייט אין קעגנוואַרט; נישט נאָר צו זיין דער־ציילעריש, נאָר צו זיין אויך מאָלעריש. ווען געשיכטע ווערט פאַרגעשטעלט אין טערמינען פון א י צ ט י ק ע ר צייט, ווען זי ווערט פאַרקעגנוואַרטיקט, דאַן קען דער געשיכטלער וואָס האָט עס באַוויזן, האָבן דעם באַוווסטזיין, אַז ער מעג זיך באַרימען מיט אַ גאָר גרויסן אויפטו.

איציק מאַנגער האָט, ווי קיין שום אַנדערער יידישער דיכטער, פ אַ ר ־ ק ע ג נ וו אַ ר ט י ק ט די פערסאָנאַזשן וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון חומש. ער האָט זיי אַריינגעגעבן אין מויל אַ יידיש, וואָס וואָרצלט טיף־טיף אין מזרח־אייראָפּעאישער יידישקייט, אין מזרח־אייראָפּעאישן פאָלקסטום, שטעלנדיק אַזוי אַרום די יידישע שפּראַך אויף אַ הויכן, זייער הויבן פּעדעסטאַל.

מאַנגער האָט עפּעס געירשנט פון די יידישע טרובאַדורן פון מיט אַ יאָרהונדערט צוריק. ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס איינס פון זיינע שענסטע לידער פאַרנעמט זיך מיט דער ליכטיקער יידישער טרובאַדורן־געשטאַלט, וואָס ס׳איז געווען וועלוול זבאַרזשער.

און ווער פון אונדז האָט זיך נישט געקוויקט מיט זיינע, אַזוי טיף מענטש־לעכע און אַזוי פאַרוואָרצלט־יידישע שאַפונגען פון דעם „רבינו־תם" זשאַנר, וואָס זיינען אַזוי דערהויבן־פּאָעטיש און אַזוי פאָלקסטימלעך־צוטריטלעך. אין אָט די פּערל־שאַפונגען אַנטפּלעקט ער דאָך אָפּט פאַר אונדז אונדזער אינטימסטן צוזאַמענבונד מיט דעם וואָרצלדיקן יידישן פאָלקסטום. ער לאָזט אונדז אַריינדרינגען אין י ע נ ע געביטן פון יידישער אור־פאָלקס־טימלעכקייט, וואָס בלויז יחידי־סגולה צווישן דיכטער קענען עס באַווייזן. דעריבער טאַקע איז מאַנגער אַ פ ע נ אָ מ ע ן אין דער יידישער ליטעראַטור.

מיט דער יום־טובדיקער וואָכעדיקייט, וואָס קומט צום אויסדרוק אין מאַנגערס לידער, שאַפט ער אונדז אַ פריידיקע, יום־טובדיקע שטימונג. זיין פּאָעזיע ברענגט אונדז יום־טוב אין דער וואָכן. די גרויע וואָכעדיקייט פאַרשווינדט ווען מיר בלעטערן אין זיינע שאַפונגען, און מיר ווערן אָנגע־פילט מיט דעם געפיל פון „ס׳איז גוט און ס׳איז ווויל".

.1960

# וועלטשמערץ — מאָטיוו ביי אלף כץ
## (לייענענדיק זיין „חלום עליכם")

„דער ניגון איז אַלט,
נאָר דער טעם איז אַ נייער".

אלף כץ'ס נייסטער בוך לידער איז פון אַזאַ פאַרשידנאַרטיקן אינהאַלט, אַז ער לאָזט זיך אַנאַליזירן פון פאַרשידענע שטאַנדפונקטן, אַפּעלירנדיק צום לייענער מיט דער פאַרשידנאַרטיקייט פון זיין טעמאַטיק.

אין דער דאָזיקער פאַרשידנאַרטיקייט איז אָבער דאָ אַ געוויסער אונטערטאָן, וואָס גיט דעם בוך איינהייטלעכקייט. דאָס איז דער „חלום עליכם". ערגעץ ווו דרייט זיך אין אָט דעם בוך אַלץ אַרום איין גרונט־געדאַנק: אַז בלויז דורך חלום, דורך פאַרטרוימטקייט און, אין לעצטן סך־הכל, דורך פּאָעזיע, קען באַגריפן ווערן די טיפערע ווירקלעכקייט פונעם מענטשלעכן לעבן; אַז בלויז אַוועקגייענדיק פון דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט, קען דער מענטש איר באַגרייפן אין דעם, וואָס זי סימבאָליזירט:

„זייט וויסן און נעמט עס אַריין גוט אין זינען
אַז דאָ ווו איר טוט זיך אַצינדערט געפינען,
געפינט איר זיך שטענדיק, נאָר אָן אייער וויסן:
דער טעגלעכער שלייער מוז ווערן צעריסן,
און סימוז אייך אַ שלייער פון חלום באַדעקן,
כדי אייך דעם אמת פון זאַכן אַנטפּלעקן".

אָט דער גרונט־געדאַנק באַרעכטיקט דעם פאַקט, וואָס אין „חלום עליכם" זענען צוזאַמענגעבראַכט לידער, קורצערע און לענגערע, וואָס, אויפן ערשטן בליק דוכט זיך, אַז ס'פעלט זיי לאָגישער צוזאַמענהאַנג. ווען מיר נעמען אָבער אין באַטראַכט די נאָר וואָס ציטירטע פערזן, קריגט דאָס בוך אַ

**אינערלעכע לאָגיק, וואָס קומט צום אויסדרוק אין די פאָלגנדיקע פערזן, וואָס זענען דער אויסקלאַנג פון „חלום עליכם".**

„חלום עליכם, עליכם החלום,
טיף איז דער חלום און גרויס,
די וועלט איז אַ חלום
מיט טיפע משלים,
אַ מעשה, וואָס לאָזט זיך נישט אויס".

— 2 —

**די פאַרשידנאַרטיקייט פון דער טעמאַטיק אין „חלום עליכם" איז אַ מין גייסטיקער מן, וואָס מאַכט, אַז פאַרשידענע מינים לייענער וועלן אין אָט דעם אַזוי אייגנאַרטיקן בוך ,וואָס ס'איז אין אים נישטאָ קיין איין רו־טינע, טריוויאַלע שורה, געפינען באַזונדערע באַדייטונגען, וואָס וועלן זיין אָפּ־הענגיק פון זייער אייגענעם צוגאַנג צו אַ פּאָעטישן ווערק; פון זייער איי־גענעם פּאָעטישן טעמפּעראַמענט, אַזוי צו זאָגן. ווייל, ווי זאָגט עס אונז דער דיכטער:**

„דער **מיין** פון אַ ווערק ליגט אין יעדן באַזונדער,
און **דאָס** איז דער וואונדער! און **דאָס** איז דער וואונדער".

**דאָס קען אויסגעטייטשט ווערן, אַז פון געוויסע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דעם אָדער יענעם לייענער, וועלן זיין אָפּהענגיק זיינע פּרע־פערענצן וואָס שייך דעם אָדער יענעם טייל פונעם בוך.**

**זאָל דעריבער מיר דערלויבט זיין זיך צו טיילן מיטן לייענער מיט דעם איינדרוק, וואָס איז פאַר מיר געוועזן דער שטאַרקסטער ביים געניסן פון אלף בית'ס פּאָעזיע, ווי זי איז אויסגעדרוקט אין אָט דעם בוך. „חלום עליכם" איז אַ גייסטיק־עסטעטישער גענוס פונעם אָנהויב ביזן סוף. ס'אי־מיטירט קיינעם נישט, און, נאָכמער, ס'איז זייער שווער אַריינצופּאַסן עס אין דעם סדום־בעטל פון דער אָדער יענער פּאָעטישער „שול". געוויס, פאַר לייענער מיט אַ פּרימיטיוון, אולטראַ־קאָנסערוואַטיוון געשמאַק, איז „חלום עליכם" נישט די ריכטיקע פּאָטראַווע; ס'איז פּאָעזיע פאַר לייענער מיט אַ קולטיווירטן גוסט; פּאָעזיע, וואָס איז מאָדערן אין דעם בעסטן זין פון וואָרט: אָריגינעל דער איינפאַל, אָפּט אייגנאַרטיק דער פערז, און שטענדיק מוזיקאַליש דער ריטם. ס'איז פּאָעזיע פאַר לייענער, וואָס זענען סענסיטיוו צו פּאָעטישער עמאָציע; וואָס זענען אָבער גלייכצייטיק, אינטע־**

לעקטועל, אויפנאַמס־פּיאיק וואָס שייך אַ טיפערן געדאַנק, וואָס באַווייזט זיך אין אַ פּאָעטישער קליידונג.

— 3 —

וואָס ס'האָט מיר אין דעם דאָזיקן בוך פאַרשאַפט דעם שטאַרקסטן עסטעטישן גענוס, זענען יענע פערזן ,וואָס באַציען זיך אויף אַ טעמע, וואָס ס'איז אַלט ווי די וועלט, און וואָס איז, ווי היינע האָט עס אַזוי גלענצנד פאָרמולירט, „איינע אַלטע געשיכטע, וואָס בלייבט זאָ אימער נוי". דאָס איז די טעמע פון וועלט־שמערץ, פון דעם אייביקן „פאַרוואָס?"

און ווייל אין פּאָעזיע איז קיין בייער „וואָס" נישטאָ, ווייל אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט מענטש און מיט מענטשלעך האַרץ, איז שוין לאַנג, וואָס שייך טעמאַטיק, געזאָגט און באַזונגען געוואָרן, — בלייבט פאַר פּאָעטן איבער בלויז דער „ווי אַזוי". דאָ קען אַן אמתער, נישט אימיטירנדיקער דיכטער, אויפטאָן חידושים, דאָס הייסט, ער קען אים אַרויסברענגען אייגנאַרטיק, און מאַכנמאָל אפילו איינציקאַרטיק.

דאָס טוט אלף כץ, און ער טוט עס אויף אַן אופן, וואָס מאַכט אָט די פערזן זיינע פאַר אַ ווירדיקן בייטראָג צו יידישער דיכטונג. אָט איז זיינס אַ געדיכט פון דעם געביט פון וועלט־שמערץ־טעמאַטיק, וואָס בעט זיך ממש ציטירט צו ווערן:

„די שטערן און דער ים און יענער ווייטער באַרג,
דער פיש, דער האָז, דער לייב, דער בוים,
דאָס קלענסטע גרעזל ביי דעם ברעג פון פעלד,
דער פויגל און די מילב, די גריל,
און אַלץ וואָס לעבט און ליידט און וויל און וויל און וויל...
זיי האָבן אַלע איין באַגער,
זיי זענען אַלע איך און דו און ער.

און אַלע זינגען איין געזאַנג,
און אַלע וויינען איין געוויין,
און וועלן ווייטער זינגען, וויינען,
פרעגן איין געפרעג —
ביז צום סוף פון אַלע טעג,
ביז צום סוף פון אַלע טעג".

די וועלט־שמערץ־טעמאַטיק מוז לאָגישערווייז אַריינגעמען די קיינמאָל

גישט פאַרענטפערטע פראַגע, וואָס וועט אויך קיינמאָל נישט פאַרענטפערט ווערן ,וועגן לעבן און טויט, וועגן זייער קעגנזייטיקער פאַרבינדונג און באַציונג. איז דערפאַר אומפאַרמיידלעך, אַז אַ דיכטער, אַ „וועלט־שמערצלער", זאָל וועגן דעם זינגען אין זיינע לידער. טוט עס אויך אלף כץ, אין פערזן, וואָס רירן אָן דעם לייענערס עמאָציע, און שאַפן ביי אים אַ טיף מעלאַנ־כאָלישע שטימונג:

„פון וואַנען שטאַמט די קאַרגע מאָס,
דער פלוצעמדיקער ריס? פאַרוואָס,
פאַרוואָס דער איבערבראָך,
ווען יעדער אָדער וואַכט, וויל נאָך
און נאָך, וויל גאַנץ זיין מיט דעם הי?

מע זאָגט ס׳איז נאָר אַן איבערגאַנג
און אַז אַ נייער בלי,
אַן אייביק־גרינער איצט, איז אָנגעברייט
פון יענער זייט פון אייביקייט —
פאַרוואָס־זשע שרייט אַזוי און וויינט
אין רגע פון דעם סוף אַזאַ געשריי,
וואָס ציטערט־אויף די וועלט? ווי, ווי,
ס׳איז נישט צום פאַרשטיין,
נישט צום פאַרשטיין".

דאָס איז די גרונט־טעמע, און מיר געפינען אינעם בוך, צעוואָרפן, פאַרשידענע וואַריאַציעס. צי דאָס איז אַ שמאָלצע דערקלערונג פונעם דיכ־טער וועגן דער אייביקייט פון זיין ליד, צי ער רעדט וועגן ים־כוואַליעס אָדער גאָר וועגן דער לעגענדאַרער גאָלדענער פאַווע, „וואָס קען נישט פאַר־געסן דעם גאָלדענעם פעדער, וואָס זי האָט פאַרלוירן פון יענער זייט גדר". — ס׳איז אומעטום, ווי ס׳וואָלט עס אָנגערופן דער כינעזישער פאָעט ליטיי־פאָ, „דאָס ליד וועגן דעם יאָמער פון דער ערד".

זאָגט דער דיכטער:

„— מיין גוף איז פון שטויב און צו שטויב וועט ער קומען,
מיין ליד אָבער, וויל איך, זאָל אייביק דאָ ברומען,
דערזינגען, דערזאָגן די שטומע באַגערן,
פאַרפריידן דעם טרויער פון האַרצן און ווערן
אין בוס פון געזאַנגען אַן אייביקער ניגון. —"

און ער פרעגט, אַרייַנלייגנדיק גלייכצייטיק אין דער פראַגע דעם ענט־פער:

„וווהין — מיט טויזנט מיילער —
מוילט דער ים זיין כוואַליעדיק געשריי
און רייסט די לופט מיט זיין צערייצטן אוי־ריס,
ער, וואָס איז אַליין
אַן אַנגעווייגט געוויין פון דורות?"

זעלטן שיין איז די פאָלגנדיקע וואַריאַציע פון דעם וועלט־שמערץ־מאָטיוו: זי איז אָריגינעל לויט דער אויפפאַסונג און איז, קלאַנגלעך, טיף מוזיקאַליש:

„— זי גייט און זי האָרכט זיך אַליין איין צו די קלאַנגען
פון לידער און תפילות און ליבע־געזאַנגען.
ווו דיכטער, דורך דורות, באַזינגען מיט טרערן
און ווילן פאַרהיילן מיט זילבער פון שטערן
און ווילן פאַרשטילן אין האַרצן דעם יאָמער,
די בענקשאַפט נאָך דעם וואָס געווען און נישטאָ מער".

אַזעלכע שטעלן זענען דאָ אינעם בוך געגוג, אַז מיר זאָלן קענען באַטראַכטן דעם וועלט־שמערץ־מאָטיוו אין „שלום עליכם", ווי אַ באַשטאַנד־טייל, וואָס ער אַליין וואָלט געוועזן גענוג צו געבן אלף כץ'ס נייסטן בוך עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, ווי אַ וויכטיקער בייטראָג צו דער מאָדערנער יידי־שער פּאָעזיע.

.1958

# „דער פאַרמשפּטער דור“
## (לעאָניד פיינבערגס מייסטערווערק)

„דער פאַרמשפּטער דור“ איז אַ פּאָעמע פון גאָר אַ גרויסן פאַרנעם און לאַנגן אָטעם. דאָס בוך איז קינסטלעריש געקנאָטן פון דעם זעלבן טייג, פון וועלכן ס׳זענען אַרויסגעקומען אַזעלכע גרויסאַרטיקע ווערק, ווי, צום ביישפּיל, „יעווגעני אָניעגין“, אין דער רוסישער ליטעראַטור, און „פּאַן טאַדעוש“, אין דער פּוילישער.

ביידע נאָר וואָס אָנגערופענע ווערק, אוסערדעם, וואָס זייערע מחברים — אין ערשטן פּאַל פּושקין, און אין צווייטן מיצקיעוויטש — לאָזן אונז נאָכפאָלגן דעם הויפּט־העלד פון זיין פריסטער קינדקייט און אים זען אין די פאַרשידנסטע לעבנס־לאַגעס, טיפע גייסטיקע קריזיסן איינגעשלאָסן, — באַ־קענען זיי אונז מיט פאַרשידענע אַספּעקטן פון זיין סאָציאַלער סביבה אין די פאַרשידענע פּעריאָדן פון זיין לעבן. אָט דאָס טאָקע האָט געמאַכט סיי „יעווגעני אָניעגין“ און סיי „פּאַן טאַדעוש“ אַזוי וויכטיק פאַר דעם היס־טאָריקער, ווי קוואַלן פון דערקענטניש. ס׳איז ממש זיך נישט פאַרצושטעלן אַן אַלזייטיקע סאָציאַל־געשיכטלעכע אָדער קולטור־געשיכטלעכע פאָרשונג פון רוסלאַנד אָדער פּוילן אין סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט, אָן די אויבן אָנגערופענע עפּאָכע־מאַכנדיקע ווערק פון פּושקין און מיצקיעוויטש.

אַזאַ מין פּאָעמע איז לעאָניד פיינבערגס „דער פאַרמשפּטער דור“.

— 2 —

דוד בלאַנק, דער הויפּט־העלד פון דעם ווערק, ווערט אונז געוויזן — אויסערלעך און אינערלעך — אין זיין לעבנס־גאַנג פון זיינע פריסטע קינדער־יאָרן אין דעם אוקראַינישן שטעטל באַרשאַד, ביז זיין פיזישן אומ־קום, ערגיץ נאָענט פון ניו־יאָרק. און מיר לעבן מיט אים מיט אויך אין אָדעס און אין מאָסקווע, אין חיפה און בערלין, אין ניו־יאָרק און לאָס־אַנדזשעלעס.

אָבער מיר לעבן מיט נישט די נאָרמאַלע, אַזוי צו זאָגן, איבערלעבענישן פון אַ דורכשניטלעכער פּערזאָן אין אַ וואָכעדיקער, גרויער צייט, נאָר דערשיטערנדיקע גייסטיקע קאָנוולסיעס פון אַ נישט־דורכשניטלעכן מענטשן אין אַ צייט פון „שטורם און דראַנג".

דער יונגער דוד בלאַנק ווערט אַריינגעוואָרפן אין דעםווירוואַר פון דער רוסישער, 1917־רעוואָלוציע, פריער אין פעברואַר און דערנאָך אין אָקטאָבער. ער רייסט זיך אַרויס פון אָדעס, ווען די ווייסע האָבן פאַרכאַפּט די שטאָט. נאָך אַ לאַנגער אַרומוואָגלעניש, דורך ארץ־ישראל און צענטראַל־אייראָפּע, געלינגט אים צו עמיגרירן אין די פאַרייניקטע־שטאַטן. ער ברענגט מיט זיך מיט אין דעם נייעם לאַנד אַריין זיין פעלזן־פעסטן גלויבן אין „אָקטיאבר"; די צייט נעמט זיך אָבער אונטער. דורך געבן אים איין מאָראַלישן קלאַפּ נאָכן אַנדערן, אונטערצוגראָבן זיין גלויבן; צו באַווייזן אים, אַז „דער קעניג גייט נאַקעט" און אַז דאָס, וואָס ס'האָט געזאָלט זיין דער אָנהייב פון אַ נייעם, גלאָררייכן קאַפּיטל אין דער מענטשלעכער געשיכטע, איז דעגענערירט געוואָרן און זיך פאַרוואַנדלט אין דעם היפּוך: אין דער שוידערלעכסטער דיקטאַטור, וואָס די וועלט־געשיכטע האָט ווען עס איז געקענט. די פּאָעמע ענדיקט זיך מיט דוד בלאַנקס איינזען אַז זיינע אַלע שיינע חלומות זענען צערונען, און אַז פון זיינע אַלע אילוזיעס זענען נאָר געבליבן שערבלעך; און ער מאַכט אַ סוף צו זיין לעבן.

איז דאָס אָבער בלויז דער אויף דעם קורצסטן אופן פאָרמולירטער ספּור המעשה. דוד בלאַנק איז אָבער נישט בלויז דוד בלאַנק. ער איז, טיילווייז, לעאָניד פיינבערג און שוין גאָר אַ סך לעאָניד גרעבניאָוו, דער פּסעוודאָנים, אונזער וועלכן לעאָניד פיינבערג האָט זיך געהאַט פאַרשאַפט אַ באַדייטנדיקן נאָמען ווי אַ דיכטער אין רוסיש, פאַר און בעת די יאָרן פון דער רעוואָלוציע. „דאַוויד יערשאָוו" דאָס איז אין דעם בוך דאָך דער „דאָפּלגענגער" פון לעאָניד גרעבניאָוו, אָדער, בעסער געזאָגט, פון לעאָניד פיינבערק.

— 3 —

איינער פון די זיילן, וואָס האַלטן, קינסטלעריש, אונטער די ליטעראַרישע געביידע, וואָס ס'איז „דער פאַרמשפּטער דור" איז טאַקע דאָס אַריינדרינגען אין דעם לאַנגן און שווערן „ויתרוצצו", וואָס קומט פאָר אין „דאַוויד יערשאָווס" נשמה ביז ער טרעט אָפּ זיין פּלאַץ פאַר דעם יידישן דיכטער, וואָס ערשט אין 1926, שוין אין ניו־יאָרק, און אַלס לעאָניד פיינבערג, גיט ער אַרויס זיין ערשטן לידער־בוך אין יידיש.

אַרום דוד בלאַנקס שטרעבונגען, האָפנונגען און אַנטוישונגען פון סאָ־

ציאַלן כאַראַקטער, וועבט זיך דער דערציילערישער אַספּעקט פון דער פּאָעמע און מיר זענען עדות פון די שלאַכטן, וואָס ס'האָט אָנגעפירט די רויטע אַרמיי, אין וועלכער ער, בלאַנק, איז געווען אַן אָפיצער; פון די שוידערלעכע שחיטות, וואָס די אוקראַינער האָבן אין „יענע טעג" דורכגעפירט איבער דער יידישער באַפעלקערונג. צוזאַמען מיט בלאַנקן, ווען ער איז שוין אין אַמעריקע, קוקן מיר זיך צו צום ציניש־ן שפּיל פון די „לינקע", וואָס האָבן שטענדיק מצדיק הדין געווען, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן „מאָסקוועס" אַקראָבאַטיק. ווי זינגט זיך עס, פּאַראַפראַזירט, אין אַן אַלטן פאָלקס־לידל: „סטאַלין און זיין משפט איז גערעכט", אָנהייבנדיק פון חברון און צפת און ענדיקנדיק מיטן היטלער־סטאַלין פּאַקט.

ס'גייען פאַר אונז אין דער פּאָעמע אויך פאַרביי — טרעפלעך געצייכנט — די געשטאַלטן פון פרוג, ביאַליק און גאַמאַרניק (דער באַרימטער „רויטער" קאָמאַנדיר (ביאַליקס שוואָגער) און פון אַ גאַנצער רייע היסטאָריש — וויכטיקע פּערזענלעכקייטן.

גלייכצייטיק פאַרגעסט אָבער דער מחבר נישט קיין איין מאָמענט, אַז זיין העלד איז אַ לעבעדיקער מענטש, וואָס ליבט נישט נאָר סאָציאַלע גערעכטיקייט, נאָר אויך, און אויף זייער אַ קאָנקרעטן אופן, אין דעם ריין עראָטישן געביט. געניאַ שאָר, שעלוועטאַ און בעלאַ פינק זענען בלויז עטלעכע פון די פרויען, וואָס ער טרעפט אָן אויף זיין לעבנסוועג און וואָס יעדע פון זיי איז ווערט, דער לייענער זאָל זיך מיט איר באַקענען, ווי מיט אַ טיף קינסטלעריש געשילדערטן פרויען־טיפּ. אָפּטמאָל איז דער דיכטער, וואָס שייך זיי, אין זיין דערציילן כמעט עמיל זאָלאַ־מעסיק רעאַליסטיש.

— 4 —

וואָס אָנבאַלאַנגט די פאָרם, איז לעאָניד פיינבערג אין אָט דער פּאָעמע אַ סוווערענער מייסטער פון פערז, וועלכן ער פּאַסט גלענצנדיק צו צו פּסיכאָלאָגישע סיטואַציעס; און וואָס שיי דשפּראַך, זענען דאָרט דאָ אוצרות פון ווערטער און אויסדרוקן, וואָס צוליב זייער אָריגינעלקייט און פאָלקסטימלעכקייט פאַרדינען זיי ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט מצד אונדזערע שפּראַך־פאָרשער.

„דער פאַרמשפּטער דור" איז אַ באַרג־שפּיץ אין דער היינטצייטיקער יידישער ליטעראַטור. אַזעלכע טיילן פון אָט דעם ווערק, ווי, צום ביישפּיל, די אָדע צו אָדעס, אָדער ביאַליקס דיסקורס וועגן יידיש און העברעאיש, וועלן נישט דאַרפן לאַנג וואַרטן אַריינגענומען צו ווערן אין אַנטאָלאָגיעס. ס'איז אַ בוך, וואָס דער בעסערער יידיש־לייענער וועט גאָר אָפּט אַרויס־

נעמען פון זיין ביכער־שראַנק, כדי אין אים צו בלעטערן און ווידער זיך אַריינצולייענען אין דעם אָדער יענעם קאַפּיטל, מיט עסטעטישער הנאה און גייסטיקן געניוס.

.1955

# פינטשע בערמאַנס ראָמאַנטישע פּריזמע

## (וועגן מאַנכע לידער פון זיין בוך „אָפענע פענצטער")

אין דער איצטיקער צייט, ווען איבער אונדזער לעבן הענגען שווערע וואָלקנס פון אומזיכערקייט וועגן דער וועלטס מאָרגן; ווען דאָס געשפּענסט פון אַטאָמישע באָמבעס און אַלערליי אַנדערע, חורבן און טויט ברענגענדיקע וואָפן, האַלט אונז אין אַ שטענדיקער שפּאַנונג און רויבט פון אונז דעם שלאָף, איז גוט, ווען מ'קען זיך אַ ביסל פאַרגעסן, אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט, און זיך באַהאַלטן פון איר אין אַ ווינקעלע פון ראָמאַנטיק, פון שיינעם טרוים; אין דעם פאַרכישופטן ווינקעלע פון ראָמאַנטישער דיכטונג; פון לידער, וואָס זייער פּאָעזיע איז עכט, וואָס זייער דופט איז, גייסטיק, זיס.

מעג מען זיך זיין איך ווייס נישט וואָס פאַר אַ שטאַרקער אָנהענגער פון מאָדערניזם אין פּאָעזיע; מעג מען איך ווייס נישט ווי ווייט זיין אַוועקגעגאַנגען פון, לאָמיר זאָגן, אברהם רייזען, — אין דער צייט אָבער פון אומאויפהערלעכער נערוועזער שפּאַנונג, אין וועלכער מיר לעבן, איז אַ גאָר גרויסער פאַרגעניגן, ווען מ'טרעפט זיך אָן אויף אַ פּאָעט, וואָס פילט טיף, נישט זייענדיק סענטימענטאַל, און וואָס דריקט זיך אויס ביז גאָר איינפאַך, נישט זייענדיק פּרימיטיוו; אַ דיכטער, וואָס זיין אַנטציקנדיקע איינפאַכקייט זאָגט גלייכצייטיק עדות אויף אַ ראַפינירטן געשמאַק.

ווען מיר טרעפן זיך אָן אויף אַזאַ מין פּאָעט, אַ דיכטער, וואָס, נישט נאָכמאַכנדיק אברהם רייזענען, זינגט ער אויף אַן ענלעכן אופן און באַהאַנדלט אין זיינע לידער גאַנץ אָפט רייזענשע טעמעס, איז אונזער הנאה ביים לייענען אים גאָר אַ באַזונדערע.

— 2 —

פינטשע בערמאַן, אין דער אָפּטיילונג „אָפענע פענצטער" פון זיין בוך מיט אָט דעם נאָמען, איז אַזאַ מין פּאָעט.

**ווי קען נישט געפעלן ווערן אַזאַ מין דיכטערישער קרעדאָ ווי דער, וואָס מיט אים הויבט זיך אָן זיין געדיכט „מיין וועלט איז אַן אייביקער חלום"?**

„מיין וועלט איז אַן אייביקער חלום —
נישט מעסט און נישט וועג אויפן וואָג —
די זון גייט דאָ קיינמאָל נישט אונטער,
די שטערן אויך פינקלען ביי־טאָג,
און אַלץ דאָ פולסירט און באַוועגט זיך,
און אַלץ דאָ איז ליכטיק און וואָר,
ווי דאָס וואַסער אין האַרץ פון די טאָלן,
וואָס צומורמלט זיך קוואַליק און קלאָר".

**אין אָט די פיין געשליפענע פערזן געפינט זיך פּאַקטיש די פּריזמע, דורך וועלכער אונזערע דיכטער זעט די וועלט. זי לאָזט אים איר זען ניט אין טונקעלע, נאָר אין העלע פאַרבן. דאָס איז זיין רעכט, דאָס רעכט פון יעדן ראָמאַנטיקער אויפצובויען אין זיינע פערזן אָדער אין זיין קינסטלע־רישער פּראָזע זיין פּאַלאַץ־פעסטונג, פון וועלכן אויס ער נעגירט די גרויע פּראָזאַאישקייט פון דער וועלט אַרום.**

**די וועלט, געזען דורך דער פּריזמע פון פּינטשע בערמאַן, דעם ראָ־מאַנטישן פּאָעט, איז אַ וועלט אַ ליכטיקע, אַ קלאָרע, אַ לויטערע:**

„פאַראַן אַזוי פיל גוטסקייט איוף דער וועלט.
פאַראַן אַזוי פיל שיינקייט, אָן אַ צאָל;
עס דאַרף נאָר די נשמה זיין צעהעלט,
מען דאַרף עס נאָר אַ זוך טאָן ווען אַ מאָל.

פאַראַן אַזוי פיל חברשאַפט אַרום,
פאַראַן אַזוי פיל ליבשאַפט אָן אַ ברעג;
עס דאַרף נאָר זעל צעשטראַלט זיין אומעטום,
עס דאַרף נאָר זיין באַלויכטן יעדער וועג".

— 3 —

**ווען איך האָב פריער אונטערשטראָכן, אַז פּינטשע בערמאַן לעבט זיך אויס אין דער אָפּטיילונג „אָפענע פענצטער" פון זיין לידער־בוך, „אַ לאַ רייזען", האָבן איך עס נישט געמיינט לגנאי, נאָר, אומגעקערט, לשבח.**

**ווייל רייזען איז געווען, און בלייבט, אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע דער אויטענטישער פאַרטרעטער פון דיכטונג מיט טיפן גלויבן אין מענטשן און אין דער וועלט, ווי איר הינטערגרונט.**

**און פונקט אַזוי ווי רייזען איז נישט געווען אין זיין פּאָעזיע, פאַרן לייענער, קיין מאָראַל-פּרעדיקער, נאָר אַ האַרציקער פריינט, וואָס האָט צו אים אויסגעצויגן אַ האַנט מיט איניקער פריינטשאַפט, — פונקט אַזוי איז אויך אונזער דיכטערס, פינטשע בערמאַנס, גרונט־שטימונג:**

„איך זאָג נישט קיין מוסר, איך גיב נישט קיין עצות,
איך קום נישט מיט שטראָף־רייד פאַר קיינעם —
מיין ליד איז פון לעבן, פון פרייד און פון ליבע,
איך זינג עס אַליין און אינאיינעם.

„איך זאָג נישט קיין מוסר, איך גיב נישט קיין עצות,
איך זוך נישט דעם זינען פון תורות —
מיין ליד איז פון יוגנט, פון האַרץ וואָס עס צאַפּלט,
פון היינט און פון קומענדע דורות".

**מיט אַזאַ לויטערן געמיט פון דעם דיכטער, וואָס דער קוואַל פון אָט דער לויטערקייט איז מענטשן־ליבע און מענטשן־פאַרשטענדניש, קלינגט נאַטירלעך דעם דיכטערס דערקלערונג:**

„באַגעגן איך וועמען אין וויי און אין לייד —
לייד איך מיט אים זיינע ווייען ;
באַגעגן איך איינעם, וואָס שפּרודלט מיט פרייד —
גיי איך צוזאַמען זיך פרייען".

**און אָט איז אַ וואַריאַציע אויף דער זעלבער טעמע פון מענטשן־ליבע און מענטשן־פאַרשטענדניש. זי איז אויסגעדריקט אין די פאָלגנדיקע פּרעכ־טיקע פערזן:**

„ווער סירינגלט אַרום זיך מיט דראָט און מיט צוימען,
און אָפּענע שליאַכן פאַרבויט ער מיט וואַנט;
איך — מיינע וועגן זיי זענען צעפּראַלטע —
באַגעגנט מיך שטענדיק אַ פריינטלעכע האַנט.

ווער סיבעט אין דער שטיל און פאַררוקט אין אַ ווינקל.
און זינגט פון זיין פיין נאָר, באַהאַלטן, פאַרשטעלט;

„איך זאָל נישט קיין מוסר, איך גיב נישט קיין עצות,
איך — מיין געזאַנג גייט מיט ריקוד און חדווה —
זינגט מיט מיר גאָט און די גאַנצענע וועלט“.

**ווערט שוין אויך פאַרשטענדלעך דער אויסקלאַנג פון „אָפענע פענצ־טער“, וואָס אים וועלך, אַזוי צו זאָגן, אונטערשרייבן מיט ביידע הענט יענע אַלע מענטשן, וואָס די נאַטור האָט זיי באַגליקט (אָדער באַשטראָפט) מיט יענעם דראַנג זיך אויסצודריקן, סיי אין פערזן און סיי אין קינסטלערישער פּראָזע, און וואָס מ'רופט עס געוויינלעך „דיכטערישער טעמפּעראַמענט“:**

„אַן אַ ליד און אָן געזאַנג
איז ווי אַ שטימע אָן אַ קלאַנג,
ווי אַ זעגל אָן אַ ווינט,
ווי אַ היים, וואָס האָט קיין קינד.

אָן אַ ליד און אָן געזאַנג,
איז ווי אַ ווילן אָן אַ דראַנג,
ווי אַן אויג, וואָס האָט קיין שיין,
ווי אַ בעכער אָן דעם וויין“.

**די אָפּטיילונג „אָפענע פענצטער“ פון פינטשע בערמאַנס בוך געהערט צו יענער, עכטער פּאָעזיע, וואָס מיט יעדן מאָל לייענעז איר אויפסניי, אַנטדעקט איין איר דער לייענער אַלץ נייע ניואַנסן, סיי אין דעם זין פון טיפקייט פון געפיל, און סיי וואָס שייך שפּראַכלעכער שיינקייט. ס'איז פיי־נער ביישטייער צום אוצר פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע.**

.1960

# אסתר שומיאַטשערס „לידער״

די גרונט־טעמעס פאַר פּאָעטישער שאַפונג זענען אייגנטלעך שוין לאַנג אויסגעשעפּט, פּשוט צוליב דעם, וואָס די פונדאַמענטאַלע מענטשלעכע עמאָציעס — און אַן אַן עמאָציאָנעלן הינטערגרונט איז קיין אמתע פּאָעזיע נישטאָ — זענען באַגרעניצט אין צאָל, און זיי זענען שוין זינט לאַנגע צייטן אַלע אויסגעדריקט געוואָרן אויף דעם אָדער יענעם אופן אין דער פּאָעזיע מיט אַן אוניווערסאַלן פאַרנעם.

איז ווען אַ דיכטערין טרעט צו צו באַהאַנדלען אין אירע שאַפונגען וועלכע ס'איז פונדאַמענטאַלע טעמע, איז די רייד נישט וועגן דעם וואָס זי באַהאַנדלט, ווייל אפילו דער פּאָעט צווישן פּאָעטן, דער זשעני צווישן זשעניען אויפן געביט פון דיכטונג, קען אין אָט דעם הינזיכט קיין נייס נישט אַרייַנברענגען. בלייבט דעריבער צו זען בלויז דעם ווי אַזוי, דאָ קען אַ פּאָעט אָדער פּאָעטעסע זיין אָריגינאַל און צוטראָגן עפּעס אייגנס, אפילו ווען דער פאַרנעם זאָל נישט זיין קיין וועלט־פאַרנעם. די פראַנצויזן זאָגן אין אַזאַ פאַל: מיין בעכער איז קליין, אָבער איך טרינק פון מיין בעכער״.

— 1 —

אויף נישט ווייניק זייטן פון איר נייעם בוך טרינקט אסתר שומיאַטשער פון איר בעכער, זי טרינקט פון אים הויפּטזעכלעך אין די אָפּטיילונגען ״דאָס גאָלד פון דיינע אויגן״ און „אייגנס״.

אין יעדן בוך, צי ס'איז געשריבן אין פּראָזע, צי ס'איז די רייד וועגן פּאָעזיע, זענען דאָ געוויסע טיילן, וואָס זיי זענען עס די, וואָס גיבן אים עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג און מאַכן אים, פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט, לעגיטים צווישן טאָוולען, מיט אַן אויג אויף צוקונפטיק לעבן ווי אַ קונסט־ווערק.

פון די אַכט אָפּטיילונגען פונעם בוך זענען, לויט מיין איינדרוק, די צוויי אויבן אָנגערופענע די, וואָס פאַרזיכערן אָט דעם בוך אַזאַ עקזיסטענץ.

אין דער אָפּטיילונג „דאָס גאָלד פון דיינע אויגן" גיט אונז די דיכטערין די מעגלעכקייט אַריינצוקוקן דורך אַ שליסל־לאָך, אַזוי צו זאָגן, אין די וועלט פון נאָרמאַלער, געזונטער פרויאישער עראָטיק; אין „אייגנס" ברענגט זי צום אויסדרוק געוויסע מוטערלעכע עמאָציעס. זענען עס צוויי פונדאַמענטאַלע, אַל־מענטשלעכע געפילן. די טעמעס זיינען נישט ניי. דערפאַר: וואָס ס'איז דאָ וויכטיק, איז צו זען וואָס אסתר שומיאַטשער האָט מיט אָט די טעמעס, קינסטלעריש, אויפגעטאָן.

— 2 —

די עראָטיק, וואָס קומט צום אויסדרוק אין „דאָס גאָלד פון דיינע אויגן", האָט אין זיך עפּעס פון תנכישער, קאָנקרעטער געזאָגט, שיר־השיר־רימדיקער עלעמענטאַרקייט. אַזוי וואָלט געקענט זיך אויסדריקן שולמית, ווען זי וואָלט געטראַכט אין יידיש.

דאָס איז די עראָטיק, די פאַרבענקטקייט נאָך דעם ליבסטן, נישט פון דער אָדער יענער פרוי, נאָר די עראָטישע בענקשאַפט פון דער פרוי. אין אַלע צייטן און אומעטום.

„מיין טיש, ווי תמיד, איז געגרייט.
איך וואַרט מיט האַרץ־געקלאַפּ, ווי שטענדיק,
איך גיי אַנטקעגן דיר מיט אַלדאָס גוטס:
אין מיין שלאָף,
אין אַ חלום
טויכסטו אויף;
אַן אויפגעלויכטענעם זע איך דיך שפּאַנען...
זיבן וועלטן גייען דיר נאָך
אויף אַלע ערדן,
איבער אַלע ימען".

דאָס איז פּאָעזיע, באַפרייט פון באַדינגונגען פון צייט און אָרט, און די שפּראַך איז שיר־השירימדיק בילדלעך. ווען דיכטונג איז אַוועקגעשטעלט אויף אַזאַ מדרגה, קען מען שוין נישט אָפּפרעגן דער דיכטערינס רעכט, ווי אַ קינסטלערין, ווייטער צו גיין, און איר אויסמאָלן פאַר אונז די עראָטישע בענקשאַפט; און מיר לייענען:

„נו, קום און זעץ דיך ביי מיין זייט.

הערסט סיקלאַפּן פון מיין האַרץ,
צו זעסטו מיינע טרערן;
אַט האָב איך אָנגעטאָן מיין שענסטע קלייד,
נו, נעם מיך ביי דער האַנט —
פיר מיך צו מיין געגאַרטער פרייד..."

זענען עס, קינסטלעריש, פיין געשניצטע אויסדרוקן פון אָריגינעלער דיכטונג אויף אַן אור־אַלטער טעמע, אָבער בענקשאַפט איז נישט דער איינ־ציקער פאַקטאָר פון געזונגטער פּרויאישער עראָטיק. איינער פון אירע אַנ־דערע אַספּעקטן איז ליבע־עקסטאַז. אין דעם געדיכט: „מיין טייערער", ברענגט אים די דיכטערין אַרויס אין די פאַלגנדיקע פּרעכטיקע פערזן, וואָס, מוזיקאַליש, איז דער אָנהויב פון יעדן פערז אין דער ערשטער סטראָ־פע, אַן עכאָ פון דעם תהלימדיקן „הללוהו".

„ליב מיך, מיין טייערער, ווי דאָס פעלד דעם רעגן,
ליב מיך, ווי דער הימל די שטערן;
ליב מיך מיט דער פרייד פון אַ צעבליטער ערד,
ליב מיך מיט דער ליבע פון נישט־ווערן...
די אויגן דיינע צינדן זיך מיט פייערן פון פיבער,
דיין האַרץ קלאַפּט מיטן ריטם פון דער וועלט.
איך טרינק דאָס גאָלד פון דיינע אויגן, ליבער,
אין דיין שאָטן לויכט מיין גליק צעהעלט..."

ס'איז אין אַט די פערזן, ווידער אַ מאָל, עפּעס דאָ פון דער אַנטציקנ־דיקער נאַאיוויטעט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער העלדין פון דער שיר־השירים — פּאָעזיע. דאָס איז נישט דער „סעקס" פון אַזוי פיל מאָדערנע פּאָעטן, וואָס נעמט צו ביי אַט דעם פונדאַמענטאַלן אַספּעקט פון מענטשלעכן לעבן זיין גאַנצע אורשיינקייט. דאָ האָבן מיר געזונטע עראָטיק, איינגעוויקלט אין אַזאַ מאָראַלישער קרישטאָל־ריינקייט, אַז מיר קענען זיך בלויז אַנטציקן מיט איר. דעריבער איז נישט נאָר שאַקירן אונז נישט די וויטערדיקע פערזן, נאָר מיר באַוונדערן זייער פּאָעטישקייט, וואָס איז פון אַ גאָר הויכער מדרגה:

„ער איז געקומען צו מיר אַ פאַרבענקטער,
מיט טוי און מיט ווינט אויף זיין קאָפּ.
מיט זיין פייער, ווי פון גאָט אַ געשענקטער,
לאָזט די נאַכט איבער אונז זיך אַראָפּ.

זיין אָטעם — ערדישע גבורה,
זיין לייב — וואַלדיקער מאַך;
אַ קוואַלנדיק וואַסער זיין שטפּטשען,
זיין קוש — אייביקער תוך".

**אָט דער פיינער קינסטלערישער צוגאַנג צו פּרויאישער עראָטיק, וואָס ווערט דורך איר רעאַליזירט אַזוי פּרעכטיק־בילדעריש, מאַכט אונז פאַר־שטיין פאַרוואָס ס׳איז דער דיכטערין (אין דער אָפּטיילונג: „פּאָרטרעטן") געווען מעגלעך אָנצוואַרפן מיט אַ זיכערער האַנט אַזעלכע געלונגענע פּענדזל־שטריכן פון לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשיס, מיט רעטעניש פולער „מאָנאַ ליזאַ". די וויטערדיקע צוויי סטראָפן פון איר ליד מיט אָט דעם נאָמען, געהערן צו די שענסטע צווישן די צאָלרייכע דיכטערישע קאָמענטאַרן, וואָס זענען ביז איצט געשריבן געוואָרן אויף אָט דער טעמע:**

„אַ שטראַל ליכט באַשיינט אַ געשטאַלט אַ באַקאַנטע;
„מאָנאַ ליזאַ" שמייכלט פון איר סוד אין ווייבלעכן חן.
אירע ליפּן, פול ציטער פון אויפגעבליטער ליבע,
פון אייביקן גליק און אייביקן טרויער די סיבה.
מאָנאַ ליזאַס אויגן שמייכלען מיט זייער מענטשלעכן גורל
גלוסטונג איז באַהאַלטן אין אירע הענט די שטילע —
פון איר לייב טריפט אַ בענקשאַפט, ווי אַ תפילה,
באַשערטקייט, ליידנשאַפט, ליבע און מחילה..."

— 3 —

צוזאַמען מיט דער אָפּטיילונג „דאָס גאָלד פון דיינע אויגן", שאַפן די לידער פון דער אָפּטיילונג „אייגנס" דעם רוקנביין פונעם בוך. זיי מאַכן אים ווערטפול און קינסטלעריש באַרעכטיקט צו עקזיסטענץ צווישן צווילינג, אומאָפּהענגיק פון דעם רעשט מאַטעריאַל, וואָס קומט אַריין אין אָט דער לידער־זאַמלונג. מיר מיינען מיט דעם נישט צו זאָגן, אַז אויף די אַנדערע זייטן פונעם בוך זענען נישט צעשפּרייט דאָ און דאָרט קינסטלע־רישע פּערל; ווי אָרגאַניזירטע איינהייטן, מיט אַ לייט־מאָטיוו, וואָס דרינגט עפעקטיוו דורך יעדן איינעם פון די אין זיי איינגעשלאָסענע געדיכטן, קע־נען זיי זיך אָבער מיט די צוויי אָנגערופענע אָפּטיילונגען נישט פאַרגלייכן.
איז וועגן אסתר שומיאַטשערס מוטער־מאָטיוו וועט דאָ זיין די רייד.

— 4 —

אויף די לידער, וואָס קומען אַריין אין דער אָפּטיילונג „אייגנס", איז

אויסגעגאָסן אַ ספּעציפישער חן. עס שמעקט פון זיי מיט יענער אידיליש־קייט, וואָס קריצט זיך איין אין זכרון ביים לייענען אָדער זען פרץ הירשביינס „גרינע פעלדער".

אין אָט די לידער איז דער אוניווערסאַלער מוטער־מאָטיוו אָנגעטאָן, אַזוי צו זאָגן, אין אַ יידישן לבוש, און איז איינגעוויקלט אין שיינע דערינע־רונגען פון אַמאָליקן יידישן טראַדיציאָנעלן לעבן.

זיי זענען אַזוי אוממיטלבאַר, אַזוי עכט, אַז ביים לייענען זיי, ווערן מיר אַליין אָנגעהויכט מיט אַ געפיל פון זיסער בענקשאַפט נאָך דעם, וואָס „גע־וועזן, איז געוועזן און נישטאָ". זיי אָטעמען מיט יענער אויטענטישער פּאָע־טישקייט, וואָס מאַכט דעם לייענער אָנצוווענדן צו זיך אַליין, מיט אַ שטילן זיפץ, טאָלסטאָיס ווערטער: „אָ, גליקלעכע, גליקלעכע צייט פון קינדערהייט! ווי זאָל מען נישט ליבן, ווי זאָל מען נישט צערטלען די דערינערונגען וועגן איר!"

אינעם געדיכט „מיין מאַמע מיט אירע קינדער" איז נישטאָ די טיף־דראַמאַטישע אַטמאָספערע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם באַרימטן ליד וועגן זיין מאַמען, מיט וועלכן ביאַליק האָט באַרייכערט די יידישע פּאָעזיע. אויך אסתר שומיאַטשערס מוטער „פלעגט אויפשטיין אין מיטן דער נאַכט"; אָבער נישט כדי ווידעראַמאָל אָנצוהייבן אַן אויסזיכטסלאָזן קאַמף קעגן דעם גייסט צעפרעסנדיקן דלות. איר טביבה, ווי מ'קען איר אַרויספילן פון אָט דעם ציקל לידער, איז מער אַ „שלמה נגיד'דיקע". קען זי זיך דערלויבן צו ווידמען איר אויפשטיין אין מיטן דער נאַכט צו מער זוניקע באַטראַכטונגען. אירע מעדיטאַציעס גייען אין אָט דער ריכטונג:

„מיין מאַמע פלעגט אויפשטיין אין מיטן דער נאַכט,
שטיל אומגיין און באַטראַכטן איר פאַרמעגן,
און קלערן: אַן אוצר, אַן אוצר, נישט אָפּצוּוועגן.
טאַקע גאָט אַליין האָט עס געמאַכט..."

דאָס איניק גליק פון אַ מוטער, וואָס איז שטאָלץ אויף אירע קינדער, וואָס פאַרקערפּערן פאַר איר איר אייגענע, און פולסטע, זעלבסט־רעאַליזירונג אין אַ העכערן, קאָסמישן זין, און איז פון אוניווערסאַלער באַדייטונג, באַ־קומט זיין אויסדרוק אין דער פאָלגנדיקער סטראָפע, וואָס איז נישט נאָר טיף מוזיקאַליש, נאָר קריצט זיך איין אין דעם לייענערס אויער און גע־דעכעניש אויך צוליב דער אַזוי געלונגענער פאָלקסטימלעכקייט פון דער פאָרם:

„אַ גאָרטן מיט בוימער מכל המינים, אין די צווייגן, פויגל־נעסטן...

ניִשט גאָלד, ניִשט פּערל און ניִשט שמאַראַגדן גרינע,
צו געפינען אַזעלכע דאַרף מען פאָרן אין די וויַיטסטע מדינה,
נאָר די מלכה שבא האָט זיך געקענט מיט דעם פאַרמעסטן".

**אָט דאָס לענגערע געדיכט: „מיַין מאַמע מיט אירע קינדער", איז אַזוי רייך אין אמתער, טיפער עמאָציע; אַזוי שיין פון דעם אַרכיטעקטאָנישן שטאַנדפּונקט, און שאַפט אַזאַ אָרגאַנישע איינהייט אין אַלע זיינע סטראָפן, אַז ס'ווילט זיך ממש ציטירן עס „אין עקסטענסאָ".**

**ס'מוז אָבער געניגן בלויז מיט נאָך איינער, וואָס איז אַ פּאָלקאָמענע דיכטערישע פאַרקערפּערונג פון מוטער־גליק און מוטער־שטאָלץ; אַ מוטער־שע וואַריאַציע אויף דעם „כי טוב" פון חומש.**

„ווי אַ הירשעכע אין טעטפ — איז מיין טאָכטער בתיה,
קוואַלנדיקע וואַסער איר געלעכטער און פייער אויף איר צונג;
אַזאַ כוח־הדיבור, אַזאַ לויף און אַ שפּרונג
איבער פעלדער, איבער וועלדער אָן אַ שום עול —
עס לוסטיקט און עס גלעקלט איר מיידלש־זיסער קול".

**אָבער פּונקט אַזוי ווי דאָס לעבן איז קיינמאָל ניִשט מאָנאָליטיש, פון איין שטיק געמאַכט, אַזוי איז אויך דאָס מוטערשע גליק בלויז א י י ן אַס־פּעקט פון מוטערשאַפט און מוטערשע געפילן. עס גנבענען זיך אין זיי אַריין זאָרגן: „שטילע זאָרג" און אויך אַנדערע, שווערערע און טיפערע. אָט זיצט די מוטער, די דיכטערין, ביים בעטל פון איר קראַנקן קינד. אינעם געדיכט „שטילע זאָרג" קומט אין אַ פּאָלקסטימלעכער שפּראַך צום אויס־דרוק אַן עלעמענטאַרער, אַלמענטשלעכער און אומעטום פאַרשטענדלעכער מוטער־געפיל:**

„אַ באַרג, אַ טאָל
אַ האַלבע לבנה אינצווישן;
זיי רואיק, מיין קינד,
ל'ייג דיין קאָפּ אָט דאָ אויפן קישן.

אַ באַרג, אַ טאָל,
אַ גרינער בוים אינמיטן;
מוז אין זיין שטאַרקער פון שטאָל
דיין ל'עבן צו שיצן, צו היטן.

וואָס איז שוין ווידער, מיין הערצעלע!
וואָס פאַר אַ שיפן דיר אונטערגעגאַנגען?
פאַרוואָרפן, מיין קינד, איז דיין קעפּעלע,
ווי אַ גאַרב געשניטענע זאַנגען".

פון אָט דעם פּאָעטישן טייג, מיט אַ פאָלקסטימלעכן שפּראַכלעכן הינ־טערגרונט, זענען אויך אַלע אַנדערע מוטער־מאָטיוון פון אסתר שומיאַטשער אין דער אָפּטיילונג „אייגנס" געקנאָטן. דאָס זענען לידער, וואָס נאָכדעם ווי מ'האָט זיי איבערגעלייענט, ווילט זיך נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל זיי לייענען.

.1957

# אַ דיכטערינס גאָט־זוכעניש

## (לייענענדיק מלכה טוזמאַנס „לידער")

מעג די וועלט זיין ווי פאַרפּראַקטישט און פאַרמאַטעריאַליזירט, איז אָבער לייענען פּאָעזיע נאָך אַלץ אַ וויכטיקער, גאָר אַ וויכטיקער ענין. טאַקע דערפאַר וואָס זי, די פּאָעזיע, מאַכט אונדז פאַרגעסן אין אָט דער וועלט, און טראָגט אונדז אַריבער אין רעגיאָנען, וווּ דער „סוקסעס"־באַגריף איז אינגאַנצן אומבאַקאַנט, און מאַכט אונדז לעבן אַ לעבן, וואָס איז מער, אַ סך מער, ווי בלויז עקזיסטירן, און וואָס איז באמת ווערט געלעבט צו ווערן: דאָס לעבן פון גייסטיקער געלייטערטקייט, פון פּאָעטישער וויזיע, פון עטישן אָנהויך.

אַזעלכע מאָמענטן האָב איך געהאַט ביים לייענען נישט ווייניק זייטלעך פון אַ ניי דערשינענעם בוך פון אַ קאַליפאָרניער יידישער דיכטערין, וועלכער טראָגט דעם אַזוי איינפאַכן נאָמען: „לידער", וואָס קען, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן עכטער פּאָעזיע, אַנטהאַלטן אַזוי פיל; און דעם אַ ביסל מאָדנעם „אונטערקאָפּ": „מילד מיין ווילד", וואָס זיין מאָדנעקייט איז, פאַר מיר, פאַרשוווּנדן, ווען איך האָב זיך נענטער באַקענט מיט די לידער פונעם בוך, און טיפער אין זיך אַריינגעאָטעמט זייער דיכטערישן דופט.

— 1 —

„מיין טראָט איז לאַנגזאַם
נאָר מיין זיפץ, אַ גאָט געטרייער,
נאָר מיין זיפץ איז
ניט געצוימטער פייער".

פונקט אַזוי ווי אַ טראָפּן וואַסער אָדער אַ בלאַט פון אַ בוים, דריקט מיט זיך אויס די גאַנצע נאַטור, אַזוי איז אָט די איינע סטראָפע פון איר

ליד „פיין", די קווינט־עסענץ פון מלכה טוזמאַנס דיכטערישער פערזענ־לעכקייט, ווי זי איז אויסגעדריקט אין אָט דעם בוך.

זי איז דאָ גרונטזעצלעך אַ ליריקערין, וואָס איר דיכטונג מאַכט דורך די טראַיעקטאָריע צווישן צאַרקייט און זאַנפטקייט, פון איין זייט, און קרעפטיקייט, כמעט ווולקאַנישקייט, פון דער אַנדערער. „מילד מיין ווילד" איז בלויז אַ וואַריאַציע אויף דער אויבן ציטירטער טעמע.

ווי יעדער עכטער ליריקער, זעט אויך די דאָזיקע דיכטערין די וועלט דורך דער פּריזמע פון אירע אייגענע עמאָציעס. זי איז ווייט פון נאַרציסוס־קאָמפּלעקס. זי איז אָבער נאַטירלעכערווייז סוביעקטיוו אין איר באַציאונג צו מענטש און וועלט. אין דעם „ווי אַזוי" פון אַזאַ סוביעקטיווקייט איז דער שליסל צו דעם ליריקערס פּערזענלעכקייט. אין אים דאַרף מען זוכן דעם נופח משלו, אָט דעם עפּעס, וואָס מאַכט אויס דעם דיכטערישן „איך". מלכה טוזמאַנס „ווי אַזוי" דערקענען מיר אין אָט דעם אויסדרוקספולן פערז:

„כיהאָב דערקענט אין ערשטקייט פון מיין לעבן
די צערן וואָס עס טריפט אין מיר אַריין.
כיהיט עס אָפּ געטריי און איבערגעבן;
וגס פוועמט מיך, איז זיס דערפאַר די פּיין".

— 2 —

מיט אָט דעם הינטערגרונט פון עכטער ליריק, שטעלט דאָס בוך מיט זיך פאַר אַ מאָזאַיִק, וואָס שייך די ט ע מ ע ס פון די לידער. איך וויל אין אָט דער קורצער באַטראַכטונג זיך אָפּשטעלן בלויז אויף איין אַספּעקט: דעם אינטראָספּעקטיוון; אויף יענע פון אירע לידער אין וועלכע זי קוקט אַריין טיפער אין איר מער ווערזנטלעכן איך, און נעמט אָן „דורך שטילקייטן" אַ שטעלונג צו דעם גרויסן פראַגע־צייכן, וואָס ס'זענען די וועלט און דאָס לעבן. אין יעדן בוך לידער פון אַן עכטן דיכטער געפינען מיר שטענדיק איין געדיכט אָדער עטלעכע, וואָס גיבן אים, פּאָעטיש, עקזיסטענץ־באַ־רעכטיקונג, אומאָפּהענגיק פון דעם ווערט, וואָס די איבעריקע זייטלעך קע־נען האָבן, אַבסאָלוט אָדער רעלאַטיוו געאורטיילט. אַרויסהייבן דעם עס־טעטישן ווערט פון אַ ז ע ל כ ע געדיכטן, איז פאַר אַ קריטישן לייענער גאָר אַ באַזונדערער פאַרגעניגן.

אין מלכה טוזמאַנס „לידער" איז אַזאַ אַספּעקט דער רעליגיעז־עטישער. זיי זענען קורץ, כמעט עפּיגראַמאַטיש, און קאָמפּאַקט; יעדע שורה, יעדעס וואָרט אָטעמט דאָרט מיט טיפער, געלייטערטער עמאָציע, מיט רירנדיקער ערלעכקייט צו זיך אַליין. זיי זענען אויך, פאַר מיר, די בעסטע אין דעם בוך. צו די דאָזיקע לידער געהערט ראשית כל „איך גלויב", מיט וועלכן

דאָס בוך עפנט זיך, און וואָס, ווי אַן אויסדרוק פון אויפריכטיקייט מיט זיך אַליין, געפינט מען אַזעלכע נישט אָפט:

„איך גלויב אין עפעס, וואָס איז איבער „איך",
פון דאַנען ציט מיין זעלבסטוווערט חיות,
כישפיר די פריערס, שפעטערס וואָר אין זיך,
ווייל איך גלויב אין עפעס, וואָס איז איבער „איך".
דאָ גילט גאָרנישט די חכמה פונעם גריך;
דאָ העלפט אין לאָגיק נישט קיין בקיאות;
אַז איך גלויב אין עפעס, וואָס איז איבער „איך"
פון דאַנען ציט מיין זעלבסטוווערט חיות".

די דאָזיקע פרעכטיקע פערזן זענען גלייכצייטיק אַן אויסדרוק פון איינ־דרוקספולער תמימות און פון דעם גרויסן אמת, אַז ס'איז: אָדער גלויבן אָדער אינטעלעקט;ביידע קענען צוזאַמען נישט הויזן. און אויב ס'איז: גלויבן, איז נאַטירלעך, אַז די דיכטערין זאָל אָנערקענען די אָנמעכטיקייט צו דער־גיין דורך אינטעלעקט צו די טיפסטע אמתן פון דעם זיין, פונעם לעבן, פון דער וועלט. „גאָרנישט ווייס איך" הייסט איר ליד, אין וועלכן זי איז עס מודה:

„צי בוימער לויבן גאָט מיט ליכט
פון ווייסן צווייט,
דאָס ווייס איך ניט.
איך ווייס ניט ווען זיי וויינען,
איך ווייס ניט ווען זיי לאַכן,
גאָר ניט ווייס איך וועגן אָט די זאַכן".

אין אַן אַנדער קורצן געדיכט ווערט אָט דער טיפער רעליגיעזער געפיל (וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט וועלכער ס'איז פאָרם פון אויסערלעכן קולט, און וואָס אין אַנדערע ווערטער וואָלט מען אים געקענט כאַראַקטע־ריזירן ווי בענקשאַפט נאָך דערהויבענע גייסטיקע ווערטן) פאַרבונדן מיט איינער פון די איידלסטע מענטשלעכע געשטאַלטן: מיט דער אַזוי דראַמאַ־טישער פיגור פון בעטהאָווען, וועלכער האָט טויבערהייט געשאַפן די הערלעכ־סטע מוזיק. פאַרבינדנדיק די טראַגישע שטילקייט פון זיין געהער מיט דער, וואָס ווערט סימבאָליזירט דורכן „קול דממה דקה", — לאָזט אים די דיכטערין אויסדריקן איר אייגענע גאָט־זוכעניש אין די פאָלגנדיקע טיף־אַריינדרינגנדיקע פערזן:

„וואַכט בעטהאָוועגס אינער אויער,
וואָס דערהערן וויל גאָטס אָטעם.
ביי אַלע שטילקייטן אין לויער
וואַכט בעטהאָוועגס אינער אויער.
אין טויבקייט טיפער טיפט זיין טרויער.
ביים ברונעמס פיין, ווו סיפירט זיין טראָט אים,
וואַכט בעטהאָוועגס אינער אויער,
וואָס דערהערן וויל גאָטס אָטעם".

אין אַנזיכט פון אָט דער דיכטערישער גאָט־זוכעניש, איז נאַטירלעך, אַז אין אירע לידער זאָל זיך אויך אָפּשפּיגלען די בענקשאַפט נאָך גייסטיקער שיינקייט, וואָס, איבערזעצט אויף דער שפּראַך פון דער ווירקלעכקייט, מיינט עס מענטשלעכע גוטסקייט, בעסער געזאָגט, די שטרעבונג איר צו דער־גרייכן. אין די פאָלגנדיקע, מיט אור־יידישן גייסט אָנגעהויכטע און אין דעם גייסט פון יידישן פאָלקלאָר געשריבענע פערזן פון דעם קורצן געדיכט (אירע בעסטע לידער זענען אויף די קירצסטע). וואָס רופט זיך „פאַרוואָס?", מעדיטירט די דיכטערין:

„אַז חסדים וואַקסן אויף די בוימער
און גנאָדן שפּראָצן פון דער ערד,
דרינג איך מיר דערפון אַ קל־וחומר:
אַז חסדים וואַקסן אויף די בוימער —
און מיר פאַרוואָס, אַ, האַר מיינער און שומר,
צו זיין אַ קוואַל פון גוטסקייט זיניט באַשערט,
אַז חסדים וואַקסן אויף די בוימער
און גנאָדן שפּראָצן פון דער ערד?"

איז אָט דער, לויט מיר, וווּנדערלעך אַרויסגעבראַכטער רעליגיעז־עטישער מאָמענט, דאָס בעסטע און שענסטע אין מלכה טוזמאַנס „לידער".

— 3 —

דאָס ביז איצט געזאָגטע איז שייך בלויז צום אינהאַלט; אָבער אויך די פאָרם לאַדט איין צו לייענען אָט דעם בוך, וואָס זיין שפּראַך איז רייך און בילדלעך. מלכה טוזמאַן האָט געטרונקען פון די קרישטאָל־ריינע קוואַלן פון דעם פאָלקס ריידנס־אַרטן, און האָט נאָכדעם זיי געלאָזט דורכגיין דורך איר אייגענער לאַבאָראַטאָריע, ווי אַ וואָרט־קינסטלערין. דעריבער קומען אונדז כמעט אויף יעדער זייטל אַנטקעגן געלונגענע וואָרט - קאָמבינאַציעס,

**וואָס טראָגן אַזוי פיל ביי צו דער בילדלעכקייט פון אירע פּערזן. פון די צאָלרייכע ביישפּילן, וואָס מ'וואָלט געקענט אין אָט דער הינזיכט ברענגען, זאָלן דאָ פיגורירן בלויז צוויי. אָט איז דער ערשטער:**

„אַ דינג און אַ דאַנג, און אַ גלין און אַ גלאַן —
מיט וואונדער־געמעלן און קיילעך סופּיט
פון לייבן מיט לאַפּעס און מיילער פאַרצויגן
ביז הויך אינדערמיט.

---

באַג־באַנג און באָם־בום ביז הימל זיך שרויפן —
טריומף פון שפּיצן ספּיראַלע.
גזירות און גירוש, מהומה און טויפן
שאָטענען הימנען כאָראַלע".

ערגעץ ווו קומט מלכה טוזמאַן נאָנט צו איציק מאַנגערס יידיש־מיים־**טערשאַפט. אויך א י ר שפּראַך אָ ט ע מ ט און שפּרודלט מיט לעבן, און איז ביז גאָר אייגנאַרטיק, ווי דאָס באַווייזט דער צווייטער ביישפּיל, דורך וועלכן איך נעם אָפּשייד פון אירע „לידער":**

גלאָקן שיילן, שיילן זיסע מוראָ,
און איך וויים: סיאיז אַן עבירה,
נאָר איך וויג זיך צו די בומען
ווי די עמער איבער ברונען;
ווי זעער ציץ פון גערשטן־זאַנגען,
וויגט אויס ריטמיק אין די קלאַנגען;
ווי סיריטעמט טייכעלע אין ריזלען
און באָבע בוכה מיט די שפּיזלען".

.1959

# אַ דיכטערין רייזט איבער דער וועלט

## (וועגן מלכה לאָקערס בוך „שטעט")

אַרומרייזן איבער לענדער און שטעט קען זיין אַ מעכאַנישער מיטל פאַר צייט־פאַרטרייב און אַ קוואַל פון ריין אויסערלעכן, אין בעסטן פאַל, נערוון־קיצלענדיקן פאַרגעניגן, וואָס ס׳ברענגען נישט פאַרטיפטע איינדרוקן, אויף אַ קאַליידאָסקאָפּישן אופן. נישט דאָס האַרץ און נישט דער אינטעלעקט זענען דאָ מחותנים.

צו אָט דעם מין אַרומרייזן געהערן די נסיעות, וואָס ס׳מאַכן יעדן יאָר גרויסע צאָלן אַמעריקאַנער, וואָס ווערן יאָר־איין, יאָר־אויס אַרומגענומען פון אַ מין רייזע־פיבער, וועלכער מאַכט זיי אַריבערשווימען אָדער אַריבערפליען דעם אַטלאַנטיק און צו מאַכן, אַזוי צו זאָגן, אַן אינוואַזיע פון דעם אייראָפּעאישן קאָנטינענט; אין גרעסערע גרופּן, מיטן „בעדעקער" אין האַנט און געפירט דורך „טשיטשעראָנעס", טראָגן זיי זיך אַרום איבער לענדער און שטעט פון דער אַלטער אייראָפּע, פון איין מוזיי צום אַנדערן, פון איין היסטאָרישן פּלאַץ צום צווייטן; אַלץ איז „ביוטיפול", אַלץ איז „וואָנדערפול", און אַזוי, קאַליידאָסקאָפּיש, גייט דאָרט דורך זייער באַזוך, שטענדיק ווערטלאָז פון שטאַנדפּונקט פון גייסטיקער באַרייכערונג און פון דער פאַרטיפונג פון דער אייגענער פערזענלעכקייט, פון דעם אייגנטלעכן, אמתן „איך".

ס׳איז אָבער דאָ אַ צווייטער מין רייזנדער איבער לענדער און שטעט: דער מיט אַן אויסגעשפּראָכענער אייגענער פערזענלעכקייט, וועמענס „איך" לעכצט נאָך שלימות, נאָך פאַרפאָלקאָמונג, נאָך שטענדיקער באַנייאונג דורך קאָנטאַקט מיט דער וועלט: מיט אַלץ נייע פּייזאַזשן פון נאַטור און פון מענטש; מיט אַ ברענענדיקער דורשט צו טרינקען פון אַלץ נייע קוואַלן, פון וועלכע עס זאָל אַרויסקומען דער פאַרטיפטער זין פון רוים און צייט. דאָס איז ד ע ר מין רייזנדער, וואָס זיין האַרץ איז פילבאַר, זיין אינטעלעקט — וואַך, זיין אויג — שאַרף, זיין אויער — סענסיטיוו. דאָס איז יענער

ליבהאָבער פון נסיעות, וואָס דאָס רייזן מיינט פאַר אים אַ נאָכאַנאַנדיקע אַנטפּלעקונג פון נייע וויבראַציעס אין זיין איגענער נשמה; וואָס אַנטפּלעקנדיק אַלץ נייע ניואַנסן אין דער וועלט פון זיין אַרום, באַגרייפט ער איר אַלץ מער וואָס שייך איר זין אין צייט.

דאָס זענען יענע דורכגייסטיקטע וועזנס, וואָס אפשר נישט האָבנדיק קיינמאָל געלייענט עפּעס פון דעם אורוגווייער דענקער כאָזע ענריקע ראָדאָ, גלויבן זיי מיט אים צוזאַמען, אַז „לעבן הייסט זיך נאָכאַנאַנד באַנייען, רייזן הייסט לעבן".

דערפאַר, ווען עס רייזט אַרום אַ דיכטער, וואָס איז גלייכצייטיק באַגאַבט מיט אַ מעכטיקן אינטעלעקט, קענען מיר דערוואַרטן, ווי אַן אויסקום פון זיינע וואַנדערונגען, וואָס זענען גלייכצייטיק דער הינטערגרונט פאַר נאָכאַנאַנדיקע גייסיק־עמאָציאָנעלע אומוואַנדלונגען, ווערק, וואָס באַרייכערן ניט נאָר די ליטעראַטור פאַר וועלכער זיי זענען לכתחילה באַשטימט, נאָר די ליטעראַטור בכלל. אַזעלכע דיכטונגען זענען באַרופן, לויט זייער פאַרנעם און מהות, אַרויסצוגיין פון די ראַמען פון דעם ריין נאַציאָנאַלן, און צו אָטעמען מיט אוניווערסאַליטעט.

מ'האָט אַמאָל פּרצן געפרעגט, וואָס ער דענקט וועגן שלום אַשס „גאָט פון נקמה". זיין ענטפער איז געווען :„אין וואַרשע, אויף אַלט־שטאָט, געפינען זיך געוויסע הייזער. גייט פאַרביי אַ זאַטער, שפּייט ער; גייט פאַרביי אַ הונגעריקער, זינדיקט ער; ס'איז פאַרבייגעגאַנגען שלום אַש, האָט ער געשאַפן „גאָט פון נקמה".

אָט דאָס איז טאַקע דער גרונט־שטריך פון דעם דיכטערס אויג: ער זעט און באַמערקט דאָס, וואָס בלייבט פאַרבאַהאַלטן פון אונדז, געוויינלעכע שטערבלעכע, און ער געפינט אויס דעם ט י פ ע ר ן זין פון דעם, וואָס זיין אויג באַנעמט. ער הייבט פאַר אונדז אויף אַ פּאַרהאַנג, און מיר דערזעען אויך, אַזוי ווי ער, זאַכן אין היסטאָרישער פּערספּעקטיווע, און מיר דרינגען אַריין אין זייער פילאָזאָפישער באַדייטונג, „דאָס ווייטע ווערט נאָענט, און דאָס נאָענטע דערזעען מיר אין אַ נייעם ליכט".

דאָס איז אַלץ גערעדט, ווען דיכטערישע וויזיע און טאַלאַנט צו דענקען און נאָכצודענקען גייען האַנט אין האַנט. דאַן ווערט די וועלט־ליטעראַטור באַרייכערט מיט אַזעלכע שעדעווערס ווי, צום ביישפּיל, היינעס „רייזע־בילדער". ווען עס פעלט אָבער דעם דיכטער, ביי זיין גאַנצער פעאיקייט צו מאַלערישקייט, דער זין פאַר פאַרטיפונג און אַריינדרינגונג אין דעם, וואָס דאָס פיזישע אויג קען נישט אויפכאַפּן, און וואָס איז גאָר אָפט אַ סך וועזנטלעכער ווי דער ריין אויסערלעכער פּייזאַזש, דאַן באַקומען מיר אַזעלכע פּרעכטיקע ביכער, ווי, צום ביישפּיל, פּיער לאָטיס „אינדיע", אַ מאָנומענט פון קאָלירפולקייט, אָבער נישט מער.

מלכה לאָקערס בוך „שטעט" געהערט צו יענע, גאָר ווייניקע דיכ־טערישע רייזע־באַשרייבונגען, וואָס זייער פאַרקערפּערער איז היינריך היינע. נישט נאָר ז ע ט זי די נייע וועלט, וואָס אַנטפּלעקט זיך איר אויף אירע וואַנדלונגען, נאָר זי באַנעמט אויך איר זין וואָס שייך אַ ל מ ע נ ט ש ל ע כ ן פאַרנעם, און הערט זיך צו צו אירע היסטאָרישע אויבער־און אונטער־טענער.

זי איז באַגאַבט מיט איינעם פון די מערקווירדיקסטע טאַלאַנטן אויף דעם געביט פון פּאָעזיע: מיט דעם טאַלאַנט צו פילאָזאָפישער ליריק. גאָר אַ סך דיכטער, וואָס אויף אַנדערע געביטן גלאַנצן זיי, האָבן זיך גאָר היבש אויסגעגליטשט, ווען זיי האָבן זיך פאַרנומען אויף אָט דעם וועג. דאָס איז געשען, ווייל פילאָזאָפישע ליריק פאָדערט פונעם דיכטער, ווי אַן אָרגאַנישן טייל פון זיין וועזן, אַ מעכטיקן אינטעלעקט און פילאָזאָפישע דיסציפּלין, וועלכע קען דערגרייכט ווערן בלויז דורך ברייט־פאַרצווייגטן וויסן, מיט אַן היגטערגרונט פון אויסעראָרדנטלעכער באַהאַוונטקייט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

„שטעט", אַ בוך, וואָס, אויב ער וועט איבערזעצט ווערן אין אַנדערע שפּראַכן, וועט ער זיך גאָר לייכט שאַפן אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דעם אוצר פון אוניווערסאַלער פּאָעזיע, האָט געקענט אַנטשטיין נאָר ווייל מלכה לאָקער צייכנט זיך אויס דורך פּאָעטישער וויזיע, שטאַרקן אינטעלעקט, שאַרפן אויג, סענסיטיוון אויער, ווי אויך מיט טיפער באַקאַנטשאַפט מיטן היס־טאָרישן הינטערגרונט פון דעם געזעענעם.

ווי אויסדרוק־מיטלען פאַר דעם אַלעם, באַנוצט זי אַ שפּראַך, וואָס איז אייגנאַרטיק סיי דורך איר געוואָגטער נייאיקייט און סיי דורך איר, מאָ־מענטנווייז, דערשטוינלעכער אַרכאַאישקייט. איר פאָרם אָטעמט גאָר אָפט מיט דעם פאַוסטישן פיבער פון סופער־מאָדערנקייט, און נישט זעלטן דער־פילן מיר אין איר דעם פערפיום פון אַלט־יידיש, דעם פון די תחינות.

„שטעט" איז נישט קיין פּאָעזיע פאַרן מאַסן־לייענער, שוין דערפאַר אַליין וואָס גאָר אַ סך פון די באַגריפן, מיט וועלכע די דיכטערין אָפּערירט, פאָדערן פון דעם לייענער אַ געוויסן קולטור־באַגאַזש; אָבער פאַרן אינטעלי־גענטערן לייענער איז דאָס באַגלייטן איר אויף אירע פּאָעטיש־פילאָזאָפישע רייזעס דורך צייט און רוים און געשיכטלעכער שפּאַנונג, אַן אומפאַרגעס־לעך פאַרגניגן. פלאָרענץ און ווין, פּאַריז און לאָנדאָן, פּראַג, ניו־יאָרק און ירושלים ווערן פאַר אים אויפּטויכן באַנייט און באַשטראַלט מיט ליכט, וואָס איז אַנדערש.

לייענענדיק „שטעט", וועט ער, צוזאַמען מיט דער דיכטערין, זען, אַז אין פּראַג

„אויף מויערן הענגען אַראַבעסקן פון עבר,
איינגראַווירטע פרעסקן אויף די ווענט
פאַרזיגלטע ספינקסן פון אוראַלט געשען
שלאָפן אין קברים

ער וועט אַריינגעצויגן ווערן אין דער פאַרכישופטער און פאַרכישופנ־דיקער אַטמאָספערע פון דעם פראַגער אין מיטן־נאַכט, וואָס איז דורכגע־נאַנגען דורך מלכה לאָקערס פּאָעטישער פריזמע:

„דעמאָלט באַפּעלקערן די גאַסן פון פּראַג
קעפּלער, טיכאָ בראהע, דער מהר״ל,
וואָס מעסטן דעם גאַנג פון די שטערן,
און מרדכי מייזער, דער ראש הקהל,
זיי זענען עולה צום הראַדטשין
איבער מילכוועג און מלכות
און זוכן זיג,
מעסטן דעם וועג צו די ספערן...״

ווי אַנדערש איז פון אָט דער מיסטיש־אַנגעהויכטער אַטמאָספערע מלכה לאָקערס וויזיע פון פלאָרענץ.

„פלאָרענץ איז יונג, איז זעכצן יעריק,
ווי דאַנטעס בעאַטריטשע״.

זעלטן ווער פון די, וואָס האָבן אָט די שטאָט באַשריבן, האָט זיך אַזוי אַריינגעלעבט אין דעם מהות, קולטור־היסטאָריש און פילאָזאָפיש גענומען, פון אָט דער, איטאַליעס שענסטער שטאָט. מלכה לאָקערס „פלאָרענץ״ מעג פיגורירן אין אַנטאָלאָגיעס, אין וועלכע די רענעסאַנס־עפּאָכע אין איטאַליע ווערט אָפּגעשפּיגלט ליטעראַריש־קינסטלעריש. ווער קומט דען אין איר „פלאָרענץ״ נישט צו עלאָקווענטן אויסדרוק, ווי אַ פּערזענלעכקייט אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב? דזשיאָטאָ און פראַנציסקאָ פון אַסיז, לאָרענצאָ דע מעדיטשי און סאַוואָנאַראָלאַ. און מיקעל אַנדזשעלאָ באַוויזט זיך פאַר אונדז אין זיין פאַראיינזאַמטקייט און אין זיין אוממענדלעכער גרויסקייט.

מיט איין לאַפּידאַרער פראַזע האָט די דיכטערין געגעבן די בעסטע כאַראַקטעריסטיש פון רענעסאַנס, וואָס מ׳קען זיך נאָר פאָרשטעלן:

„הונגעריק נאָך שיינקייט, דורשטיק נאָך ליכט״.

מיט אָט דעם הונגער און מיט אָט דער דורשט זענען דורכגעדרונגען לאָרענצאָ דע מעדיטשי און זיינע נאָענטסטע חברים, זיינע ברידער אין גייסט:

„זיי וואַנדערן קיין העלאַס,
ניין זענען זיי;
צו די ניין מוזן געגליכן,
זוכן זיך אין פּלאַטאָ,
נעאָ־גריכן
וואָס גאַרן נאָך שיינקייט
ליבע און לעבן,
און דינען לעת עתה
הערלעכע ערדישע טריבן . . ."

פּרעכטיק אין איר שיינקייט און טיף אין איר אַריינדרינגלעכקייט איז די כאַראַקטעריסטיק פון דער טראַגישקייט פון מיקעל אַנדזשעלאָ, וועמענס אומענדלעכער קינסטלערישער ווילן האָט זיך אַ לעבנס־לאַנג געראַנגלט מיט זיין אַזוי געניאַלן און, דאָך, פאַר ז י י נ ע באַגריפן, נים אויסרייכנ־דיקן קענען:

„ווער האָט נישט פאַרענדיקט זיין ווערק,
גאָט האָט נישט פאַרענדיקט זיין וועלט . . .
און צו גאָטס כבוד האָט ער געוואָלט אויסטעסען בערג . . ."

לאָמיר זיך איצט, צוזאַמען מיט דער דיכטערין, אַריבערטראָגן פון דעם פלאָרענטינישן רענעסאַנס־כישוף צו דעם וויר־וואַר פון דעם מאָדערנעם ניו־יאָרק. אויך דאָ אַנטדעקט זי אַ טיפערן זין, און איר שוונגפולע וויזיע האָט אַ פילאָזאָפישן הינטערגרונט.

אָט איז די וווּנדער־שטאָט, ווי מלכה לאָקער האָט איר באַגריסט:

ווינרעס, וואָס פירן,
עטאַזשן געשפּאַנט ביז צום ליכט —
פענצטער און טירן
געשלאָסענע זיגלען
געזוימעט אין גלאָז,
היעראָגליפן פון ציגל
פאַרשריבן מיט שטאָלענעם בלוט

באַדעקן די קרייזן וואָס פירן
מיט יינגלשן מוט
אינעט אַבסורד פונעם הײנט"

.1954

# די עפּאָפּייע פון הייליקער עקשנות

## (וועגן יעקב פּאַטס בוך „די לערערין אסתר")

מיט זיין בוך „די לערערין אסתר" האָט יעקב פּאַט באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור מיט אַ ווערק פון גאָר אַ גרויסן קינסטלערישן פאַרנעם; מיט אַ ווערק פון דעם קאַליבער פון שלום אַשס „דריי שטעט".

דער פאַרגלייך איז נישט קיין צופעליקער, ווייל אויך אין פּאַטס בוך קומט די האַנדלונג פאָר הויפּטזאַכלעך אין דריי שטעט. אין שלום אַשס טרילאָגיע זענען עס פּעטערבורג, וואַרשע, מאָסקווע; די האַנדלונג אין „די לערערין אסתר" שפּילט זיך אָפּ, אין איר ווייט גרעסטן טייל, אין ביאַליסטאָק, ווילנע, וואַרשע.

„די לערערין אסתר" איז אַן עפּאָפּייע. דער רוקן־ביין פונעם בוך איז עפּאָס, אוממענדלעכע העראָאישקייט וואָס קוואַלט פון טיפן, אומבאַזיגבאַרן גלויבן אין הויכע און לויטערע אידעאַלן. ס'אָטעמט דאָרט מיט יענעם גלויבן, וואָס האָט באַהויכט פּרצעס סאַטיע פישער אין „נסים אויפן ים", און וואָס באַזיגט דעם צעשטורעמטן אין סוף פון דער וואַסער־סטיכיע.

דאָס בוך איז אינספּירירט דורך יענעם גייסטיקן עלעמענט, וואָס שלום אַשס הייליקער שניידערל האָט פון דעם אַזוי פיל געהאַט, פאַר זיך און פאַר זיין אַרום, אין „קידוש השם": טיפן בטחון.

אסתר לאַפּידעס, „די לערערין אסתר", דאָס איז דער פּראָטאָטיפּ פון דער שפּעטערדיקער, סוקצעסווערס „לערערין מירע".

איז דעריבער יעקב פּאַטס דאָזיקע ווערק פיל מער ווי אַ ליטעראַריש געלונגענער בוך. ס'איז איינס פון די גרויסע ביכער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור; איינס פון יענעם, זעלטענעם מין ביכער, וואָס אַפּעלירן צום געפיל, רעגן אָן דעם געדאַנק, ווירקן אויף אונדזער פאַרשטעלונגס־קראַפט און קריצן זיך איין אין זכרון פונעם לייענער מיט אַ קראַפט און מיט אַ טיפקייט, וואָס מאַכן אים איממון קעגן דער ווירקונג פון צייט, ווי אַ פאַקטאָר פון פאַרגעסן.

אין „די לערערין אסתר" אַנטפּלעקט זיך יעקב פּאַט ווי אַן ערשט־קלאַסיקער בעלעטריסט, ווי אַ דערציילער מיט שווונג, מיט שפּראַך, מיט סטיל.

אַרום אסתר לאַפּידעס, ווי די צענטראַלע פיגור, האָט ער אויסגע־מאָלט אַ הערלעך בילד פון אַ קאַפּיטל פון יידישן גייסטיקן לעבן אין פאַרן מבולדיקן פּוילן אין משך פון אַ דריי יאָרצענדליק; דער קאַפּיטל, וואָס ס'האָט זיך אָנגעהויבן מיטן טרויעריקן אסרו חג פון דעם קורץ דויערנדיקן יום־טוב פון דער ערשטער דורכגעפאַלענער רוסישער רעוואָלוציע, און ענדיקט זיך נאָך „פּשיטיק", ערב דער אינוואַזיע פון היטלערס דאַטילאַס נאַצי־באַרבאַרן.

עס קומט אינעם בוך צו אַן אומפאַרגעסלעכן אויסדרוק די געשיכטע פון יידישער העלדישקייט אויף אַ שלאַכטפעלד, וואָס האָט געהייסן: געבורט אַנטוויקלונג, אויפבלי און דערנער־וועג פון דעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין פּוילן. ס'ווערט אין „די לערערין אסתר" אַרויסגעבראַכט לדורות די עפּאָפּייע פון הייליקער עקשנות, וואָס ס'זענען געווען די קאַמפן פון יידישע אַרבעטער פאַר דעם אויפהאַלטן און שוץ פון די גייסטיקע פעס־טונגען, וואָס ס'זענען פאַר זיי געווען די יידיש־וועלטלעכע שולן: קינדער־גאָרטנס, פאָלקשולן, מיטלשולן (אָדער, ווי זיי האָבן דאַן געהייסן, גימנאַ־זיעס).

קיין בעסערע אילוסטראַציע, וואָס זאָל באַשטעטיקן די טעזיס וועגן דער גייסטיקער שיינקייט פון דעם מזרח־איראָפּעאישן יידן, וואָס יהושע אברהם העשעל האָט אויפגעשטעלט אין זיין באַרימטער אַרבעט, קען מען זיך ניט פאָרשטעלן. דער אידעאַליזם, די גייסטיקע דערהויבנקייט, די גרייטקייט צו ברענגען קרבנות, וואָס דערגייט נישט זעלטן צו עפּעס פון יענער ווי־ליקייט און מאַרטירערשאַפט, וואָס איז אין דער יידישער געשיכטע באַקאַנט אונטערן נאָמען קידוש השם, — פון דעם אַלעם האָבן די, וואָס זענען דורך שעפערישער און שאַפנדיקער טאַטט, געווען פאַרבונדן מיטן יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין פּוילן, געהאַט אין אַ פולער מאָס; און יעקב פּאַט האָט עס מיט אַ מייסטער־פענדזל־אויסגעמאָלט, ווי דער קינסטלער־כראָ־ניקער פון יענער, שוין אין די אייביקייט אַוועקגעגאַנגענער צייט. ער האָט עס געטאָן איידער די זכרונות הייבן זיך אָן אויסצוווישן און דאָס געשיכט־לעך בילד הייבט אָן צו פאַרבלאַסן, ווייל „די אכזריותדיקע צייט לויפט. עס קען ווערן צו שפּעט".

.1956

# ברוסילאָווס „שטילע ערד“

ווידער אַ מאָל האָט ניסן ברוסילאָוו, וואָס איז דורך „ביי די טייכן פון פּאָלעסיע“ „נתגלה“ געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק, מזכה געווען דעם לייענער מיט אַ וואָגיק און חשוב ווערק — „די שטילע ערד“.

אין פאַרגלייך מיט זיין ערשטלינג־בוך, שטעלט מיט זיך זיין איצטיק ווערק פאָר אַ שריט פאָרויס, הן אין זין פון קאָנסטרוקציע, הן וואָס שייך דעם ווערטער־שאַץ; דער סטיל איז נאָך קאָנצענטרירטער און די באַשריי־בונג — מאָלערישער.

ווי אַ „ראָמאַן פון אַ פאַרגאַנגענער וועלט“, באַצייכנט דער מחבר „די שטילע ערד“. מער אויפן פּלאַץ איז אפשר זיין אַנדערע באַצייכנונג פון זיין בוך — אַ „סאגע פון זומפּן־לאַנד“. די מערקווירדיקע קאָמבינאַציע פון גרויזאַמער ווירקלעכקייט מיט פאַרבנרייכער פאַנטאַסטיק, פאַרוואַנדלט טאַקע „די שטילע ערד“ אין אַ סאגע, לויט ווי זי ווערט פאַרשטאַנען אין דער סקאַנדינאַווישער וועלט, פון וואַנען זי שטאַמט.

— 2 —

אַ סך מער ווי אַ קולטור־היסטאָרישער דאָקומענט וועגן דעם לעבן פון די פּאָליעסער יידן אָנהייב אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, איז „די שטילע ערד“. דאָס איז אַ ברייט־פאַרצויגענער לייוונט, וווּ ס'זיינען מיט דעם פּענדזל פון אַ קינסטלער אויסגעמאָלט מענטשן, סיי אין זייער דערהייבונג, סיי אין זייער טיפער מאָראַלישער געזונקנקייט. דאָס לעבן פון די כאַפּונער יידן זעען מיר דאָרט בלויז פאַרבייגייענדיק און ווי דורך אַ נישט צו גע־דיכטן פאָרהאַנג, וואָס דערלויבט אונז צו זען, אָבער נישט גענוי, וואָס ס'קומט הינטער אים פאָר.

אַ סך קלאָרער זעען מיר אין בוך דעם הינטערגרונט פון דער האַנדלונג, וואָס ס'איז די ניט־יידישע וועלט פון דעם זומפּלאַנד. ברוסילאָווס קענען דאָס אַמאָליקע ווייס־רוסישע פּויערן־לעבן אין יענער געגנט, איז צו באַ־

וווּנדערן. ער איז אויך אַריינגעדרונגען אין די טיפֿענישן פֿון דער ווייס־רוסישער שפּראַך און פֿון דעם ווייס־רוסישן פֿאָלקלאָר, איינגעשלאָסן רעלי־גיעזע אָבערגלייבנס. ער באַווייזט אַפֿילו איבערצוגעבן אין זיין איבערזע־צונג פֿון די פֿיל ווייסרוסישע פּראַזעס און גלייכווערטלעך, וואָס מיר געפֿי־נען אין בוך, די ספּעציפֿישע אַטמאָספֿערע, וואָס קענצייכנט זיי אין אָרי־גינאַל.

— 3 —

זיינען דאָס אַלץ אויסערלעכע שטריכן. דער עצם פֿון דעם בוכס ווערט ליגט אין ברוסילאָווס פֿעאיקייט אַריינצובלאָזן, ווי אַ דערציילער, אַ רוח־החיים אין אַלע פּערזאָנען, וואָס דערשיינען אין זיין סאַגע; אין דעם געבן יעדער איינער פֿון זיי פּערזענלעכקייט. די געשיכטע מיטן פּאַרגראָבענעם אָדער פֿאַרזונקענעם אוצר וואָלט אין זיך אַליין נישט געווען גענוג צו שאַפֿן אין דעם לייענער דעם שפּאַנענדיקן אינטערעס, וואָס האַלט אים אין זיין גריף די גאַנצע צייט פֿון לייענען. אָט די געשיכטע איז אַ באַשטאַנדטייל, אין פֿאַרשיידענע וואַריאַציעס, אויך פֿון אַנדערע ליטעראַטורן. ס'איז, בכן, ניט די נייאיקייט פֿון דער טעמע וואָס האַלט אונז אַזוי געשפּאַנט, כאָטש, פֿון דער אַנדערער זייט, קען מען נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם מחבר'ס פֿאַרנעם ווי אַ דערציילער. די סיבה פֿון דעם שטאַרקן איינדרוק, וואָס „די שטילע ערד" מאַכט אויף אונדז, דאַרף מען זוכן אויף אַן אַנדער פּלאַץ. דאָס איז — ברוסילאָווס פֿעאיקייט אַריינצודרינגען אין דער פּסיכיק פֿון זיינע פּערסאָנאַזשן און אין דער לאָגיק פֿון זייער טראַכטן און האַנדלען אין די ראַמען פֿון די סיטואַציעס, וואָס אין זיי שטעלט זיי דער גורל אַוועק.

— 4 —

פֿיר זיינען זיי, פּאַקטיש, די העלדן פֿון דער סאַגע: חיים, דער פּילאָ־זאָפֿירנדיקער און דאָך זינדיקנדיקער טאָרף־ייִד; גאַווריליאַ דער „בורלאַק" און שבת־גוי אין כאַפּון; פּאַראַסיאַ, זיין געליבטע, אַ פֿרוי מיט געזונטע, נאַרמאַלע לעבנס־אינסטינקטן; און סטעפּאַן קישקאַ, איר מאַן, וואָס איז עט־לעכע יאָר געווען פֿאַרשוווּנדן און נאָכדעם זיך צוריק אָפּגעפֿונען. אַלע אַנ־דערע פֿאַרשווינען פֿון דעם ראַמאַן, דינען אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופֿן בלויז ווי די פּערספּעקטיוו פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער דראַמע. אין איר ווערן וואָס אַ מאָל מער און אומפֿאַרמיידלעכער פֿאַרוויקלט די אַנגע־רופֿענע פֿיר גרונט־עלעמענטן. דאָס איז — ניט געקוקט אויף דעם, וואָס יעדע פֿון די אַלע אַנדערע האָט איר אייגענעם קינסטלערישן רעליעף און איז אַ פֿולבלוטיקע געשטאַלט, ווי צום ביישפּיל, די אַלטע מאַרפֿאַ אָדער דער פּאַסטוך כאָמקאָ.

שוין גלייך אין אָנהייב אָטעמט דער לייענער מיט דער לופט פון טראַגיק. דאָס קינד פון חיים דעם טאָרף־ייד, וואָס איז דערטרונקען געוואָרן אין זומפּ, איז בבחינת אַן אָנזאָגער פון דער שטאַרקער דראַמע, וואָס וועט זיך אַנטוויקלען ביז צו איר טראַגישן קלימאַקס. דער פאַרגראָבענער אוצר ברענגט אומפאַרמיידלעך אומגליק צו זיינע זוכער און באַגערער.

— 5 —

דער קאַמף וואָס גייט אָן און צעפלאַקערט זיך וואָס אַ מאָל מער אין חיימס נשמה, זיין אַליין מער זיך אַרויסצווינגענדיקער חשבון־הנפש און דין־תורה מיט זיך אַליין, איז קינסטלעריש געשילדערט. די זייטלעך, וואָס זיינען אים געווידמעט, זיינען אין זיך אַליין גענוג צו געבן דעם בוך באַרעכטיקונג ווי אַ קונסטווערק.

גאַווארילאָ, דער „בורלאק", דער שבת־גוי פון דעם יידישן שטעטל כאַפּון, איז נאָך אַ פיגור, וואָס איז קינסטלעריש פאַרשניצט און געשילדערט. אַ סך מער ווי אַ באָסיאַק פון מאַקסים גאָרקיס שניט אין דער ליטעראַטור, איז ער, אַליין נישט וויסנדיק דאָס, אַ טאָלסטאָיאַנער. ער געהערט צו יענע, נישט צו אָפּטע מענטשן, וואָס ווען זיי ליידן, איז אָנשטאָט צו אַנטנאָבעלן זייער נשמה און האַרט מאַכן זייער האַרץ, דערגרייכן זיי דאָס אומגעקערטע: זיי ווערן פיינער, מענטשלעכער. זיין ווייבס און קינדערס אומקום האָט געלייטערט און נאָבעלער געמאַכט זיין כאַראַקטער. זיין צוגאַנג צו פאַראסיאַ, די פויערשע עגונה, איז קרישטאָל־ריין, זיין עראָטיק איז אַ געזונטע און, נאָך מער, פּאָעטיש.

זעלטן ווען איז אין אַ ראָמאַן אַ ליבע צווישן מאַן און פרוי געשילדערט געוואָרן מיט אַזעלכע שיינע פאַרבן און מיט אַזאַ ראַפינירטער פשטות, ווי ברוסילאָוו טוט עס אין „די שטילע ערד". זייער אַזוי נאַטירלעכער צוזאַמענקומען זיך אין דעם פאַרלאָזענעם הייזל אין וואַלד, אַ געזאַנג אָן ווערטער, דערמאָנט אין דער אַנטציקנדיקער נאַאיוויטעט פון דאַפניס און כלאָיע. דער אַקאָמפּאַנימענט פון דער נאַטור, אין וועלכער זייער ווערן איינס קומט פאָר, איז קינסטלעריש, וואָס מען קען אויף אָט דעם געביט נישט זייער אָפט געפינען אין דער יידישער ליטעראַטור.

— 6 —

און דער פערטער, סטעפּאַן קישקאַ, וואָס קומט אום, אומדירעקט, דורך גאַווארילאָס האַנט, ער שטייט ממש פאַר די אויגן לאַנג נאָכדעם ווי דער לייענער איז פאַרטיק געוואָרן מיט „די שטילע ערד". ביי דעם רוסישן שריפטשטעלער סאָלאָגוב איז דאָ אַ ראָמאַן מיטן נאָמען „מעלקי ביעס",

נאָכן הויפּט־העלד פון דעם בוך. אָט דאָס איז סטעפּאַן: אַ קליין מענטשעלע מיט אַ טייוולאָנישער נשמה, צווישן אַ מיניאַטור און אַ קאַריקאַטור פון שעקספּירס יאַגאָ. סטעפּאַן קישקאַ, דער נישט דערגאַנגענער, לעבערלעכער „דאָן זשואַן", איז די גלאָריפיצירונג פון ליגן, באַרימערישקייט, אין די ראַמען פון פּאַראַזיטישקייט און פון שטאָלצער טויגעניכטסקייט. ער קען אויך זיין מערדעריש־גרויזאַם. אין דער סיטואַציע, וואָס איז, פּאָטענציעל, טראַגיש, און אין וועלכער ער געפינט זיך ביי זיין צוריקקומען אַהיים, נאָכן אַנטדעקן אין וואַלד, אין דעם פּאַרלאָזענעם הייזל, זיין ווייב פּאַראַסיאַ, די עגונה, אין די אָרעמס פון גאַווארילאָ, — איז זיין איינציקע דאגה: וואָס פּאַר אַ נוצן קען ער פון אָט דער לאַגע אַרויסציען פּאַר זיך. ווען אָט דער סופּער־ציניקער ווערט דערשטאָכן מיט זיין אייגענעם באַיאָנעט, איז אונזער צער מער מיט גאַווארילאָ, וועמען זיין טראַגישער גורל צווינגט — קעגן זיין ווילן — צו זיין סטעפּאַנס מערדער, ווי מיט דעם שטאַרבנדיקן אויס־וואורף.

ברוסילאָווס אַריינדרינגונג אין די געדאַנקען און געפילן פון די פיר פּראָטאַגאָניסטן אין די מינוטן פון פּאַר, בשעת און נאָך דער קולמינירונגס־סצענע פון דעם ראָמאַן, באַשטעטיקט נאָך מער זיין געניטשאַפט אויף דעם אַזוי שווערן געביטן פון קינסטלערישער דערציילונג.

1957.

# דער ווײַזנטלעכער יונה ראָזענפעלד

יונה ראָזענפעלד איז אין אַ געוויסן פּרט, געווען אַ יחיד במינו אין דער יידישער ליטעראַטור. מיט דעם יונה ראָזענפעלד־באַנד האָבן די אַרויס־געבער באַצוועקט צו באַנייען דעם אינטערעס מצד יידישע לייענער צו אָט דעם מערקווירדיקן דערציילער.

אויפן ערשטן בליק קען זיך דאַכטן, אַז דעם קינסטלערישן רוקנביין פון יונה ראָזענפעלדס „געקליבענע שריפטן". שטעלן מיט זיך פאָר צוויי זאַכן, וואָס נאָך דער צאָל זייטן פאַרנעמען זיי דאָרט דעם גרעסטן פּלאַץ. וואָס זיי זיינען: פראַגמענטן פון אויטאָ־ביאָגראַפישן ראָמאַן „איינער אַליין"; און „די כאָליערע". אינאיינעם פאַרנעמען זיי כמעט אַ העלפט פון דעם באַנד. דאָס וואָלט, אָבער, געווען נאָר אַן אויבנאויפיקער איינדרוק. נאָכדעם ווי מ'לייענט דורך דעם גרויסן טייל אין בוך, ווערט דאָס בילד גאַנץ אַנדערש.

דעם צוזאַמענשטעלערס, חיים גראַדע, לויבנסווערטער צוועק איז געוויס געווען צו געבן דעם לייענער אַ קווערשניט פון יונה ראָזענפעלדס קינסט־לערישער פּראָזע. ער האָט מן הסתם, געוואָלט פאַרשטעלן דעם מחבר פון „קאָנקורענטן", ווי אַ דערציילער, אין זיינע צוויי פונדאַמענטאַלע אַספּעקטן: ווי דעם שילדערער פון סאָציאַלער סביבה; און ווי אַ שילדערער פון פּסי־כישער טרייבקראַפט, דאָס מיינט פון די טיפערע מאָטיוון אין יחידישע איבערלעבונגען און האַנדלונגען. זיינען טאַקע אין דעם בוך דאָ מוסטערן פון אָט־די ביידע זייטן פון ראָזענפעלדן דעם קינסטלער־דערציילער. דער דערציילער־פּסיכאָלאָג ראָזענפעלד איז, אָבער, קינסטלעריש, וואָגיקער ווי ראָזענפעלד דער שילדערער פון געוויסע סאָציאַלע סביבות. דעריבער קאָן אויפקומען אַ מאָדנע מחשבה. דורכן אָפּגעבן די צוויי זאַכן פון אָט דעם לעצט־אָנגערופענעם זשאַנעד כמעט די העלפט פון באַנד, האָט מען אפשר אַ ביסל באַעוולט דעם מער וויכטיקן אַספּעקט פון יונה ראָזענפעלדס שאַפן.

אין „איינער אַליין" און אין דער „כאָליערע" האָט יונה ראָזענפעלד, ווי אַ קינסטלער־דערציילער, זיינס גלייכן. געוויס, זיין מערקווירדיקער טאָ־

לאַנט מאַכט, אַז מיר זאָלן לייענען נישט בלויז מיט אינטערעס, נאָר טאַקע מיט שפּאַנונג די איבערלעבונגען פון דעם העלד פון אָט־דער אויטאָביאָגראַפיע אין זיינע ערשטע יוגנט־יאָרן, און זיך טאַקע באַקענען מיט די אַלערליי טיפן און פּאַרשוינען פון אַדעס, מיט דער מאָלדאַוואַנקע, פון אַנהייב איצטיקן יאָרהונדערט. מ'וואָלט געקענט זאָגן. אין אַ געוויסן פּרט איז „איינער אַליין" אַ וואַריאַציע אויף דער טעמע פון גאָרקיס „מיינע אוניווערסיטעטן".

אויך „די כאָליערע" אַ דערציילעריש־באַשרייבערישע סקיצע פון דעם, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן אין אַ יידיש שטעטל אין אוקראַינע אין דעם פּאַטאַלן יאָר 1893, ווען די כאָליערע האָט דאָרט געבושעוועט, פּונקט אַזוי ווי אין אַנדערע טיילן פון רוסלאַנד. פּראַכטפול דערציילט, מיט טרעפלעכע איינצל־שילדערונגען פון פּערזאָנען און סיטואַציעס. „די כאָליערע" האָט ביז גאָר ווערטפולן מאַטעריאַל פאַר דעם פאָרשער פון יידישע פאָלקס־איינגלויבענישן און אָבערגלויבונגען אין צאַרישן רוסלאַנד אין דער צווייטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. ס'איז אַזוי ווי לכתחילה געשריבן מיט אַן אויג אויפן קולטור־היסטאָריקער.

זיינען אָט די ביידע זאַכן זייער אינטערעסאַנט. פון אויסערגעוויינלעכן קינסטלערישן ווערט זיינען זיי אָבער נישט. דעם איינציק־אַרטיקן פּלאַץ, וואָס ער פאַרנעמט אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָלטן זיי יונה ראָזענפעלדן נישט געקענט פאַרזיכערן. זיין פּלאַץ אויבנאָן פאַרנעמט ער אַדאַנק דעם אַנדערן אַספּעקט פון זיין קינסטלערישער פּערזענלעכקייט. דאָס מיינט — אַ דאַנק דעם מערקווירדיקן אַריינדרינגען אין אור־מאָטיוון פון די איבערלעבענישן און האַנדלונגען פון דעם איינצלנעם מענטשן; דעם עפעקטיוון אַנטפּלעקער פון זיינע פאַרשיידענע פּסיכישע טרייב־קרעפטן.

אָט־די זייט פון יונה ראָזענפעלדן, דעם קינסטלער־דערציילער, האָט געדאַרפט זיין אַ סך מער פאַרטראָטן. אָבער דאָס, וואָס מיר געפינען אין אָט־דעם פּרט אין דעם בוך, איז אַ זייער געלונגענער אויסוואַל. באַזונדערס די דערציילונגען: „וואָס האָט פּאַסירט מיטן אַלטן"?, „ר' דוד", „צו חלום", „ביים ים", „פון שרעק" און „אין נעפּל".

אין דער ווילנער אויסגאַבע פון יונה ראָזענפעלדס דערציילונגען טראָגן דריי בענד די פאָלגנדיקע נעמען: „דאָס אומפאַרמיידלעכע", „דאָס לעבן רופט" און „באַשערטע זאַכן". דאָס איז נישט קיין צופאַל. פאַרקערט, דאָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש. אין אַ באַדייטנדיקן טייל פון זיינע דערציילונגען גייט אַדורך, ווי אַ לייטמאָטיוו, דער פאַקטאָר — אומפאַרמיידלעכקייט. די דאָזיקע דערציילונגען זיינען אָנגעהויכט מיט טראַגיק. דער גורל פון זייערע צענטראַלע פיגורן איז שוין גלייך פון אָנהייב פאַרחתמעט. מיט אַן אויסערגעוויינלעך טיפן אַריינדרינג אין דעםווירוואַר פון זייער פּסיכיק, וויזט

אונדז דער קינסטלער, טריט ביי טריט, ווי זיי גייען אַנטקעגן זייער אַ אײי־גענעם אומקום.

אין אָט־דער קונסט, אין מייסטערשאַפט פון פּסיכאָלאָגישער שילדע־רונג, האָט נאָך קיינער אין אונדזער ליטעראַטור נישט איבערגעשטיגן יונה ראָזענפעלדן. ס'איז אפילו שווער צו געפינען אין אָט־דעם פּרט זיינס גלייכן.

דערפאַר זיינען אַזעלכע זאַכן ווי „איינער אַליין" און „די כאָליערע" וויכטיק בלויז אויף אַ נאַציאָנאַלע מאַסשטאַב. אָבער „ביים ים", „וואָס האָט פּאַסירט מיטן אַלטן?", „ר' דוד", „צו חלום", „פון שרעק" און „אין נעפּל" זיינען פּאָטענציעל „קלאַסישע" ווערק פון דערציילערישער קונסט אין יעדער שפּראַך, אויף וועלכער זיי זאָלן נאָר איבערזעצט ווערן. זיי געהערן צו דער וועלט־ליטעראַטור.

.1956

# דלוזשנאָווסקיס שילדערונגס־קונסט

## („ווי אַ בוים אין פעלד")

דער נאָמען פון דעם ראָמאַן ווערט באַרעכטיקט דורך אַ גרונט־געדאַנק, וואָס קומט צום אויסדרוק ביים סוף פונעם ווערק:

„דער מענטש איז געגליכן צו אַ בוים אין פעלד; טראָגט איבער שטור־רעם, געוויטערן, און וואַקסט".

דערפון איז שוין לייכט צו פאַרשטיין, אַז דער הויפּט־העלד טראָגט איבער שטורעם און געוויטער. מרדכי העלער, ווי ער האָט געהייסן אין דער אַלטער היים, אָדער מאַרק העלער, ווי ער רופט זיך אין די פאַראיי־ניקטע שטאַטן, איז עס „דער בוים אין פעלד".

די שטורעמס און געוויטערן טראָגט ער איבער סיי, ספּעציפיש, ווי אַ ייד און סיי ווי אַ מענטש בכלל, אָדער, בעסער געזאָגט, ווי אַ מאַן.

צוליב זיינע ספּעציפישע ליידן ווי אַ ייד, דערוויסן מיר זיך וועגן אַ כמעט ווי נאָך נישט באַרירטן קאַפּיטל פון דעם היטלער־גיהנים: דאָס לויפן פון פראַנקרייך, איבער די פּירעניי־ען־בערג, קיין שפּאַניע, אין אַ פאַר־צווייפלטן פאַרזוך צו ראַטעווען דאָס לעבן, און דער נאַצישער סאַדיזם, וואָס האָט זיך דערביי אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער, שווידערלעכער אונטער־מענטשלעכקייט.

ריין מענטשלעך, גייט מרדכי־מאַרק העלער דורך אומדערטרעגלעכע ליידן, ווען ער ווערט צעריסן צווישן זיין ליבע־געפיל צווישן צוויי פרויען, יעדע איינע פון זיי אַ אידעאַלער פרויען־טיפּ אויף איר אייגענעם אופן: זיין ווייב ראַשעל אין זיין פריערדיקע געליבטע, קלאָדעט בערזשער.

ווען מיר קומען צום סוף פון דעם בוך, קען דער הויפּט־העלד אָנווענדן צו זיך היינעס פערזן (אין מיין, פרייער, איבערזעצונג):

„אין אָנהויב האָט מיך באַהערשט אַ אָפּגרונט־פאַרצווייפלונג,
און כיהאָב געגלויבט, כיוועל עס נישט איבערטראָגן;

כיהאָב עס אָבער ענדלעך דאָך פאַרטראָגן,
פרעגט מיך אָבער נאָר נישט ווי אַזוי כיהאָב עס באַוויזן".

דער צווייטער הויפּט־פּערסאָנאַזש פון אָט דעם ראָמאַן איז דער נאַצי האַנס הענטשקע, וועמען דער מחבר פאָלגט נאָך אין אייראָפּע, אין די קריגס־יאָרן, ווו ער „בליט" אין זיין אומבאַשרייבלעכער בעסטיאַלישקייט, טאַקע אין די פירעניייען־בערג, ווו ער פאַרשניידט גאָר אַ סך יידישע לעבנס, ווי דער אָנפירער פון אַ מיליטערישער גרעניץ־וואַך; און שפּעטער גייט ער אים נאָך טריט ביי טריט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וווהין דער דאָזי־קער נאַצי האָט באַוויזן זיך אַריבערצופּעקלען נאָך דייטשלאַנדס מפּלה.

מאַרק העלער, וועמענס ברודער איז דורך אָט דעם נאַצי דערהרגעט געוואָרן אין די פירעניייען, און וואָס ער ,מאַרק, איז געווען דערפון אַ לע־בעדיקער עדות, קען דעם האַנס הענטשקע קיינמאָל נישט פאַרגעסן. די שוידערלעכע דערינערונג ווערט פאַר אים אַ קאָשמאַר, וואָס דערבערענגט אים ביסלעכווייז צו ווערן, אין אַן אַנדער מאָס און אויף אַן אַנדער מאַסשטאַב, אַ מין שוואַרצבאַרד, וואָס האָט דערמאָרדעט פּעטלוראַן, אָדער אַ הערשל גרינשפּאַן, דער מערדער פון אַן אומבאַדייטנדיקן נאַצי־באַאַמטן אין דער דייטשער געזאַנדשאַפט אין בערלין. אויך ער, מאַרק העלער, ווערט דורך זיין קאָשמאַר דערבראַכט צו ווערן אַ גואל הדם, צו נעמען די גערעכטיקייט אין זיינע אייגענע הענט.

— 2 —

אַרום אָט דעם רוקן־ביין פון דעם ראָמאַן, באַוועגן זיך אַ סך פּערזאָ־נען וואָס יעדע פון זיי, פּונקט אַזוי ווי מאַרק, ראַשעל, קלאָדעט בערזשער און האַנט הענטשקע, איז רעאַל, פון בלוט און פלייש; זיי אַלע באַרעכטיקן דעם נאָמען „ראָמאַן" וואָס דאָס בוך טראָגט. אויב ווי אַ ראָמאַן פאַר־שטייען מיר אַ ברייט פאַרלייגטע דערציילונג, אין וועלכער די הויפּט־העלדן, פּונקט אַזוי ווי די פּערסאָנאַזשן, וואָס רינגלען זיי אַרום, לעבן און פירן דורך זייערע האַנדלונגען מיטן הינטערגרונט פון אַ געוויסער צייט און פון אַ געוויסער סביבה, וועלכע דאַרפן אַרויסקומען פּונקט אַזוי בולט, דאָס הייסט ליכט און שאָטנדיק, ווי אויך פאַרבנרייך, ווי די מענטשן, וואָס ווערן באַ־שריבן, — דאַן איז „ווי אַ בוים אין פעלד" אַ זייער געראָטענער ראָמאַן.

ער איז אינטערעסאַנט שוין בלויז מיט דער טעכניק, וואָס דער מחבר האָט אין אים, פון ריין קאָנסטרוקטיוון שטאַנדפּונקט, אָנגעווענדט. זי דער־מאָנט אין דער טעכניק פון געוויסע קינאָ־פילמען, ווו גלייך ביים אָנהויב ווערט געוויזן דער סוף, דער אויסקלאַנג, און אַלץ, וואָס קומט ווייטער

פאַר, דערקלערט בלויז (פאַרשטייט זיך, אויף אַ שפּאַנענדיקן אופן) ווי אַזוי ס'איז געקומען צו אָט דעם סוף.

נישט ווייניקער אָריגינעל איז דאָס פירן די דערציילונג אין דער פאָרם פון זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן מצד מאַרק העלער, פאַר אַ דאָקטאָר אַ פּסי־כאָאַנאַליטיקער, וועלכער וויל אַזוי אַרום אים באַפרייען פון זיין האַנס העגטשקע־„טראומאַ".

אַ ווייטערדיקער כאַראַקטעריסטישער שטריך איז דאָס, וואָס אַזוי שנעל ווי ער פירט אַריין אַ נייעם פּערסאָנאַזש, גיט אונדז דער מחבר גלייך דעם דאָזיק מענטשנס גאַנצן הינטערגרונט נישט נאָר מיטצייטלעריש־סאָציאַל, נאָר אויך היסטאָריש; און ער פירט אונדז אַמאָל צוריק ביז צום דריטן דור. אַזוי אַרום באַקענט ער אונדז מיט גאַנץ ברייטע און ווייטע פּאַנאָראַ־מעס פון יידישן לעבן, סיי אין דעם פּוילן, וואָס פאַרן חורבן, און סיי מיט געוויסע קאַפּיטלען פון דער אימיגראַנטישער יידישער אַמעריקע. לעבנס־שטייגער אין דעם שטעטל מאַלינאָוו, אָבער אויך די נייע לעבנסאַרט אין באַדייטנדיקע סעקטאָרן פון דעם זיך בויענדיקן יידישן ישוב אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. די גאַלעריע פון אָט די מענטשן איז אַזוי פאַרשידנ־פאַרביק ווי דער רעגנבויגן. דער קאָנטראַסט צווישן מאַלינאָוו און ניו־יאָרק איז אַרויסגעבראַכט דורך אַ וווּנדערלעכער פעאיקייט צו באַמערקן און באַ־שרייבן.

— 3 —

די הויפּט־מעלה פון דעם ראָמאַן זענען דעם מחברס אויג, וואָס איז אויסערגעוויינלעך פעאיק אויפצונעמען אַלערליי פּייזאַזשן, און זיין פעדער, וואָס מאַכט אים צו איינעם פון די בעסטע באַשרייבער־כאַראַקטעריזירער אין דער הייגטצייטיקער יידישער ליטעראַטור. ווען ער באַמערקט עפּעס, וועט שוין זיין פעדער זיך נישט אָפּשטעלן ביז די אויגנבליקלעכע טעמע וועט נישט זיין אויסגעשעפּט. ס'איז אין זיין פאַל באמת „עין רואה ואוזן שומעת".

זיין אויג זעט און זיין פעדער־פּענדזל שילדערט, מאַלעריש־פּלאַסטיש, מאַלינאָוו און ניו־יאָרק; זי זאָגט עדות אויף זיין מייסטערשאַפט אין נאַטור־פּייזאַזש; זי אַנטפּלעקט דעם גאַנצן עקל פון נאַצישער פּסיכיק און פון יאָרקווילשער דייטש־טימלעכקייט; זי איז אין איר גאַנצן גלי ביים באַ־שרייבן פּרויען־שיינקייט, פּונקט אַזוי ווי זי באַגרייפט טיפע, ממעמקימדיקע מענטשלעכע פאַרצווייפלונג; און זי אָבסערווירט אויך טרעפלעך די אי־בערגעבנהייט, די אומקאָנדיציאָנעלע טרייקייט פון אַ הונט צו זיין בעל־הבית, — אום אָנצוווייזן אויף בלויז עטלעכע ביישפּילן פון דעם מחברס

מייסטערשאַפּט, ווי אַ שילדערער. אָט די מייסטערשאַפּט, דלוזשנאָווסקיס קינסטלערישקייט, ווי אַ באַשרייבער, איז, ווי שוין געזאָגט, די ווייט גרעסטע מעלה פון אָט דעם ראָמאַן.

דלוזשנאָווסקיס וואונדערלעכע קינסטלערישקייט, אין „ווי אַ בוים אין פעלד". ווי אַ באַשרייבער־שילדערער, שטעלט אים אין אָט דער הינזיכט ביי דער מזרח־וואַנט פון דער היינטצייטיקער יידישער ליטעראַטור.

.1959

# אַ מייסטערווערק פון דערציילערישער קונסט

(יצחק באַשעוויסעס „דער באַל")

דער שטן, אָדער, ווי ער פיגורירט אין באַשעוויסעס דערציילונג: קטב מרירי, איז שוין נישט איינמאָל אויסגענוצט געוואָרן דורך גרויסע דיכטער און דראַמאַטורגן פון דער וועלט־ליטעראַטור. אַזוי, צום ביישפּיל, געפינען מיר אים אין דער רוסישער ליטעראַטור פאַרקערפּערט אין לערמאָנטאָווס „דעמאָן". לוציפער איז נישט קיין זעלטענער פאַקטאָר אין דער אינספּי־ראַציע פון גרויסע קינסטלער אויף דעם געביט פון ליטעראַרישער שאַפונג, און געטהעס מעפיסטאָפעלעס, אין זיין „פאַוסט", איז איינע פון דעם טייוולס געלונגענסטע פּערזאָניפיצירונגען.

דער קאַמף קעגן דעם שטן דורך דער קאָנצענטרירונג פון דערהויבענע מחשבות איז אויך נישט קיין נייע טעמע אין דער ליטעראַטור. ס'איז אין אַט דער הינזיכט גענוג זיך צו דערמאָנען ווי מעפיסטאָ ווערט באַזיגט טאַקע אויף אַט דעם אופן, אין דעם צווייטן אַקט פון דער נאָר וואָס דער־מאָנטער דראַמע, נאָכדעם ווי ס'איז אים שוין כמעט געלונגען אַרויסצו־רופן אַ מאַסן־היסטעריע, וואָס באַצוועקט מצד אים צו דעגראַדירן און פאַר־אומרייניקן דעם צלם אלקים פונעם מענטשן. דער מענטש, בעסער געזאָגט, זיין האַרץ און נשמה, דאָס איז אין מייסטערווערק פון דער וועלט ליטע־ראַטור, דער אָביעקט, פאַר וועלכן דער טייוול קעמפט קעגן גאָט.

אין דער יידישער ליטעראַטור געפינען מיר אויך עטלעכע שאַפונגען אויף אַט דער טעמע. רעפּרעזענטאַטיוו איז אין אַט דער הינזיכט פּרצעס „אַ קאַפּיטל תהילים" אָדער „יוחנן דער וואַסער־טרעגער און דער „אורח־חיים", פון די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן". דאָרט קומט אויך אַריין דער „לילית"־עלעמענט, וועלכער איז אין דער יידישער אַלטער און נייער לי־

טעראַטור אפשר מער דורכגעאַרבעט און קינסטלעריש פּערזאָניפיצירט, ווי אין וועלכער ס'איז אַנדערער ליטעראַטור.

— 2 —

די טעמע: קטב מרירי און לילית, און זייער געמיינזאַמער קאַמף צו פאַרפּלעקן אָדער גאָר אַנטמענטשלעכן דעם מענטשן (אין געוויסע פאַלן — דורך מאָסן־היסטעריע), איז, ווי מיר זעען, נישט גאָר קיין נייע, און איר באַהאַנדלט יצחק באַשעוויס אין זיין דערציילונג. איז אויב מיר באַהויפּטן מיט דער גאַנצער קראַפט פון אונזער איבערצייגונג, ווי אַ ליבהאָבער פון גרויסער קונסט אין ליטעראַטור, אַז „דער באַל" געהערט, קינסטלעריש, צו דער קאַטעגאָריע פון מייסטערווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור, איז עס נישט אַזוי צוליב דעם „וואָס", ווי צוליב באַשעוויסעס „ווי אַזוי?". לאָמיר זשע אים דאָ קורץ באַטראַכטן.

וואָס האָט באַשעוויס, ווי אַ קינסטלער, אויפגעטאָן אין אָט דער דערציילונג, וואָס נישט בלויז לייענט מען איר מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, נאָר, האָבנדיק איר דורכגעלייענט איין מאָל, לייענט מען איר טאַקע גלייך נאָך אַ מאָל, און מ'באַשליסט דאָן איר ווידער אַ מאָל צו לייענען ביי דער נאָענטסטער געלעגנהייט?

„דער באַל" איז, ווי אַ קונסטווערק, פאַרקנאָטן פון יענעם טייג, וואָס פון אים זענען געקנאָטן אַ סך פון די ליטעראַריש־קינסטלערישע שאַפונגען, וואָס זענען פּרעמירט געוואָרן מיטן נאָבעל־פּרייז. כדי צו זיין, קינסטלעריש, אַ גרויס ווערק, מוז אַ ליטעראַרישע שאַפונג גאָר נישט זיין קיין דיקער באַנד, מיט עטלעכע הונדערט זייטן צווישן זיינע טאָוולען, אָט איז דאָך, צום ביישפּיל, ראַבינדראַנאַט טאַגאָרעס „דער גערטנער", אָדער ביאַליקס „מגילת האש" נישט „דיק" וואָס שייך דער צאָל זייטן, אָדער, כדי צו נעמען אַ ביישפּיל טאַקע פון דעם געביט פון נאָבעל־פּריז טראַגנדיקע ווערק, אָט איז העמינגווייס „דער פישער און דער ים". אָט די שאַפונג איז, וואָס אָנבאַלאַנגט דער „דיקייט" פון דעם בוך, גאָרנישט קיין סך גרעסער פון באַשעוויסעס דערציילונג. ווידער אַ מאָל באַשטעטיקט זיך דער גרויסער אמת, אַז אויפן געביט פון קינסטלערישער שאַפונג איז דער דעטערמינירנדיקער פאַקטאָר נישט כמות, נאָר איכות; נישט קוואַנטיטעט, נאָר קוואַליטעט.

באַשעוויסעס דערציילונג „דער באַל" געהערט צו די קליינע גרויסע ווערק נישט בלויז פון דער ליטעראַטור אויף יידיש, נאָר אויך פון דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס די יידישע איז אַזאַ שיין־שפּילנדיקער אינסטרומענט אין אָט דעם פּרעכטיקן אָרקעסטער.

„פּערפעקטקייט איז אַ געטלעכער שטריך", האָט זיך אַ מאָל אויכ־

געדריקט געטהע, „מענטשלעך איז בלויז דאָס שטרעבן צו איר און זיך צו איר צו דערנענטערן". אויף וויפל אַ ווערק פון אַ קינסטלער קען אין אָט דעם זין זיין פּערפעקט, האָט באַשעוויס אין זיין דערציילונג דערגרייכט קינסטלערישע פּערפעקציע.

לאָמיר אָנהויבן פון שפּראַך און סטיל. ס'איז נאָך דעם לייענען „דעם באַל" שווער זיך צו באַפרייען פון דעם געדאַנק, אַז באַשעוויס איז היינט צו טאָג דער גרעסטער מייסטער פון דער יידישער קינסטלערישער פּראָזע, דערווירדיקער יורש פון אַפּאָטאָשוס מאַנטל אויף אָט דעם געביט. נישט נאָר איז זיין וואָרט־אוצר אויסערגעוויינלעך גיואַנסן־רייך, אויך זיינע אַרכאַאיזמען באַזיצן אַ פאַסצינירנדיקע לעבעדיקייט.

און דער סטיל? קאָנצענטרירט און גלייכצייטיק פילפאַרביק. אַלץ איז דאָרט אָרגאַניש נויטיק, ווי אין אַ פּראַכטפולער סקולפּטור, געשאַפן דורך אַ סקולפּטאָר, וואָס איז דערגאַנגען צו די טיפסטע טיפענישן פון דעם סוד פון צמצום. „דער באַל" איז סקולפּטור־מעסיקע שפּראַך, וואָס איז אין דער זעלבער צייט מאָלעריש, ווי ס'קען עס נאָר זיין אַ קינסטלעריש־געלונגענע קאָמבינאַציע פון די פאַרשידענע פאַרבן פון שפּראַכלעכן רעגנבויגן.

די כאַראַקטעריסטיק פון יעדן איינעם פון די „העלדן" פון דער דערציילונג איז איינציק אין איר רעליעפקייט. דער „קראַקאָווער דאָקטאָר" קריצט זיך אונדז איין אין זכרון לעולם ועד, סיי ווי דער רייכער אלמן און סיי (ווי ער אַנטפּלעקט זיך שפּעטער) ווי קטב מרירי. אַזוי אויך אַלע אַנדערע פּערסאָנאַזשן פון „דעם באַל".

די „טעמפּאָ" פון דער דערציילונג איז אַן אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע. ווען מיר מיינען, אַז מיר האָבן שוין דערגרייכט דעם קלימאַקס, ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז בלויז געווען ,אַזוי צו זאָגן, אַן איינלייטונג צום פּראָלאָג, און די האַנדלונג שטייגערט זיך נאָכאַנאַנד אין אַ „קרעסטשענדאָ", וואָס זיין קלימאַקס איז די סצענע פון דער מאַסן־היסטעריע. זי איז אַ דאַנטע־מעסיקער קינסטלערישער שעדעווער פון וועלט־באַדייטונג אין ליטעראַטור.

.1957

# אַ וואַרעמער ליטוואַק אין פּוילן

## (דניאל טשאַרנים „אַ ליטוואַק אין פּוילן")

וואָס מער מ'לייענט זיך אַריין אין דניאל טשאַרניס בוך, אַלץ קלאָרער ווערט, אַז נישט סתם עפּעס אַ קאַלטער ליטוואַק האָט באַזוכט דאָס יידישע פּוילן פון צווישןביידע וועלט־מלחמות, נאָר זייער אַ וואַרעמער ליטוואַק. עס האָט געמוזט זיין טאַקע יענער ליטוואַק, וואָס אין פּרצעס באַרימטער דערציילונג האָט זיין ניי־געוווּנענער ענטוזיאַזם פאַרן חסידישן רבין, אים געמאַכט אויסרופן: „אויב נישט נאָך העכער".

נאָך דרייסיק יאָר זיך טומלען אין די ליטעראַרישע קיבעצאַרניעס פון פאַרשיידענע שטעט אין מערב־ און מזרח־אייראָפּע, האָט דער מחבר פון דער „משפּחה־כראָניק" פאַרבראַכט צוויי יאָר (1935 און 1936) אין פּוילן, און דאָ איז פאַר אים אַ ניי ליכט אויפגעגאַנגען: ער האָט זיך פערזענלעך באַקענט מיטן פּוילישן יידנטום, און עס האָט אים פאַסצינירט. צוואַנציק יאָר נאָך יענעם באַזוך האָט ער פאַרעפנטלעכט זיינע דערינערונגען וועגן זיינע איבערלעבונגען דאָרט, און זיין ליריש אָנגעהויכט בוך געהערט צו די בעסטע ווערק פון מעמואַרן־ליטעראַטור אויף יידיש.

אויב ס'זיינען נייטיק אילוסטראַציעס צו דער שוין באַרימט געוואָרענער עסיי פון פּראָפעסאָר יהושע אברהם העשעל: „דער מזרח־אייראָפּעאישער ייד", האָט זיי דניאל טשאַרני אין זיין בוך געגעבן מיט אַ פולער האַנט. „אַ ליטוואַק אין פּוילן" איז געשריבן נישט נאָר דורך אַ פיינעם דערציילער, נאָר אויך אַ דיכטער, וואָס זיין פעדער איז אָנגעזאַפּט מיט בענקשאַפט נאָך דעם, „וואָס געווען, איז געווען און נישטאָ". אָט די בענקשאַפט ברענגט מיט זיך נישט זעלטן אַ נייגונג צו פאַרגעדענקען בלויז דאָס פיינע און דערהויבענע. דערפאַר איז אויך טשאַרניס בוך אַ בילד פון בלויז ליכט, אַ נאָכאַנאַנדיקער „אויב נישט נאָך העכער". און ס'איז גוט אַזוי.

ווען מ'זאָל וועלן איבערגעבן דעם תמצית פון אָט דעם בוך (וואָס ס'לייענט

זיך נישט, נאָר ס'שלינגט זיך ממש) על ר״גל אחת, וואָלט געגוג געווען צו ציטירן די פאָלגנדיקע צוויי זאַצן.

„דאָס זעלבשטענדיק געוואָרענע פוילן האָט שרעקלעך געטרודפט די נאַציאָנאַלע יידישע מינדערהייט. אָבער דאָך זיינען די יידן פון פוילן, אויך אפילו די ציוניסטן און די „אינטערנאַציאָנאַליסטן", געווען פאַרבונדן און צוגעבונדן צו פוילן מיט טויזנט פעדעם".

און דער אויפקום פון אַ יידישן מאַסן־לעבן אין פוילן צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה איז געווען אַ ווירדיקער און שטאָל־צער ענטפער צו די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געשטערעבט דעם יידישן מאַסן־לעבן צו צעשפּליטערן און פאַרניכטן".

איז אָט דאָס דער לייטמאָטיוו פון דניאל טשאַרניס קינסטלערישע שיל־דערונגען פון דעם, וואָס ער האָט געזען און געהערט אין ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק און, דערהויפּט, אין וואַרשע, אין די צוויי יאָר פון זיין ווײַלן אין פוילן. עס אָטעמט אין זיי העלדישקייט, אַ פעלדזן־פעסטע אַנטשלאָסנ־קייט צו לעבן און קעמפן „ואף על פי כן". קאַפּיטלען, ווי, צום ביישפּיל, „דער שבת־טאַנץ" פון די „טויטע חסידים", קריצן זיך איין אין זכרון מיט אַ קראַפט, וואָס בלויז עכטע קונסט קען באַווייזן אויפצובריגנען. אָדער, צום ביישפּיל, אַזאַ מין קינסטלערישער פענדזל־שטריך פון סאָציאַלער עק־זאָטיק, ווי „אַ יום־כיפור־נאַכט אויפן וואַרשעווער בית־עולם". ס'אָטעמט דאָרט מיט שלום אַשעס „גאָט פון נקמה".

אויסרעכענען די אינטערעסאַנטסטע מאָמענטן פון „אַ ליטוואַק אין פוילן", וואָלט געמיינט איבערדרוקן דאָ דעם אינהאַלט־פאַרצייכניס פון בוך, ווייל אַלע קאַפּיטלען זיינען אינטערעסאַנט. עס האַלט דעם לייענער גע־שפּאַנט פון דער ערשטער ביז דער לעצטער זייט, און ס'איז צו באַוואונדערן ווי אַזוי טשאַרני האָט באַוויזן אַריינצופּאַקן אין בלויז הונדערט פערציק זייטלעך אַזויפיל דערציילונג און שילדערונג, פון איין זייט, און אַזוי פיל מעדיטאַציע. גאָר אָפט פון אַן אַלגעמיין־פילאָזאָפישן כאַראַקטער, פון דער צווייטער. ער האָט דאָ באַוויזן אַ גוטן מוסטער פון דער אַזוי שווערער קונסט פון צמצום. דערצו האָט ער נאָך, צווישן אַנדערע באַרימטע יידישע פּער־זענלעכקייטן, אַרויסגעפירט אויף די זייטלעך פונעם בוך זיינעם אַ ברודער, דעם פאַרשטאָרבענעם וולאַדעק, און עס געטאָן אויף אַ ווירקזאַמען אופן, וואָס מאַכט אָט די וולאַדעק־שילדערונג פאַר אַן אָבליגאַטאָרישן לייען־שטאָף פאַר יעדן, וואָס וויל זיך נעענטער באַקענען מיט דעם גייסטיקן בילד פון דעם „יידישן לאַסאַל".

.1956

# אַ קלאַסיש ווערק

## (י. ראַפּאָפּאָרטס „תנ״ך-אימפּראָוויזאַציעס״)

אַ בוך, וואָס איז נישט ווערט געלייענט צו ווערן אַ צווייטן מאָל, איז אויך נישט ווערט געווען מ׳זאָל עס לייענען אפילו איין מאָל. יהושוע ראַפּאָפּאָרטס „תנ״ך־אימפּראָוויזאַציעס״ האָב איך ביז איצט שוין דורכגעלייענט דריי מאָל, און זיי זענען פאַר מיר געוואָרן דאָס, וואָס מען רופט אין רוסיש „נאַסטאָלנאַיאַ קניגאַ״, דאָס הייסט איינס פון יענע געציילטע, באמת וויכטיקע ביכער, וואָס ביי דער ערשטער געלעגנהייט קוקט מען ווידער אין זיי אַריין, אויפעפענענדיק זיי אויף דער ערשטער בעסטער זייטל.

איך וועל עס טאָן, ווייל אין אָט די, שוין גאָרנישט אימפּראָוויזירטע, נאָך יאָרן־לאַנג דורכגעטראַכטע און אַלץ מער און מער פאַרטיפטע „אימפּראָוויזאַציעס״, ווייס איך נישט וואָס מער צו באַוווּנדערן: דעם טיף גראַבענדיקן געדאַנק, דעם ענציקלאָפּעדישן הינטערגרונט, דעם לירישן אונטערטאָן אָדער די שיינקייט פון סטיל.

זיינע „תנ״ך־אימפּראָוויזאַציעס״ פאַסצינירן, און ס׳איז שווער זיך פון זיי אָפּצורייסן. עפּעס איז דאָ אין זיי פון דעם, מיט וועלכן ער פאַרענדיקט דעם קאַפּיטל „אייביקע זאָרג און אייביקע וויזיע״:

„און די וויזיע האָט געשאַפן דאָס וואָרט, און דאָס וואָרט האָט אָנגעצונדן דעם גייסט מיט דער גרויסקייט פון דער וויזיע״.

ער דערהויבט זיך מאָמענטנווייז אין אָט דעם מערקווירדיק טיפן און שיינעם ווערק צו געוואַלטיקע הויכן פון עטישן פּאַטאָס; פון וויזיע, וואָס ווייזט זיך אַרויס צו זיין ווירדיק איר אור־קוואַל: דעם תנ״ך. ווי שיין, גייסטיק, און צויבערהאַפט, ליטעראַריש, איז דער פאָלגנדיקער פּאַראַגראַף, וואָס איך נעם אַרויס פון דעם אידייען־רייכן קאַפּיטל: „דער האַס פון תנ״ך״:

„איך האָב געוואַלטיק ליב די צאַרטע טענער פון ליבע אין תנ״ך: פלוצלונג באַווייזט זיך צווישן די צאָרן־וואָלקנס אַ שטראַל פון וואַרעמער ליבע, און דעם דונער פון צאָרן־שטורעם בייטן אָפּ די צאַרטסטע קלאַנגען

פון ליבע און רחמנות, פון מיטלייד און גינציקייט. די דאַזיקע שטעלן ביי ישעיהו און ירמיהו זענען פון איבערערדישער שיינקייט. אָבער נישט זיי איבערצייגן מיך אין דער עטישער דערהויבנקייט פון תנ"ך, פון דער ייִדי־שער לערע; זייער האַס איבערצייגט מיך. דער עטישער האָס פון די נביאים ווייס נישט פון קיין קאָמפּראָמיס: ער איז אַבסאָלוט אין זיינע פאָדערונגען און נאָרמעס. צי דאָס איז בבל און אשור, צי דאָס איז ישראל און יהודה — דער הוראַגאַן פון נביאישן האַס לאָזט זיך אַראָפּ מיט דער זעלבער פאַרניכטנדיקער קראַפט אויף יעדן פון זיי, ווער עס איז נאָר עובר אויף דעם עטישן אַבסאָלוט. נישט דערפאַר וועלן בבלס קינדער פאַרטיליקט ווערן און בבלס פרויען געשענדט ווערן, ווייל זיי האָבן פאַרטיליקט און געשענדט ישראלס קינדער און פרויען; זיי וועט טרעפן גאָטס בראָך דערפאַר ווייל זיי האָבן געשענדט פרויען און געטויט קינדער".

— 2 —

ס'איז שווער צו זאָגן וועלכער טייל פון די „אימפּראָוויזאַציעס", וועל־כע באַגלייטן דעם תנ"ך כמעט אויף זיין גאַנצן וועג, איז דער געלונגענס־טער, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס פון שטאַנדפּונקט פון אינהאַלט און פאָרם, זענען זיי אַלע די געלונגענסטע. מוז שוין אויב אַזוי, דער ענטפער אויף אָט דער פראַגע געגעבן ווערן אין איינקלאַנג מיט פּערזענלעכן גע־שמאַק. אויף מיר האָבן דעם שטאַרקסטן איינדרוק געמאַכט די קאַפּיטלען, וואָס זענען געווידמעט צו די נביאים. מיר דוכט זיך אַז אין די דאָזיקע קאַפּיטלען קומט אויפן פּלאַסטישסטן אופן צום אויסדרוק זיין, ראַפּאַפּאָרטס, ברוינזנדיקער ליטעראַרישער טעמפּעראַמענט, און אפשר נאָך מער, זיין גייסטיקע אַפיניטעט מיט די פונדאַמענטאַלע עטישע ווערטן, וואָס זענען דער זיוקנביין פון די נביאישע רייד צום פאָלק. „דער טאָפּלטער קוואַל פון נבואה", אַ קאַפּיטל פון די „תנ"ך־אימפּראָוויזאַציעס", איז אַ שעדעווער און דאַרף פיגורירן ,פון איין זייט, אין יעדער ליטעראַרישער אַנטאָלאָגיע, אין ייִדיש צי אין אַנדערע שפּראַכן; און פון דער אַנדערער, איז ער ווערט אַריינגע־נומער צו ווערן, ווי אַ קלאַסישע עסיי, אין די פאַרצוויגטע ליטעראַטור פון תנ"ך־פאָרשונג.

— 3 —

איינער פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון די תנ"ך־אימפּראָווי־ציעס" איז זייער מחברס נאָכאַנאַנדיקס שטרעבן צו באַגרייפן די נביאים נישט נאָר אין זייער גרונטזעצלעכן מהות, נאָר אויך ווען ער קוקט אויף זיי פון דעם קוק־ווינקל פון דער איצטיקער צייט. אָט דער לויבנסווערטער

פאַרלאַנג קומט צום אויסדרוק אין אַזעלכע קאַפּיטלען, וואָס יעדער פון זיי איז אַ זעלבסטשטענדיקער, גלענצנדיקער עסיי, ווי, צום ביישפּיל, „האָבן די נביאים פאָרויסגעזען אָדער געפורעמט די צוקונפט". אָדער „דער נביא ווי אַ פּאָליטיקער". דאָס גיט אים די געלעגנהייט אויסצודריקן אַן אינ־טערעסאַנטן אַלגעמיינעם געדאַנק, וואָס זיין טיפערן וואָרצל דאַרף מען אפשר זוכן אין דעם מחברס אידעאַליסטישן געשיכטלעך־פילאָזאָפישן אויס־בליק. ער זאָגט אים אַרויס אין דעם פאָלגנדיקן פעריאָד:

„דאָס וואָס די נביאימשע פאָרויסזאָגונגען זענען מקוים געוואָרן, באַ־ווייזט נישט, אַז די נביאים האָבן געטראָפן די צוקונפט; דאָס באַווייזט בלויז, אַז אין פייער פון זייער גלויבן האָבן זיי געשמידט און באַווירקט די צוקונפט. דאָס באַווייזט בלויז, אַז אידייען אין וועלכע מ'גלויבט באמת, האָבן אַ וויר־קונג אויף דער געשיכטע. זיי פורעמען זי".

— 4 —

צו אַלע נביאים באַציט זיך ראַפּאָפּאָרט מיט ערפורכט; אָבער ס'איז דאָ צווישן זיי איינער, וואָס וועגן ער רעדט וועגן אים, אין די „אימפּראָ־וויזאַציעס", איז יעדע שורה זיינע דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט. זיין ליבלינג איז ירמיהו. וואָס שייך אים, צעגייט זיך דער מחבר שטאַרק מיט אחד העמען, וועלכער האָט אַמאָל געשריבן, אַז די דערשיינונג פון די נביאים איז אַזוי ווייט פון אונז, אַז מיר קענען איר אפילו נישט באַגרייפן. אָפּפרעגנדיק אחד העמס געדאַנק, זאָגט ער:

„איז דאָך אונז ירמיהו אַזוי נאָענט, אַז מיר פאַרגעסן אָפט לייענענדיק אים, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ נביא וואָס איז נישט צוטריטלעך פאַר אונ־זער פאַרשטאַנד. מיר זעען און פילן פאַר זיך אַ מענטשן, אַ פּאָליטישן טוער, אַ סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן קעמפער, אַ דיכטער פון צער און צאָרן, וואָס איז אונז נאָענט, וועמען מיר קענען פאַרשטיין".

ירמיהוס טיפע מענטשלעכקייט געפינט ער נישט ביי קיין שום אַנדערן פון די נביאים אין אַזאַ מדרגה ווי ביי דעם אומפאַרגלייכלעכן באַוויינער פון יידישן חורבן. און אין איר געפינט ער די דערקלערונג פון דעם כאַ־ראַקטעריסטישן פאַקט פון דער מאָדערנער וועלט־ליטעראַטור: דאָס אָפּ־געבן אַזאַ חשובן פּלאַץ דער ירמיהו־געשטאַלט. איך קען זיך נישט קעגנ־שטעלן מיין פאַרלאַנג צו ברענגען דאָ אַ לענגערע ציטאַטע פון דעם „ירמיהו"־קאַפּיטל, וועלכע, אויסער דער אינהאַלטלעכקייט און שיינקייט פון איר טעקסט, באַווייזט אַגב אורחה אויף ראַפּאָפּאָרטס שטאַרקע באַהאַוונטקייט אין די מייסטערווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור:

„נישט אומזיסט האָבן זיך לעצטנס אַזוי פיל פּאָעטן און היסטאָריקער פאַרנומען מיט ירמיהו. אין משך פון די לעצטע דרייסיק יאָר האָט סטעפאַן

צווייג אָנגעשריבן זיין דראַמע „ירמיהו"; פראַנץ ווערפעל האָט אָנגעשריבן זיין הערלעכן ראָמאַן וועגן ירמיהו און זיין צייט: „הערט די שטימע"; דער היסטאָריקער יאָסיף קאַסטיין האָט אָנגעשריבן אַ גרויסע מאָנאָגראַפיע וועגן ירמיהו הנביא; און דאָס זענען נאָר די גרויסע געשטאַלטיקער פון דער ירמיהו־געשטאַלט, פאַראַן אויך קלענערע. די דיכטער און היסטאָריקער באַשעפטיקן זיך אַזוי פיל מיט ירמיהו נישט נאָר דערפאַר, ווייל דער דאָזיקער נביא פון טרויער, דער נביא פון דער עפּאָכע פון קאַטאַסטראָפעס, איז נאָנט צו אונז, די קינדער פון אַ קאַטאַסטראָפעס־עפּאָכע; ירמיהו איז דער פּאָפּולערסטער נביא ביי אַלע היסטאָריקער אויך נישט דערפאַר, ווייל זיין ביאָגראַפיע איז די פולסטע צווישן די פון אַלע נביאים, כמעט קלאָר סקיצירט; — ירמיהו איז דער באַליבטער העלד פון פּאָעטן און היסטאָריקער דערפאַר, ווייל ער איז זיי פאַרשטענדלעכער פון אַלע אַנדערע נביאים. ער איז אַ היינטצייטיקער מיט זיין סטיל, וואָס איז אונז נענטער מיט זיינע פּשוט־מענטשלעכע אינטאָנאַציעס פון כמעט דער גאַנצער נביאימשער ליטעראַטור".

איז אָט די פּרעכטיקע כאַראַקטעריסטיק פון ירמיהו כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אופן פון באַשרייבן און כאַראַקטעריזירן, וואָס מיר געפינען אין די „תנ"ך־אימפּראָוויזאַציעס" פונעם ערשטן ביזן לעצטן בלאַט. איז דען אַ וווּנדער וואָס ס'ווילט זיך לייענען דעם דאָזיקן מערקווירדיקן, מיט פּיעטעט געשריבענעם און מיט עטישן פּאַטאָס דורכגעדרונגענעם בוך, אַ צווייטן און אַ דריטן מאָל?

— 5 —

ס'איז נאָך דאָ אַזוי פיל צו זאָגן וועגן די תנ"ך־אימפּראָוויזאַציעס". ספּעציעל וועגן אַזעלכע קאַפּיטלען, אין וועלכע די ערלעכקייט פון דעם מיין און די שיינקייט פון וואָרט שטעלן מיט זיך פאָר אַזאַ אידעאַלע אַמאַלגאַמע, ווי, צום ביישפּיל, „ביים לייענען קוהלת", „וועלט־שמערץ אין תנ"ך", „תנ"ך־דיכטונג ווי געשיכטלעכע קוואַלן", אָדער גאָר דער קאַפּיטל „די נאַטור־דיכטונג און תנ"ך". אין וועלכן ער קומט — אין דעם שלום־זאַץ — צו דער איבערצייגונג, אַז „דער עקסטאַז פון איבערלעבן נאַטור־דערשיינונגען איז נישט קיין גריכיש־דיכטערישער, נאָר אַ יידיש־רעליגיעזער"; אַ געדאַנק, וואָס, ווען פילאָזאָפיש אַנטוויקלט און אַקאַדעמיש באַאַרבעט, קען פון אים אַרויסקומען אַ גלענצנדיקע דאָקטאָר־דיסערטאַציע אין פילאָזאָפיע אָדער אין ליטעראַטור.

איך גלויב אָבער, אַז איך וועל טאָן אַמבעסטן ,ווען איך וועל, אַנשטאָט ווייטער צו שפּינען מיינע איינדרוק וועגן אָט דעם אויסנעמלעכן בוך, אים רעקאָמענדירן צו יעדן יידישן קולטור־מענטש און פאָלקס־אינטעליגענט.

צו יעדן יידישן לערער פון אַ יידישער פאָלקס־ אָדער מיטל־שול, און פון אַ יידישן לערער־סעמינאַר, פונקט אַזוי ווי צו סעמינאַריסטן און סעמי־נאַריסטקעס, ווי אַן „אָבליגאַטאָ״־בוך; און, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויך צו יעדער יידישער שול־ביבליאָטעק, פונקט אַזוי ווי צו אַלערליי עפנטלעכע ביבליאָטעקן.

יהושע ראַפּאָפּאָרט איז באַרימט אין דער יידישער קולטור־סביבה אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב. ער האָט ביז איצט פאַרעפנטלעכט פאַרשידענע וואָגי־קע ביכער, וואָס באַרעכטיקן דעם גרויסן נאָמען, וואָס ער האָט זיך פאַר־שאַפט אין דער יידישער קולטור־וועלט. איך גלויב אָבער, אַז זיי זענען אין באַצוג צו די „תנ״ך־אימפּראָוויזאַציעס״ דאָס, וואָס עסקיזן פון אַ גרויסן מאָלער זענען אין פּראָפּאָרץ צו דעם גרויסן, דעפיניטיוון ווערק. „תנ״ך־אימפּראָוויזאַציעס״ זענען י. ראַפּאָפּאָרטס קלאַסיש ווערק. זיי האָבן אים גע־מאַכט פאַר אַ קלאַסיקער.

.1961

# ביאַלאָסטאָצקיס הומאַניסטישער לייט־מאָטיוו

איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון ליטעראַרישער קריטיק אין ברייטערן און טיפערן זין פון וואָרט, איז די באַמיאונג פון דעם קריטיקער זיך צו דערגרונטעווען צו די פונדאַמענטאַלע עלעמענטן פון דער ליטעראַטור, וואָס ער, דער קריטיקער, האָט זי געמאַכט פאַר דעם געביט פון זיין פאָרשע־רישער טעטיקייט.

געוויס: יעדער איינער פון די, וואָס מאַכן אַ באַדייטנדיקן ביישטייער צו דער געשטאַלטונג פון אַ געוויסער ליטעראַטור, פאַרדינט אַ געהעריקע באַ־לייכטונג פון זיין קינסטלערישער פערזענלעכקייט און אַ טיפערן אַנאַליז פון דעם מהות פון זיין ביישטייער; אָבער נאָכדעם ווי דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט אַ געניטער האַנט און אויפן שענסטן אופן, קומט די נאָך פיל וויכטיקערע אויפגאַבע: אויסצוגעפינען און אַרויסברענגען דאָס, וואָס ס'איז ביי אָט די אַלע ליטעראַטור־שאַפער דאָס געמיינזאַמע, דאָס אַלגעמיינע; דאָס, וואָס איז אַזוי צו זאָגן, דער לייט־מאָטיוו פון דער אָדער יענער לי־טעראַטור, אָדער אין געוויסע פאַלן, דאָס, וואָס איז דער לייט־מאָטיוו פון דעם אָדער יענעם באַשטאַנד־טייל אירן.

אָט דער מין קריטיקער, וואָס גראָבט טיפער, פאַרנעמט זיך צו ענט־פערן אויף די פראַגע: „מאי קאָ משמע לן" וואָס לאָזט אונז די אָדער יענע ליטעראַטור, אָדער דער אָדער יענער באַשטאַנד־טייל אירער, ווי אַ גאַנצעס הערן? וואָס טיילט זי, צוזאַמענגענומען, אויס און מאַכט זיי אָריגינעל און איינציק?

אין דער מאָדערנער אַמעריקאַנער ליטעראַטור האָט אויף זיך אָט די וויכטיקע אויפגאַבע גענומען דער קריטיקער־עסייאיסט עדמונד ווילסאָן; דעם טיפערן זין פון דער קלאַסישער דייטשער ליטעראַטור האָט זיך גע־מיט אויסצוגעפינען ראָבערט קורציוס; וואָס עס לאָזט, ווי אַ גאַנצעס, הערן

די רוסישע ליטעראַטור, האָט געוואָלט אויסגעפינען דער יידיש־רוסישער עסייאיסט אייכענוואַלד.

צווישן די גאָר ווייניקע, וואָס האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע איג־גאַנצן אָדער טיילווייז צו ענטפערן אויף דער „מאי קאָ משמע לן פראַגע". אויף דעם געביט פון דער יידישער ליטעראַטור, געפינט זיך ב. י. ביאַלאָס־טאָצקי. ער טוט עס אין די צווי און צוואַנציק עסייען, וואָס שטעלן צענויף זיין פונדאַמענטאַלע אָפּהאַנדלונג: די געשטאַלט פון אָרימאַן אין יידישן ליד", וואָס פאַרנעמט די ערשטע דריטל פון זיין בוך „חלום אין וואָר" און איז אייגנטלעך זיין גרונט־מאָטיוו, וואָס פון אים זענען אַלע ווייטערדיקע עסייען, וואָס קומען אין אים אַריין, נישט מער ווי וואַריאַציעס אויף אַ געוויסער־שוין באַקאַנטער טעמע.

— 2 —

דער געביט, וואָס אים אינטערעסירט, איז די יידישע פּאָעזיע, און דער גרונט־געדאַנק פון זיין פונדאַמענטאַלער אָפּהאַנדלונג איז, אַז זי די יידי־שע פּאָעזיע, איז טיף הומאַניסטיש; אַז זי איז דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט צו דעם אָרעמען און אונטערדריקטן, און אַז אָט דער געפיל ווערט איז איר אויסגעדריקט אויף די פאַרשידנסטע אופנים און אין אַלע מעגלעכע פאָרמען זינט איר אַזוי צו זאָגן, אור־אַלטער געשיכטע ביז צו די מאָדערנס־טע פון די „מאָדערניסטן" אין דער היינט־צייטיקער יידישער פּאָעזיע.

ער באַווייזט מיט כאַראַקטעריסטישע ביישפּילן, אַז דער „אָרימאַן" איז אַ געוויסנס־פראַגע פאַר דעם יידישן פּאָעט, און אַז ער קען זי, די וועלט נישט אָננעמען און נישט גוטהייסן אַזוי לאַנג ווי עלנטקייט אין אירע פאַר־שידנסטע געשטאַלטן איז אַ באַשטאַנד־טייל פון מענטש און מענטשהייט. ווי זאָגט דאָרט משה לייב האַלפּערן:

„אַ בעטלער, וואָס וויינט אין גאַס אויף אַ שטיין
וויינט ניט קיינמאָל פאַר זיך אַליין
ער וויינט פאַר די פרעמדע מענטשן אין שטאָט
וואָס רינגלען אים אַרום אין אַ ראָד; —
און זרחי, מיין ברודער, אַלט און קאַלט
וויינט פאַר דעם שאָטן פון זיין געשטאַלט".

אַרויסווייזנדיק אַ טיפערע פאַרשטענדניש פון דעם „אָרימאַן"־באַגריף, דערהויבט אים ביאַלאָסטאָצקי צו אַ סימבאָל, און פירט דורך אַ זייער גע־לונגענעם פאַראַלעל צווישן די פאַרשידענע „אָרימאַן"־געשטאַלטן אין דער יידישער פּאָעזיע, וואָס היגטער זיי פאַרבאַהאַלטן זיך מאָגער פון סאָציאַלן

יושר און מענטשלעכער אויסלייזונג ווי, צום ביישפּיל, אליהו הנביא — און די „הייליקע בעטלער", פון, צום ביישפּיל, דער רוסישער ליטעראַטור: די „סטאַרצי" אָדער די „יוראָדיוויע", וואָס צווישן זיי באַגעגנט מען אַזוי אָפט דעם מיסטעריעזן בלינדן „וואָס זעט מער און ווייטער, ווי עס זעט דער פּשוטער זעענדיקער..."

מיט אַ זעלטענער קענטניש פון די מקורות, ווי אַ פאָרשער, און מיט מערקווירדיקער אַריינדרינגונג אין דעם טיפערן זין פון פּאָעטישע ווערק, ווי אַן אויסטייטשער, ברענגט ביאַלאָסטאָצקי אין די אָנגערופענע צוויי און צוואַנציק עסייען צום אויסדרוק דעם טיפן הומאַניזם: די בענקשאַפט נאָך גאולה פון מענטשן און וועלט, ווי איינעם פון די הויפּטשטריכן פון דער יידישער פּאָעזיע, סיי אין דעם יידישן פאָלקלאָר און סיי אין די שאַפונגען פון אינדיווידועלע דיכטער. ווי אַ געטרייער פריינט פירט ער אונז איבער די וועגן פון דער יידישער פּאָעזיע, און מאַכט אונז זיך באַגעגענען מיט יעדן איינעם וואָס האָט אַ ווערט אין איר. און טאָמער זעענען עס „מאָדער־ניסטן", נעמט ער ביי זיי אַראָפּ די מאָדערניסטישע מאַסקע, און מיר דער־זעען אויך זיי אין זייער צער און קומער איבער דעם געוויין פון דער וועלט.

1957.

# סילועטן, קינסטלעריש געצייכנט

זיך אונטערנעמען צו געבן אַ רייע סילועטן אין בוך־פאָרם, איז אין יעדער ליטעראַטור אַ שווערע און אפילו געפערלעכע אונטערנעמונג, ווייל זי מוז אומפאַרמיידלעך דאָ און דאָרט אַריינברענגען דעם שרייבער אין קעניגרייך פון עסיי, וואָס דאָס איז איינער פון די שווערסטע ליטעראַרישע זשאַנרן, אויב ניט דער שווערסטער.

אין אונדזער ליטעראַטור אויף יידיש איז דער ביז איצט דורך קיינעם ניט איבערגעשטיגענער מייסטער־צייכנער פון סילועטן, מיט זיין „בוך פון וואָרצלען" און זיין „בוך פון בלעטער", דער פאַרשטאָרבענער דר. קאָראַלניק.

ניט ווייט פון אים שטייט אין „פאַנטעאָן" פון די גרויסע קינסטלער אויף אָט דעם געביט, שמריהו גאָרעליק, אַ נאָמען, וואָס איז פאַר אַ גרויסן טייל פון איצטיקע לייענער אומבאַקאַנט, און וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט דער היסטאָריש־באַרימטער צייטשריפט „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן", וואָס איז אין די ערשטע יאָרן נאָך דער דורכגעפאַלענער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, אונטער ניגערס, ווייטערס און גאָרעליקס רעדאַקציע, געווען אַ פּרעכטיקער אויסדרוק פון יידישן קולטור־רענעסאַנס אין מזרח־אייראָפּע. שמריהו גאָרעליקס בוך „קעפּ" איז אַ מייסטערווערק אויפן געביט פון דער קונסט פון צייכנען, ליטעראַריש, סילועטן.

אין משך פון די עטלעכע צענדליק יאָר, וואָס ב. צ. גאָלדבערג שרייבט זיינע אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען „אין גאַנג פון טאָג", האָבן זיך צווישן זיינע קאָלומס אָנגעקליבן גענוג סילועטן, וואָס זענען געצייכנט מיט אַ מייסטער־פּען, און וואָס אין בוך־פאָרם וואָלטן זיי געקענט זיין אַ דויערנדער, ווערטפולער ביישטייער צו אָט דעם זשאַנר אין דער יידישער ליטעראַטור.

איז מיט די דאָזיקע ביישפילן געמיינט צו זאָגן, אַז אין „סילועטן פון אַ דור" האָט דער מחבר זיך פאַרמאָסטן צו געבן אונדז, צווישן אַנדערס, אַ רייע ליטעראַרישע סילועטן. מוז מען דעריבער אים שטעלן די פאָדערונגען, וואָס זענען באַטיראָלעך און לאָגיש, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן אַ

סילועטן־צייכנער, ספעציעל ווען אין הינטערגרונט זעען זיך אַזעלכע קינסט־לער אויף אָט דעם געביט, ווי די אויבנדערמאָנטע דריי יידישע פען־מייס־טערס.

זענען עס האַרבע פאָדערונגען.

קען שטיינוואַקס דער סילועטן־צייכנער זיי נאָכקומען? האָט ער אין זיינע ליטעראַרישע סילועטן באַוויזן אַריבערצוטרעטן די גרעניץ פון בלויז גוטן זשורנאַליזם, אַזעלכער ווערט אים אָן שום ספק אָנערקענט, און אַריינ־טרעטן אין דעם געביט פון שרייבן עסיי־מעסיק?

— 2 —

שטיינוואַקס ברענגט צו זיינע טעמעס אַ טיפע און ברייט־פאַרצווייגטע צוגרייטונג אין זין פון אינפאָרמירטקייט. פונקט אַזוי ווי ער איז אויסגע־קאָכט, אַזוי צו זאָגן, אין די קוואַלן פון יידישן וויסן, פון תנ"ך ביז דעם נייסטן יידיש־יידישן פאָלקלאָר, וואָס מיט דעם דאָזיקן וויסן שפּרודלט עס כמעט אויף יעדער זייט פון זיין בוך. — אַזוי קען מען צו אים אָנווענדן אין גאָר אַ היפּשער מאָס די שורות, וואָס ער ווענדט אָן צו זלמן שזר, ווי אַ קענער פון דער וועלטליטעראַטור:

„וויל אימיצער גוט פאַרשטיין די ווערק פון שעקספּיר און בייראָן, פון דאָסטאָיעווסקי, פּושקין און לערמאַנטאָוו, פון געטע און הײנע, פון איבסען און באַרביס, פון טאָלסטאָי און ניטשע, פון גאָגאָל און גאָרקי, מיצקיעוויטש און סלאָוואַצקי, — זאָל ער זיך ווענדן צו שזרן".

דערפאַר קענען זיינע סילועטן זיין אַ סך מער ווי ריין־ביאָגראַפיש; זיי זענען שטענדיק אינטערפּרעטאַטיוו, און גאָר אָפט אָריגינעל, אָפּטמאָל — און דאָס איז דאָך איינער פון די כאַראַקטער־שטריכן פון אַ געלונגענעם עסיי — גייט זיין באַטראַכטונג וועגן דער אָדער יענער פּערזענלעכקייט אַ סך ווייטער ווי די קאָנקרעט־אָנגעצייכנטע טעמע שרייבט עס פאָרמעל פאָר; ער גראָבט טיפער, און זיין מעדיטאַציע ווערט אַ „יש" אין זיך אַליין. דערפאַר זענען די דאָזיקע אַרבעטן זיינע, כאָטש אינספּירירט מייסטנס דורך אַ געוויסער געלעגנהייט, פיל מער ווי „געלעגנהייטס־אַרטיקלען". דעם אָנ־שטויס האָט טאַקע געגעבן די אָדער יענע געלעגנהייט, אָבער די אָפּ־שאַצונג איז פונדאַמענטאַל, די כאַראַקטעריסטיק — עסענציעל. דאָס, וואָס דער מחבר זאָגט וועגן שזרס בוך מיט ליטעראַרישע סילועטן: „אור אישים", קען געזאָגט ווערן וועגן זיינע, שטיינוואַקסעס, סילועטן:

„וועגן יעדן איינעם פון די דערמאָנטע האָט זלמן שזר עפּעס מוסיף צו זיין צו דעם, וואָס ס'איז שוין וועגן זיי געשריבן געוואָרן".

— 3 —

אַזוי שנעל ווי מיר באַגעגענען זיך מיט אַ שרייבער, וואָס האָט „געוואַגט" אַריבערצוטרעטן די טעריטאָריע פון עסיי־מעסיקן שרייבן, איז אונזער פליכט צו זען וואָס הערט זיך עפּעס וועגן זיין סטיל. שטיינוואַקס קען רואיק און מיט זיכערקייט אין זיין דערפאָלג, לאָזן דעם קריטיש־געשטימטן לייענער אַריינקוקן אין וועלכער ס'איז זייטל פון זיינע „סילועטן". אָט איז אַ ביישפּיל:

„מיט לאַנגזאַמע טריט, כאָטש געשפּאַנט, אָבער גאָר פּאַמעלעך, קוים באַוועגלעך, שפּרייזט אַרום דר. ביקל אין זיין אייגענעם קעניגרייך פון וויסן און שעפּט קליינע קווערטלעך פון גרויסן ים פון קענטענישן, וואָס ער האָט אין משך פון זיין לעבן דערוואָרבן".

ווער עס קען אַזוי שרייבן, באַזיצט ליטעראַרישן סטיל אין גאָר אַ גרויסער מאָס.

אָבער נישט נאָר באַזיצט שטיינוואַקס, אין זיינע „סילועטן" סטיל; ער קען אויך שרייבן מיט פּאַטאָס, מיט שטאַרקער געפילפולקייט, וואָס רייסט מיט דעם לייענער. אין זיין פּרעכטיקער „סילועטע" פון חיים גרינבערג עליו השלום לייענען מיר:

„אַ געדיכטער נעפּל האָט פאַרדעקט דעם האָריזאָנט פון יידישן פאָלק אין אַלע וועלט־עקן נאָכן טויט פון חיים גרינבערג. איבערן נעפּל לייכטן הויך די שטערן; אָבער ווער איז דען בכוח דורכצוברעכן דעם נעפּל, זיך דערהויבן אין די הויכקייטן און דערגרייכן דאָס ליכט פון די שטערן, מיטרייסנדיק מיט זיך נאָך טויזנטער און טויזנטער, און זיי דערהויבן צו דעם ליכט, ווען חיים גרינבערג איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע?"

און אָט איז ווי אַזוי מיט עטלעכע, געציילטע פעדער־שטריכן צייכנט ער אַ העכסט געלונגענע סילועטע אין רעטראָספּעקט פון יעקב גלאַטשטיין:

„די צייט איז פאַר יעקב גלאַטשטיין נישט געלאָפן. ער האָט נישט פאַרוויגט זיינע טעג און נישט געלאָזט פאַרפליען זיינע יאָרן — ווי עס ווערט געזונגען אין די פאַרבענקטע פאָלקסלידער. אונזער יובילאַר האָט יעדן טאָג פון אַלע זיינע יאָרן שטאָלץ געטראָגן דעם עול פון יצירה. אין יעדער שאַפונג זיינער — צי דאָס איז געווען פּאָעזיע אָדער פּראָזע, פּובליציסטיק אָדער ליטעראַטור־קריטיק — האָט ער אַריינגעוועבט דעם נשמה־צאַפּל".

מ'וואָלט געקענט אָנפילן עטלעכע שפּאַלטן מיט ביישפּילן פון אַזעלכע פּראַכטפולע פּאַסאַזשן, מוזן מיר נאָך אָבער וואַרפן אַ קורצן בליק אויף צוויי אַנדערע אַספּעקטן פון „סילועטן פון אַ דור".

— 4 —

ס'איז דאָ אַ רוסיש ווערטל: „ווען דו יאָגסט אַרויס די נאַטור דורכן

טיר, וועט זי צוריק אַריין דורכן פענצטער". דאָס איז דער פאַל פון דער איינגעבוירענער נייגונג פון שטיינוואַקסן צו עסיי־מעסיקן שרייבן. נישט נאָר פערזענלעכקייטן זענען פּאַר אים אַ גוטער פּרעטעקסט צו שרייבן עסייען; אויך ביכער, וועגן וועלכע ער וויל שרייבן אָפּשאַצונגען, דינען אים אויס־געצייכנט צו אָט דעם צוועק. אַזוי, צום ביישפּיל, ווען ער האָט זיך גע־זעצט שרייבן אַן אָפּשאַצונג וועגן אברהם מענעסעס בוך „אליהו הנביא", האָט אין אים גלייכצייטיק דערוואַכט דער עסייאיסט, און איידער ער איז צוגעטראָטן צו זיין אייגנטלעכער אויפגאַבע, האָט ער אָנגעשריבן אַ זעלטן געלונגענעם, פּולבלוטיקן עסיי פון פולע צוויי מיט אַ האַלבן בוך־זייטן אויף דער זעלבער טעמע, ווי אַ מין צושטייער פון פנחס שטיינוואַקס צו דער אויספורעמונג פון דער אליהו הנביא־געשטאַלט אין דער יידיש־יידי־שער עסייאיסטיק.

„צו וועמען קומט היינט דער פאָלקס־נביא אליהו? פּאַר וועמען באַ־ווייזט ער זיין לעגענדאַרע געשטאַלט? מיט וועמען זיצט ער די נעכט און לערנט תורה, און צו וועמען לויפט ער בייטאָג מיט אַ שייטל האָלץ אויף די אַקסלען, בכדי אָנצוואַרעמען אַ קאַלטע שטוב פון אַן אָרימאַן, אָדער אים צו ברענגען אַ רענדל אויף שבת צו מאַכן, אָדער גאָר אַן אָרעמע כלה חתונה צו מאַכן".

נאָכדעם ווי ער פּאַרטיקט זיך אויף אַ זאַכלעך־רעצענזענטישן אופן אָפּ מיט מענעסעס בוך, וועלכן ער אַנאַליזירט קורץ און טרעפלעך, לאָזט ער ווידער אַ מאָל דעם עסייאיסט קומען צום וואָרט, און דער אויסקלאַנג פון זיין עסיי, וואָס די רעצענזיע וועגן דעם בוך, וואָס האָט אים אינספּירירט, איז בלויז אַ קורצער עפּיזאָד, אַזוי צו זאָגן, אין אים, — לייענט זיך אין דעם פאָלגנדיקן, מייסטערהאַפט געבויטן פּעריאָד, אַזוי:

„פּאַר די אמתע ליבהאָבער פון סאָציאַלן יושר און גערעכטיקייט; פּאַר די אַלע, וואָס זענען גרייט פּאַרן אמת צו קעמפן; פּאַר די אַלע, וואָס זענען גרייט צו העלפן דעם מענטש און קעמפן פּאַר זיין פרייהייט, — פּאַר זיי אַלע וועט אליהו הנביא פּאַר אַלע דורות בלייבן דער פּראָטאָטיפּ פון מענטש־לעכער ווירדע, פון העכסטער און אמתער מענטשלעכקייט; צו די אמתע קעמ־פער פּאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע, צו די הערלעכע געשטאַלטן פון היינטיקן דור, באַווייזט זיך אויך די לעגענדאַרע געשטאַלט פון אליהו הנביא, וואָס דינט ווי אַ מוסטער פון איבערגעבנקייט און ליבע צום מענטש; אַ מוסטער פון מסירת־נפש אויפן מזבח פון אמת און גערעכטיקייט אויף גאָטס וועלט".

— 5 —

אָפּט, כדי אַרויסצוברענגען פּלאַסטישער די פּערזענלעכקייט פון דעם,

ווערענס סילועטע ער צייכנט, סקיצירט שטיינוואַקס דעם קולטור־היסטאָ־ רישן און סאָציאַלן הינטערגרונט פון דער סביבה, אין וועלכער זי האָט זיך אַנטוויקלט און געקומען צו פרוכטבאַרער גייסטיקער אָדער קינסטלע־ רישער רייפקייט. אַזוי טוט ער אין זיין ביז גאָר געלונגענער סילועטע פון דר. ש. מאַרגאָשעס. אָבער דער דאָזיקער טייל פון זיין אַרבעט פאַרבלאַסט קעגנאיבער דער שיינקייט פון זיין עסיי־מעסיקן שרייבן, און זאָל די פאָלגנ־ דיקע ציטאַטע פון זיין מאַרגאָשעס־עסיי זיין מיין אָפּשייד פונעם בוך:

„יעדער מענטש, ווי קליין אָדער גרויס ער זאָל נישט זיין, ברענגט אַרויס זיין העלדן־געזאַנג אין לעבן. איינער דריקט עס אויס אין ליטעראַ־ רישע פערזן, און אַן אַנדערער אַנטפּלעקט עס דורך פּראַקטישע מעשים. איינער ברענגט אַרויס זיין אָדיסייע דורך זיין פּאָעטישן זשעני, און אַ צוויי־ טער דורך געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן, דורך זיין אַ מנהיג אָדער עסקן ציבורי".

.1958

# „לשון יידיש און יידישער קיום"
## (עסייען פון לעאָ פינקעלשטיין)

דער „שלמה מענדעלסאָן פאָנד" ביי דער „געזעלשאַפט פאַר קולטור און הילף" האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך עסייען, וואָס טראָגט דעם נאָמען „לשון אידיש און אידישער קיום". דער מחבר איז לעאָ פינקעלשטיין, וועלכער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק, אין עלטער פון פיר און פופציק יאָר, גע־שטאָרבן אין ניו־יאָרק, ווו ער האָט די לעצטע צען יאָר פון זיין לעבן גע־ווינט, ווי אַ פליט פון פוילן.

לעאָ פינקעלשטיין? נישט אַלעמען איז אָט דער נאָמען באַקאַנט, אָבער עס איז אַ נאָמען, וואָס דאַרף דורך דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו דער מאָדערנער יידישער קולטור, דערמאָנט ווערן מיט דער גרעסטער אַכטונג, ווי פון איינעם, וואָס האָט, אויף אָט דעם געביט, אויסגעדריקט אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן איר דענקען און אירע פאַרלאַנגען.

אין דעם פאַר דעם מבולדיקן פוילן איז לעאָ פינקעלשטיין געווען אַ שיינדל אין דער וועלט פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס איז געווען אָריענטירט אויף דער יידיש־וועלטלעכער קולטור. צוויי גרונט־זיילן זיינען זיי דאָרט געווען פון אָט דער אָריענטאַציע: שלמה מענדעלסאָן, דער טרי־בון און דינאַמישער טוער, און לעאָ פינקעלשטיין, דער טיפערער גריבלער, דער דענקער, וואָס האָט אין אַנטציקנדיק — עסטעטישע פאָרמען געזוכט סינ־טעזן פאַרן יידישן גייסטיקן לעבן.

אַ מענטש מיט אַן אויסערגעוויינלעכער ערודיציע, וואָס אירע באַשטאַנד־טיילן זיינען געווען פון איין זייט, דורכגענומענקייט מיט יידיש־טראַדיציאָ־נעלן וויסן, מיט „יודאַאיסטיק", און פון דער אַנדערער, מיט גאָר אַ ברייטן אויסבליק צום יידישן מאָדערנעם געדאַנק, ווי אויך צו דער גרוי־סער, ניט יידישער קולטור־וועלט, — איז ער געווען ביי זיך אין דער היים איז אַ בלאָט גמרא, פונקט אַזוי ווי ער איז עס געווען אין די ווערק פון

געטהע, און זיין באַהאַוונטקייט איז געווען פּונקט אַזוי גרויס אין די גע־דאַנקען פון „דעם ריטער פון יידישע מיטלאַלטערלעכע פילאָזאָפן — דעם רמב"ם", ווי אין דער אידייען־וועלט פון „זיין מייסטער אַריסטאָטעלעס"; אין דער מיטלאַלטערלעכער מיסטיק, פּונקט אַזוי ווי אין די מאָדערנסטע פאָרשונגען אין פיזיק פון אַ מאַקס פּלאַנק.

האָט אָבער דאָס לעבן געוואָלט, אַז אַט דער זעלטענער ערודיט און טיפער דענקער זאָל נישט האָבן געהאַט די מעגלעכקייט זיך איינצושליסן ביי זיך אין קאַבינעט און ביי זיין שרייב־טיש, און אַרויסברענגען דיקע בענד מיט מאָנומענטאַלע ווערק. דער קאַמף פאַרן טאָג־טעגלעכן ברויט האָט אים געצוווּנגען צו פראַגמענטאַרישקייט. זיינע אַרבעטן זיינען מער אָנדיי־טונגען אויף די פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן צו ש אַ פ ן גרויסע ווערק, ווי פאַרענדיקטע, אויסגערונדעטע שאַפונגען. דאָס באַציט זיך סיי אויף זיינע ליטעראַריש ־ קריטישע עסייען, און סיי אויף זיינע אַרבעטן פון פילאָזאָ־פישן כאַראַקטער.

און אפשר האָט די פראַגמענטאַרישקייט זיינע אויך געהאַט צו טאָן, איז אַ געוויסער מאָס, מיט זיין אינערלעכן שרייבערישן וועזן. לויט ווי עס מאָלט אים אונז י. כאַרלאַש אין זיינע פיין געשניצטע „שטריכן צו אַ פּאָרטרעט", וואָס דינען ווי אַן איינלייטונג צום בוך, איז לעאָ פינקעלשטיין

„געווען אַ האַסטיקער, אַן אימפּעטיקער און אַן אימפּולסיווער. זיין שפּראַך אין שרייבן איז געווען אַ הייסע און אָפטמאָל אַ געפּליגלטע. דאָס פלעגט קומען ביי אים אין רעזולטאַט פון אַן אינערלעכן געראַנגל צווישן דער פאָרשערישער נייגונג צום אַבסטראַהירן און דעם ליטע־ראַרישן טריב צו עמאָציאָנעלישקייט. דאָס איז אויך געווען די סיבה פון פראַגמענטאַרישקייט אין זיינע אַרבעטן פון גרעסערן פאַרנעם. רק סקיצע, רק געלויפיק, רק פּולסאַציעס — ווי ער אַליין האָט ליב געהאַט אָנצורופן זיינע אַרבעטן".

**אָבער וואָס פאַר אַ סקיצן! זיי זיינען מלא וגדש מיט ערודיציע און צייכנען זיך אויס מיט שפּראַך און סטיל, וואָס שאַפן אין דעם לייענער אַ שפּאַנונג, ווי גאָר ווייניק אַרבעטן פון אַט דעם וויסנשאַפטלעך־ליטעראַריש־קינסטלערישן זשאַנר.**

**דאָס בוך איז איינגעטיילט אין דריי גרונט־קאַפּיטלען: „קולטור־היס־טאָריש", „ליטעראַריש־קריטיש" און „יידיש־פילאָזאָפיש". אין דעם ערשטן קומט אַריין אַ לענגערער עסיי, פון וואָס פאַר אַ זיבעציק זייטן, געווידמעט „לשון יידיש און יידישער קיום", פון וועלכן ס'נעמט זיך אויך דער אַל־געמיינער נאָמען פון בוך.**

געוויס זיינען ישראל צינבערגס, מאַקס ווײַנרײַכס אָדער מאַקס עריקס אָפּהאַנדלונגען וועגן דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך, פֿון אַ ברייטערן פּאַרנעם, און אַנטהאַלטן אומפֿאַרגלייכלעך מער דאַטן ווי „לשון ייִדיש און ייִדישער קיום". זיינען עס אָבער אָ פּ ה אַ נ ד ל ו נ ג ע ן, טראַקטאַטן גאַנצע. לעאָ פֿינקעלשטיין האָט אָבער אָנגעשריבן אַן ע ס י י. מיר, ווײַניקסטנס, איז ביז איצט קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו לייענען אַן עסיי אויף אָט דער טעמע, — אין וועלכן, אין אַזוי ווײַניק זײַטלעך זאָל אַזוי פֿיל, און אַזוי פּיל ו ו י כ ט י ק ע ס געזאָגט ווערן.

.1954

# היענע יאפּעס רעפּאָרטאַזש־מייסטערשאַפט

דער רוקן־ביין פון אַ צייטונג איז רעפּאָרטאַזש. קאָמענטאַרן קומען שפּעטער. ס'איז אויף צייטונגען אָנגעוועדן דער אַלט־לאַטיינישער שפּרוך: „פריער לעבן, נאָכהער פילאָזאָפירן". דער רעפּאָרטאַזש איז דאָס עלע־מענטאַרע לעבן פון דער צייטונג, דאָס קאָמענטירן די בייס איז דאָס וואָס די אַלטע רויטער האָבן פאַרשטאַנען ווי צו פילאָזאָפירן; דער רעפּאָרטאַזש איז, אַזוי צו זאָגן, די סטרוקטור; דער קאָמענטאַר, צי דאָס איז אַ לייט־אַרטיקל, אַן אונטערגעשריבענער אַרטיקל, אַ פעליעטאָן אָדער גאָר אַן עסיי, איז די סופּערסטרוקטור.

פון רעפּאָרטער ווערט פאַרלאַנגט, ער זאָל אין אַ קלאָרער, בינדלעכער שפּראַך, און אַזוי קורץ ווי מעגלעך, דערציילן וואָס האָט פּאַסירט, וווּ האָט עס פּאַסירט, ווען האָט עס פּאַסירט, און ווי אַזוי, אין וואָס פאַר אַ אומשטענדן האָט עס פּאַסירט.

איז דער רעפּאָרטער, וואָס קומט נאָך אָט דער פאָדערונג, אַ גוטער רעפּאָרטער; און אויב ער קען נאָך אַריינגעבן אין זיין רעפּאָרטאַזש אַ טראָפּן עמאָציע, דאָס וואָס מ'רופט אָן אין ענגליש „היומען טאָטש", איז ער גאָר אַ פיינער רעפּאָרטער.

ס'איז אָבער דאָ אַ העכערע מדרגה פון רעפּאָרטאַזש. דאָס איז דער קינסטלעריש ער רעפּאָרטאַזש. דאָס איז יענער סאָרט אינפאָרמאַציע, וואָס, דערפילנדיק געוויסנהאַפט די עלעמענטאַרע פאָדערונגען, וואָס ווערן גע־שטעלט צום געוויינלעכן רעפּאָרטאַזש, דרינגט איר מחבר אַריין טיפער און ברענגט אַרויס פאַר דעם לייענער דאָס מער וועזנטלעכע, דאָס וואָס איז מער כאַראַקטעריסטיש און פון מער דויערנדיקן כאַראַקטער אין דעם, וואָס אויף אים באַציט זיך דער רעפּאָרטאַזש. דער דורכשניטלעכער גוטער געוויינלעכער רעפּאָרטער פאַרנעמט זיך, אַזוי צו זאָגן, בלויז מיט דעם גוף פון דעם, וואָס ס'דינט אים ווי דער אָביעקט פון זיין רעפּאָרטאַזש; דעם קינסטלער־רעפּאָרטער פאַרכאַפּט די נשמה פון דעם מאַטעריאַל פאַר זיין

אינפאָרמאַציע. דער געוויינלעכער רעפּאָרטער באַנאַכריכטיקט; דער קינסט־לערישער רעפּאָרטאַזש קאָמבינירט אויף אַ גליקלעכן אופן באַנאַכריכטיקונג מיט באַשרייבונג.

אָט דער עלעמענט: די כאַראַקטעריזירונג און באַשרייבונג, איז דער רוקן־ביין פון קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש; דאָס וואָס גיט אים זיין פּלאַץ און באַדייטונג ווי אַ ליטעראַרישע דערשיינונג מיט עמאָציאָנעלע און עס־טעטישע אַספּעקטן. אין קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש איז שווער דורכצופירן אַ צעטיילונג־ליניע צווישן דעם עלעמענט פון דערציילונג און דעם פון באַשרייבונג. דערפאַר טאָקע לייענען זיך קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן מיט אַזאַ שטאַרקן אינטערעס און מאַנכמאָל טאָקע מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

עטלעכע נעמען?

עגאָן ערווין קיש, איינער פון די פּיאָנערן פון אָט דעם זשאַנר. זיינע רעפּאָרטאַזשן פון רייזעס איבער פאַרשידענע לענדער, זענען שוין איצט קלאַסישע ווערק אויף אָט דעם געביט.

אויף יידיש האָט געשריבן קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן דער פריצייט־ק פאַרשטאָרבענער לייב מלאך. אַ קינסטלער־רעפּאָרטער איז געווען, ווען ער פלעגט זיך אָפּגעבן מיט רעפּאָרטאַזש, דער פאַרשטאָרבענער מרדכי דאַנציס. היינט צו טאָג קען מען אָפטמאָל פאַרבינדן מיט קינסטלערישן רע־פּאָרטאַזש דעם נאָמען פון ש. ל. שניידערמאַן. די מייסטערין אָבער פון אָט דעם זשאַנר אויף יידיש, איז היינט יאָפּע. זי איז די קינסטלערין־רעפּאָר־טערין „פּאַר עקסצעלאַנס".

— 2 —

אין די גרויסע אַמעריקאַנער ענגלישע צייטונגען זענען דאָ די אַזוי גערופענע „ספּעשל פיטשורס". דאָס זענען רעפּאָרטאַזשן וועגן וויכטיקע געשעענישן, אינסטיטוציעס אָדער פערזענלעכקייטן. זיי ווערן אָנפאַרטרוי־ט אויסשליסלעך צו קינסטלער־רעפּאָרטערס און זענען פון אַ גרויסער באַ־דייטונג פאַר דער רעספּעקטיווער צייטונג.

אין דער „ניו־יאָרק טיימס" איז איינע פון די וויכטיקסטע קינסטלער־רעפּאָרטערס גערטרוד סעמיועלס, אירע רעפּאָרטאַזשן שטייען אויף אַזאַ הויך, אַז זיי ווערן געדרוקט אין דעם באַרימטן וועכנטלעכן זשורנאַל פון דער „טיימס", אין דעם „טיימס מעגעזין", אין וועלכן וועלט־פּערזענלעכ־קייטן אויף די געביטן פון ליטעראַטור, קונסט, פּאָליטיק און וויסנשאַפט, האַלטן עס פאַר אַ כבוד און אַ פּריווילעגיע געדרוקט צו ווערן.

די גערטרוד סעמיועלס פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע אין דער יידישער שפּראַך, איז היינט יאָפּע.

באַשאָנקען פון דער נאַטור מיט אַ קיינמאָל זיך נישט איינשטילנדיקן

אינטערעס צום לעבן און צו אַלץ, וואָס עס ברענגט מיט זיך אין זיין אומ־אויפהערלעכן שטראָם, באַזיצט זי קינסטלערישע אינטואיציע, וואָס העלפט איר אַרויסצושיילן פון דעם וואָס איז אַלטעגלעך, דאָס, וואָס הייבט זיך אַרויס פון איר, פון דער אַלטעגלעכקייט, און ווערט פונדאַמענטאַל; און פון דעם עקזאָטישן און אומגעוויינלעכן — דאָס, וואָס איז מענטשלעך אין ברייטערן זין פון וואָרט.

אָט די מערקווירדיקע פעאיקייט אירע מאַכט איר פאַר אַ זשורנאַליסטין מיט אַ זעלטענעם חוש פאַר „היומאַן אינטערעסט", נישט איז דעם פאַר־ביליקטן, נאָר אין דעם נאָבעלסטן זין פון וואָרט.

שרייבן שרייבט זי אין אַ ווייכן יידיש. אירע אַ פּראָזע איז זי ווי זי וואָלט זיך געוויגט. איר יידיש איז אָפּטמאָל ענלעך צו דער סאַמעטענער דאַנציס־שפּראַך. נישט קיין פּעדאַנטיש־למדנישע און דאָך היפּש דורכגעווייקט דורכן העברעאיש־עלעמענט. נישטאָ אין איר קיין עקיקייטן. אַיין זאַץ גנבעט זיך ווייך אַריין אין דעם צווייטן, און איידער וואָס־ווען האָט שוין דער לייענער הינטער זיך אַ פיין געבויטן פּעריאָד.

אַ זשורנאַליסטין מיט אַ ברייטן און טיפן קולטורעלן הינטערגרונט, פון וועלכן די גרויסע אַנגלאָ־זאַקסישע וועלט מיט אירע גייסטיקע ווערטן, איז אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל, — ברענגט זי אים נישט זעלטן צום אויסדרוק, און דאָס גיט איר שרייבן אַ באַזונדערן גלאַנץ און אַ ספּעציעלן אינטערעס.

אַ וויכטיקן פּלאַץ פאַרנעמט אין היענע יאָפּעס קינסטלערישן רעפּאָר־טאַזש איר מייסטערשאַפט אין דער קונסט פון אינטערוויו. אירס אַ אינטער־וויו איז אַ סך מער ווי דאָס. עס גיט בצמצום אַ בילד נישט נאָר פון דער פּערזאָן, נאָר טאַקע פון דער פּערזענלעכקייט פון דעם, וועמען זי אינטער־וויואירט, אומאָפּהענגיק פון דער אינפאָרמאַציע, וואָס זי האָט זיך אונטער־גענומען צו קריגן און איבערגעבן. ווער עס האָט געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען איר אַרטיקל „קלאַודיאָ אַרראַו וועגן ישראל", אין וועלכן ס'ווערן איבערגעגעבן דעם וועלט־באַרימטן פּיאַניסטס איינדרוקן פון זיין ישראל־טורנע, וועט זיך דערינערן יענעם מערקווירדיקן אויפטו אירן אויפן גע־ביט פון קונסט־רעפּאָרטאַזש.

און רעדנדיק וועגן רייזע־איינדרוקן: היענע יאָפּע איז די פאַרקערפּערונג פון רעפּאָרטערישער אומרואיקייט. דער אמתער רעפּאָרטער. דער, וואָס אינ־טערעס צום לעבן, צו מענטשן און פּאַסירונגען, פליסט, צוזאַמען מיטן בלוט אין זיינע אָדערן. איז קיינמאָל נישט צופרידן מיט דער פאַרהעלטניסמע־סיקער באַגרעניצטקייט פונעם קרייז, וואָס קען אים דינען ווי מאַטעריאַל פאַר זיינע רעפּאָרטאַזשן, — און ער שטרעבט שטענדיק אים אויסצובריי־טערן, פּונקט אַזוי ווי ער וויל שטענדיק אַריינדרינגען, ווי אַ קינסטלער־

רעפּאָרטער, אַלץ טיפער און טיפער אין דעם וועזן פון דעם, וואָס ער דערציילט וועגן דעם און באַשרייבט עס גלייכצייטיק.

היינע יאָפּע זוכט צו שטילן אָט דעם הונגער נאָך נייע פֿאַקטן און איינדרוקן, דורך אירע אָפּטע לאַנגע רייזעס איבער לענדער און קאָנטינענטן. ווען מען וואָלט אירע רעפּאָרטאַזשן פון, צום ביישפּיל, ישראל אָדער אַרגענטינע, „די וועלט פון אַלבערטאָ גערשונאָוו", נאָך אַ געוויסן אויסוואַל, אָפּגעדרוקט אין בוך־פֿאָרם, וואָלטן אירע ביכער געקענט פיגורירן סיי ווי עסענציעלע אינפֿאָרמאַציע און סיי ווי ערשט־קלאַסיקע ליטעראַטור אויף דעם געביט פון קינסטלערישע רייזע־איינדרוקן.

זי געהערט צו יענעם זעלטענעם זשורנאַליסטן־טיפּ, וואָס אינפֿאָרמירט און באַלערט אויף אַ לייכטן, שפּילעוודיקן אופֿן וועגן לעבן און מענטשן, מיט דער רייפֿער מייסטערשאַפֿט פון אַן עכטער קינסטלערין.

1956.

# בן אריס טעאַטער־עקסטאַז

## (איינדרוקן וועגן זיין „הבימה")

איינער פון די קענצייכנס פון קלאַסישקייט פון אַ ווערק אויפן געביט פון ליטעראַטור, איז זיין שטענדיקע אַקטועלקייט, סיי וואָס שייך דער טע־מע, און סיי וואָס אַנבאַלאַנגט צו דער מוסטערגילטיקייט פון דעם אופן פונעם שרייבן.

אין אָט דער הינזיכט קומט רייקין בן־אריס ווערק פולשטענדיק נאָך די קלאַסישקייט־פאָדערונגען אויףביידע געביטן. זיין טעמע איז, ווי אַ קאַפּיטל קונסט־ און קולטור־געשיכטע, אויך איצט פון פריש־צאַפּלדיקן אינ־טערעס; און זיין סטיל מאַכט אויפסניי אַ טיפן איינדרוק מיט זיין גליאַי־קייט.

בן־ארי, איינער פון די פּראָטאַגאָניסטן פון דער גרויסער „הבימה"־עפּאָפּייע, ווי איינער פון אירע גרינדער, איז ביים שרייבן זיין בוך, אַ פערטל יאָרהונדערט שפּעטער, געווען פולשטענדיק אין דער מאַכט פון דער „הבימה"־אידייע. ביים לייענען פילט מען, אַז וואָס ער זאָל אין די ווייטערדיקע יאָרן נישט טאָן, און ווו ער זאָל זיך נישט געפינען, קיין נייעם גייסטיקן לעבנס־אינהאַלט קען ער שוין, אויפן געביט פון גייסטיק־שעפערישער טעטיקייט נישט געפינען, ס'קענען בלויז זיין וואַריאַציעס, אין דער אָדער יענער פאָרם, פון דער „הבימה"־אידייע, אַ גלגול פון אַ ניגון. קיין נייעם ניגון וועט ער שוין נישט אויסזינגען.

איז דאָס לשבח און נישט לגנאַי.

און טאָקע ווייל ס'איז אַזוי, האָט ער געקענט אָנשרייבן זיין „הבימה", אַ בוך וואָס איז און בלייבט אַ קלאַסיש ווערק, קלאַסיש אין יידיש, פונקט אַזוי ווי אין ענגליש, וואָס דאָ נישט לאַנג צוריק איז עס אין אָט דער שפּראַך אויך דערשינען. צוליב דעם אויך, האָט ער געקענט דעם גרינדונגס־קאַפּיטל און די ערשטע יאָרן פון „הבימה" אָוועקשטעלן, מיט זיין בוך,

דעם פּרעכטיקן מאָנומענט, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר; אַ מאָנו־מענט, אין דעם זין פון האַראַציוס, וואָס די צייט קען נישט צעשטערן.

אָפּהיטנדיק אַ געוויסע פּראָפּאָרץ, איז נישט איבערטריבן צו באַהויפּטן, אַז דאָס, וואָס ס'איז פאַר דער געשיכטע פון רוסישן טעאַטער סטאַניס־לאַווסקיס קלאַסיש בוך „מיין לעבן אין דער קונסט", איז בן־אריס „הבימה" פאַר דער געשיכטע פון נאַציאָנאַל־קינסטלערישער טעאַטער ביי יידן.

— 2 —

„הבימה" איז אָבער אַ סך מער ווי בלויז געשיכטע. ס'איז ווונדער־לעכע באשרייבונג פון „שכורים ולא מיין", פון קינסטלער, וואָס זענען פאַר־שכורט פון אַ דערהויבענער אידייע, וואָס האָט מקיב הרים געווען; פון אַן עקסטאַז, וואָס האָט זייער וויניק זיינס גלייכן אין דער געשיכטע פון גייסטיקע אויפטוען.

מ'פילט ממש, ביים לייענען די ערשטע קאַפּיטלען, דעם אומגעהויערן כוח, נישט נאָר אין דער הינזיכט פון ריין־פיזישער רעסיסטענץ, נאָר אויך אין דער פון גייסטיקער גבורה, וואָס האָט געקענצייכנט נחום צמחן און זיינע מיטגייער, מיט־קעמפערס און מיט־שאַפערס אין דער טיטאַנישער אונטערנעמונג, וואָס ס'איז געווען די שאַפונג פון „הבימה" בימים ההם, אין יענע יאָרן פון נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווען „מאַסן שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע און רוסלאַנד זענען געווען באַלאַגערט פון באַנ־דיטן, פון מחנות פּעטליוראָווצעס און אַנדערע באַנדעס; ווען ס'איז אויסגע־קומען אַזוי, אַז דאָ זענען געשטאַנען די באָלשעוויקעס, און אַ טראָט ווייטער האָבן זיך געפונען די ווייס־גוואַרדייער".

וויפל וויזיע און, נאָכמער, כאַראַקטער־שטאַרקייט און אויסדויער האָט זיך געפאָדערט, אַז די גרופּע פון פיר שוישפּילער, מיט צמחן בראש, זאָל ביי זיך באַשליסן צו גיין קעגן דער לאָגיק פון די פאַקטן; פון דער שוידער־לעכער ווירקלעכקייט פון יענער צייט, ווען „מ'האָט געדונגען אַ צימער אויף דעם „קאָמעני מאָסט", אָנטקעגן קרעמל, אַרויסגעהאַנגען אַ שילדל „הבימה" אויף העברעאיש און רוסיש, און אָנגעהויבן צונויפקומען זיך אויף לעקציעס".

אויב העלדן אויפן מיליטערישן שלאַכטפעלד ווערן אויסגעצייכנט דורך אָרדענס און מעדאַלן, טאָ וואָס פאַר אַן אויסצייכענונג קומט שוין די יידישע קונסט־און קולטור־געשיכטע אָט דעם הייפקע גייסטיקע העלדן, וואָס בעת די דערמאָנטע לעקציעס זענען „טייל געזעסן אין די מאַנטלען, טייל אין וואַלינקעס; און אין צימער איז געווען אַזוי ביטער־קאַלט, אַז מ'האָט פּשוט מורא געהאַט זיך אויסצוטאָן די אויבערשטע קליידער. דער פראָסט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ווען איינער האָט אַרויסגערעדט אַ וואָרט, האָט זיך

געזען אַ פּאַרע אין דער קאַלטער לופט פון צימער. די פענצטער זענען געווען אַזוי פאַרפרוירן, אַז ס׳איז פּשוט נישט מעגלעך געווען צו זען וואָס ס׳טוט זיך אין דרויסן״?

— 3 —

ווען דאָס ווערק וואָלט אַנטהאַלטן נישט מער ווי די כאַראַקטעריסטיקס, געצייכנט מיט אַ מייסטער־האַנט, פון סטאַניסלאַווסקין, נחום צמחן און וואַכ־טאַנגאָוון, די דריי קיסטלעריש־שעפערישע גייסטער וואָס האָבן געלייגט זייער חותם אויף דער „הבימה״ ביי איר בראשית און אין אירע פאָרמיי־רונגס־יאָרן, וואָלט עס בלויז מיט דעם אַליין זיך שוין געהאַט דערוואָרבן דאָס רעכט צו עקזיסטירן צווישן טאָוולען, ווי אַ באַדייטנדיקער ביישטייער צו דער יידישער מעמואַרן־ליטעראַטור, געשריבן דורך אַ וואָרט־קינסטלער.

דער קולטור־און קונסט־געניסער געפינט אָבער אין בן־אריס „הבימה״ אויך אַ שלל געדאַנקען וועגן טעאַטער־קונסט אויף אַן ענציקלאָפּעדישן פאַרנעם. דעם „סך־הכל״־קאַפּיטל („די הבימה און אַנדערע טעאַטער־טעאָריעס״) דאַרף אַ יידישער קולטור־מענטש און קונסט־ליבהאָבער דורכ־שטודירן מיט התמדה; דאָס זעלבע דאַרף ער טאָן בנוגע דעם פאַסצינירנדיקן קאַפּיטל: „מיט וואַכטאַנגאָוו״, אין וועלכן ס׳קומט צום אויסדרוק דער אונ־טערשייד אין דעם גרונט־צוגאַנג מצד אים און סטאַניסלאַווסקין, די צוויי ריזן פון דער רוסישער און דער אַלוועלטלעכער טעאַטער־קונסט, וואָס זייי־ערע נעמען וועלן לייכטן אויך אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער, אַזוי לאַנג ווי דער נאָמען „הבימה״ וועט אין איר שיינען.

אַ וווּנדערלעך בוך וועגן אַ פּרעכטיקן קאַפּיטל פון קונסט־געשיכטע ביי יידן, געשריבן דורך אַן ערשט־ראַנגיקן בינע־קינסטלער, וועלכער איז אויך אַ מייסטער פון געשריבענעם וואָרט, מיט אַ סטיל, וואָס גליט, איז בן־אריס „הבימה״.

.1959

# בן־גוריון, דער קולטור־מענטש

וואָס איז אַ קולטור־מענטש ?

דאָס איז אַ מענטש, וואָס, האָבנדיק דורך סיסטעמאַטישער בילדונג אין אַ הויכשול, אָדער ווי אַן אויטאָ־דידאַקט, דערגרייכט ווייטע און ברייטע גייסטיקע האָריזאָנטן, איז ער אומאויפהערלעך באַשטרעבט די דאָזיקע האָריזאָנטן אַלץ מער און מער אויסצובררייטערן. זיין כאַראַקטעריסטישער שטריך איז שטענדיקע גייסטיקע אומרואיקייט. דער באַגריף סטאַטיק איז נישט פאַר אים געשאַפן; זיין גייסט איז באַהערשט פון שטענדיקער דינאַמישקייט. יעדע גייסטיקע דערגרייכונג, נאָכדעם ווי ער איז צו איר, דורך אַנגעשטרענגטער אַרבעט איבער זיך אַליין, דערגאַנגען, ווערט פאַר אים, גלייך ווי זי איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, בלויז אַ שטאַפל צו אַ נייער, העכערער דערגרייכונג.

דער אמתן קולטור־מענטשן כאַראַקטעריזירט אָבער נאָך אַ שטריך:

ער פילט זיך שטענדיק פאַרפליכטעט צו באַווירקן, גייסטיק, אויף אַ דירעקטן אָדער אומדירעקטן אופן, זיין סביבה, ווי גרויס אָדער קליין זי זאָל נישט זיין, אין איינקלאַנג מיט דער גייסטיקער פּאָזיציע, וואָס ער פאַרנעמט אין איר. וואָס שטאַרקער ס׳זענען זיינע איינפלוס־מעגלעכקייטן און וואָס גרעסער דער קרייז, וואָס ער קען באַווירקן, אַלץ שטאַרקער פילט דער קולטור־מענטש זיין פאַראַנטוואָרטונג אים קעגנאיבער, און אַלץ דינאַמישער ווערט ער ווי אַ קולטור־פאַקטאָר אין דער געגעבענער סביבה.

דער אמתער קולטור־מענטש איז אַ נאָה־דורש און נאָה־מקיים נישט נאָר וואָס שייך זיין אייגענער גייסטיקער פערזענלעכקייט, נאָר אויך קעגנאיבער דער געזעלשאַפט אין וועלכער ער לעבט און ווירקט.

— 2 —

אין אָט דער הינזכט איז דוד בן־גוריון אַ קולטור־מענטש „פאַר עקסצעלאַנס". דער אויטאָ־דידאַקט פונעם פּוילישן שטעטעלע פּלאָנסק, וואָס

דער אוניווערזיטעט, ווו ער האָט שטודירט, איז געווען דער אוניווערזיטעט פון ברוויזנדיקן לעבן, האָט נישט נאָר, דורך שטענדיק אָנגעשטרענגטער, קיינמאָל נישט אויפהערנדיקער אַרבעט איבער זיך, דערגרייכט צו דער פּאָזיציע פון אַ עמוד־האש אין יידישן לעבן, — נאָר אַפילו שוין האָבנדיק דערגרייכט אין אָט דעם זין די העכסטע באַרג־שפּיצן, האָט ער דעם „ובהם נהגה יומם ולילה״ נישט אויפגעגעבן. זיין לעבן אין דינסט און צום ווויל־זיין פון יידישן פאָלק; זיין שטענדיקער „על העבודה״, האָט קיין איין רגע נישט אָפּגעשוואַכט זיין „ועל התורה״. דוד בן־גוריון איז די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דעם רוסישן פאָלקס־ווערטל: וויעק זשיווי, וויעק אוטשיס״.

מיט דער זעלבער אינטענסיווקייט ב אַ ל ע ר ט ער. צי דאָס איז דורך זיין קלאָר פאָרמולירטן און פּלאַסטיש געפורעמטן אויסדרוק אויף דער רעדנער־טריבונע, צי דורך אַ צייטונג־אָדער זשורנאַל־אַרטיקל, צי גאָר דורך אַ בוך, — אויב ער ברענגט נישט קיין נ י י ע ם געדאַנק, באַרייכערט ער אָבער דעם לייענער אָדער דעם צוהערער מיט פיינע געדאַנק־ניואַנסן.

סיי ווען מ׳הערט אים רעדן, סיי ווען מ׳לייענט אים, איז ער אָנרעגנד און באַפרוכטיקט שטענדיק דעם צוהערערס אָדער לייענערס געדאַנק, ער דערגרייכט עס שטענדיק, ווייל אין אים קומען זיך צענויף, שאַפנדיק אַ וווּנדערלעכע קאָמבינאַציע, דער בקי און דער חריף, וואָס נאָר זיי ביידע צ ו ז אַ מ ע ן קענען שאַפן דעם אויטענטישן קולטור־מענטש.

בלויז בקיות איז סטעריל און איז מסוגל צו שאַפן אַן „אַרומגייענדיקע ענציקלאָפּעדיע״, אַ מענטשן, וואָס זיין אוצר פון ד אַ ט ן איז נישט אויסצושעפּן, אָבער וואָס איז, מיט זיין גאַנצן אוצר, גייסטיק, נישט שעפעריש.

פונקט אַזוי פרוכטלאָזן אין ב ל ו י ז חריפות. זי מאַכט דעם מענטשן צו אַ שטענדיקן גריבלער, אָן אַ סאָלידן הינטערגרונט פון דאַטן און פאַקטן, ווי אַ שטיק־פונקט פאַר זיינע טראַכטונגען און נאָכטראַכטונגען. ער הענגט, גייסטיק, אין דער לופטן, ווו ער ראַטעוועט זיך נאָכאַנאַנד דורך אַ געדאַנקלעכער אַקראָבאַטיק.

אָבער ווען בקיאות און חריפות גייען צוזאַמען, האָבן מיר פאַר זיך דעם קולטור־מענטש דורך און דורך, דוד בן־גוריון; דעם מענטשן מיט טאַלאַנט פאַר אַנאַליז, וואָס איז שאַרף ווי אַ כירורגישער לאַנצעט.

## — 3 —

בן־גוריון איז נישט נאָר אַ קולטור־מענטש בכלל; ער איז אַ י י ד י ש ע ר קולטור־מענטש. ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּערפעקטן צענויפגוס פון צוויי גייסטיקע שטראָמען: אור־יידישע מזרחדיקייט און די גרויסע, פאַרבן־רייכע מערב־וועלט, אין זייערע שענסטע פאַרקערפּערונגען. וואָס שייך זיי

ביידע, איז אין זיין גייסט קיינמאָל נישט געווען קיין „אָדער — אָדער"; קיינמאָל איז ביי אים וועגן זיי נישט געווען קיין „ויתרוצצו". אומגעקערט: דער פאַרוואָרצלטער יידישער וועזן און די קווינט־עסענץ פון דער מערב־אייראָפּעישער קולטור־וועלט, לעבן אין בן־גוריונס גייסט צוזאַמען אויפן פרידלעכסטן אופן, וואָס פאַרוואַנדלט אים אין איינע פון די האַרמאָנישסטע גייסטיקע פערזענלעכקייטן, וואָס זענען בכלל דאָ ביי אונדז היינט צו טאָג.

אַ קענער פון דעם ספר הספרים, ווי זעלטן ווער, און באַהאַוונט אין יידישן פאָלקסטום און אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק, ווי נאָר אַן ערשט־קלאַסיקער היסטאָריקער קען עס זיין, — איז בן־גוריון גלייכצייטיק איינער פון די אינטערנאַציאָנאַל באַרימטע קענער פון די קלאַסישע ליטעראַטורן אין זייערע אָריגינאַל־שפּראַכן, ספּעציעל פון דער קלאַסישער גריכי־שער ליטעראַטור. אין די ביבליאָטעקן און פּאַרש־צימערן פון די אוני־ווערזיטעטן פון אָקספאָרד און קעמברידזש, ווילקאָמען, און ווען נאָר ער קען באַווייזן דאָרט צו פאַרברענגען זיינע, אַזוי זעלטענע „וואַקאַציעס", איז ער דאָרט אַן אָנגעלייגטער גאַסט ביי די וויסנשאַפטלער אויפן געביט פון קלאַ־סישער און פאַרגלייכנדיקער פילאָלאָגיע, אין וועלכע דער פּאַסטוך פון שדה־בקר איז אַן עקספּערט.

— 4 —

אָט דער, אַזוי סאָלידער קולטור־הינטערגרונט פון בן־גוריון, לייגט זיין שטעמפּל אויף זיינע שריפטן, פּונקט אַזוי ווי אויף זיינע רעדעס. נישט נאָר האָבן זיי שריפטשטעלערישן אָדער אָראַטאָרישן פאַרנעם און שווונג, וואָס ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם „געבוירענעם" מייסטער־שרייבער אָדער טריבון. עס שוועבט איבער זיי אַ הומאַניסטישער גייסט: זיי זענען ביי געוויסע געלעגנהייטן באַהויכט פון דער גייסטיקער תנ"ך־אַטמאָספערע, און ס'פּאַסירט אויך ניט זעלטן, אַז ס'פּולסירט אין זיי אַן אָפּקלאַנג פון האָמער צי גאָר פון ציצעראָן. מער ווי איינמאָל פּאַסירט, אַז די גייסטרייכע צוגע־שפּיצטקייט פון בן־גוריונס אַן אַרטיקל מאַכט, מיט זיין „עספּרי", אין אונדז, אויפטויכן די לאַנצעט־מעסיקע, שניידנדיקע פעדער פון דעם „טיגער" קלעמאַנסאָ, דעם „פּער דע לאַ וויקטואַר" אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. פון דער אַנדערער זייט, ווען מיר לייענען זיין בוך „די געבורט פון אַ נאַציע", אין וועלכן די טיפקייט פון געדאַנק, די נאָבלקייט פון גייסט און אַ מערקווירדיקער מוט צו קוקן דעם געשיכטלעכן אמת אין די אויגן, גייען האַנט אין האַנט, — קענען מיר זיך נישט באַפרייען פון דער אידייען־אַסאָציאַציע, וואָס מאַכט אין אונדז אויפטויכן די פּאַטריציער־געשטאַלט פון טאָמאַס מאַסאַריק.

אפילו ווען בן־גוריון וואָלט נישט געווען דער מחבר פון די עט־

לעכע וויכטיקע און פראַכטפול אָנגעשריבענע ביכער אויף פאַרשידענע גע־
ביטן פון דער ישראל־פּראָבלעמאַטיק אָדער וועגן פראַגן פון יידישן אָדער
אַלגעמיין־מענטשלעכן אינטערעס, — וואָלט ער אויך דאַן געוועזן דער רעפּרע־
זענטאַטיווער יידישער קולטור־מענטש. זיי באַווייזן אונז בלויז פאַרשידענע,
ביז גאָר אינטערעסאַנטע ניואַנסן פון דער קולטור־דערשיינונג פון אויסער־
געוויינלעכער באַדייטונג אינעם היינטצייטיקן לעבן פון יידישן פאָלק, וואָס
ס'איז דוד בן־גוריון, און וואָס זיין גייסטיקע אויסווירקונג שעמערירט מיט
אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן.

געוויס: דער פּאָליטישער וועג־ווייזער מיט שווונג און וויזיע, דער אומ־
דערשראָקענער פאָרקעמפער פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און סאָציאַלער
גערעכטיקייט, האָט זיך פּאָראייביקט אין דעם באַוווסטזיין פון
אונדזער פאָלק. זאָל אָבער אין דער ריכטיקער מאָס און פּראָפּאָרץ געוויר־
דיקט ווערן אויך דוד בן־גוריון, דער פייער־זייל פון קולטור, דער פיל־זייטיקער
קולטור־מענטש, וואָס האָט אין זיך אַזוי פיל פון דער קאָלירפולקייט פון אַ
רענסאַנס־פערזענלעכקייט, און וואָס איז אַזאַ וווּנדערבאַרע פאַרקערפּערונג
פון דעם סינטעז פון פאַרוואָרצלדיקער מזרחדיקייט און פאַוסטישער מערב־
דיקייט: דער יידישער קולטור־מענטש „פּאַר־עקסצעלאַנס”.

.1956

# נאָלדע מאירס „נישט רעדנערישקייט"

## (וועגן איר אייגנאַרטיקער רעדנער-קונסט)

גוטע רעדנער זענען דאָ ווייניק, און רעדנער פון גאָר אַ גרויסן קאַלי־בער זענען אַ זעלטנהייט. נאָך זעלטענער אָבער זענען יענע קינסטלער פונעם וואָרט אויף דער רעדנער־טריבונע אָדער אין קאָנפערענץ־זאַל, וואָס זייער אויסדערווײלטקייט אויפן געביט פון רעדנער־קונסט האָבן זיי צו פאַרדאַנקען דעם גליקלעכן אומשטאַנד וואָס זיי זענען ניט קיין „רעדנער", בעסער געזאָגט, נישט קיין רעדנער אין דעם קלאַסיש־אָנגענומענעם זין פון דער טראַדיציאָנעלער רעדנער־טעכניק און פון אויסערלעכע עפעקטן.

די דאָזיקע אויסדערווײלטע, יחידי סגולה — אָראַטאָרן, רעדן צום עולם נישט ווי אַקאַדעמיקער, און אויך נישט אין קיין „מאַגיסטער דיקסיט"־טאָן. זייער צוגאַנג איז פון אַ מין „לאָמיר זיך דורכשמועסן" — טאָן, פון אַ מין „בין אָדם לחברו" — געשפּרעך. זיי פּריטשמעלן נישט דעם צוהערער מיט זייער געלערזאַמקייט, און רעדן צו אים נישט פון אויבן אַראָפּ. גלייך פון אָנהויב שאַפן זיי אַן אַטמאָספערע פון גייסטיקער נאָענטקייט צווישן זיך און זייער צוהערערשאַפט. אינטימקייט מיט דער אוידיטאָריע אין יעדער איינציקער סיטואַציע, איז איינער פון די הויפּט־כאַראַקטער — שטריכן פון אָט דעם מין רעדנער. במילא איז זייער טעכניק אַ איינפאַכערע.

ביי אָט די רעדנער איז די עלאָקווענץ געבויט מער אויף דעם אינערלעכן פאַטאָס, וואָס פילט זיך אַרויס פון זייער „צווישן די שורות" אַזוי צו זאָגן. ס'איז מער די טיפע איבערצייגונג וועגן דעם אמת און דער גערעכטיקייט פון דעם, וואָס ס'ווערט דורך דעם רעדנער אַרויסגעזאָגט, ווי די אויסווירקונג פון זשעסט און מימיק, דאָס, וואָס „נעמט" די צוהערער אין דעם פאַל פון אַזעלכע נישט „רעדנערישע" רעדנער. עס שפּילט דאַן שוין אויך קיין ראָלע נישט די גרעסערע אָדער קלענערע מדרגה פון בויגזאַמקייט פון זיין אָדער איר שטימע. געפאַנגען דורך דער אַטמאָספערע פון אויפריכטיקייט און אינטימקייט, וואָס האָט זיך גלייך פון אָנהויב אויסגעשפּרייט פון דעם

רעדנער אָדער דער רעדנערין צו דער אוידיטאָריע, — זענען די צוהערער געשפּאַנט אויף דעם, וואָס ער אָדער זי האָט זיי צו זאָגן. זייער אויער איז ווילִיק עס אויפצונעמען, און זייער גייסט וויברירט אין אוניסאָן מיט די צוועקן פון אַזאַ מין נישט „רעדנערישן" רעדנער.

— 2 —

צו דעם דאָזיקן, יחידי סגולה — טיפּ רעדנער געהערט גאָלדע מאיר. אַלץ איינס פאַר וועמען זי זאָל נישט רעדן: פאַר אַ עולם, וואָס ציילט זיך אין די טויזנטער, צי פאַר אַ קלענערער פאַרזאַמלונג, — איר צוגאַנג איז שטענדיק פּנו אַ „לאָמיר זיך דורכשמועסן", פון זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן.

מיט אַ מינימאַלן מינימום, אַזוי צו זאָגן, פון אויסערלעכע עפעקטן וואָס שייך זשעסטיקולאַציע און מימיק, און מיט פונקט אַזוי ווייניק עפעקטן פון איר שטאַרקער אָבער אָנגענעמער שטימע, וואָס שייך בויגיקייט און ניואַנסירן, רעדט זי, אויסערלעך, רואיק, אַפילו ווען זי הויבט אויף דעם טאָן. אין דער זעלבער צייט אָבער וויברירט איר שטימע מיט אַן איינ־דרוקספולן פּאַטאָס, וואָס קומט פון די טיפסטע טיפענישן פון איר גייסטיקן וועזן, און וואָס גיט זיך איבער צו די צוהערער, און באַצווינגט זיי מיט אַ נישט ווידערשטייטלעכער קראַפט.

דער דאָזיקער פּאַטאָס, וואָס קומט אַרויס אויף דער אויבערפלאַך, ווי אַן אויסדרוק פון אַ טיף עטישער געזינונג און, אָפטמאָל, פון מאָראַלישן פּראָטעסט, איז צווישן אַלע אַנדערע עלעמענטן וואָס מאַכן גאָלדע מאיר פאַר דער איינציקאַרטיקער רעדנערין, וואָס זי איז, דער ווירקזאַמסטער. מיר שטייען אין ערפורכט פאַר דער עטישער פּערזענלעכקייט פון דער רעד־נערין. מיר זענען אין דער מאַכט פון דער מאָראַלישער קראַפט, וואָס וווינט אין אירע אידייען. נאָך איידער זי ווירקט אויף אונדז אינטעלעק־טועל, באַווירקט זי אונדז גייסטיק. אויב שפּעטער וועט דער אָדער יענער צוהערער האָבן וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם אָדער יענעם געדאַנק אירן, איז ער אָבער בעת איר רעדן אינגאַנצן אונטער דער ווירקונג פון גאָלדע מאירס מערקווירדיקער, שטאַרקער פּערזענלעכקייט, וואָס איז אַזוי טיף דורכגע־דרונגען מיט עטישן פּאַטאָס.

— 3 —

דער צווייט־וויכטיקער עלעמענט אין איר גרויסער רעדנער־קונסט, איז גאָלדע מאירס זאַפטיקער, פּערלדיקער יידיש, אין וועלכן יידישע פאָלקס־טימלעכקייט פון אויסדרוק אַנטפּלעקט זיך אין איר גאַנצער שיינקייט און רייכקייט.

דער ליטעראַרישער יידיש, וואָס איז אַן אָרגאַנישער עלעמענט פון איר רעדן פאַר דער עפנטלעכקייט, איז ביי איר אַזוי צוזאַמענגעבונדן מיט דעם פ אָ ל ק ס ט י מ ל ע כ ן יידיש, אַז זיי שאַפןביידע צוזאַמען אַן אָר־גאַנישע, נישט צעטיילבאַרע איינהייט. ווער ס׳האָט געהאַט די געלעגנהייט צו הערן איר ווונדערשיינעם אופן פון איבערדערציילן דעם אָנהויב פון פרצעס „מקובלים״, וועט איר אייגנאַרטיקן יידיש לאַנג געדענקען.

„ס׳וואַקסט פרוכט און ס׳וואַקסן גריסנן, און ס׳וואַקסט אַ צווייטער דור אין מדבר, אין דער דאָזיקער, איין און איינציקער, קליינטשיקער פיצעלע מדינה״, איז אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל פון דעם סימביאָזיס פון הויכער ליטעראַרישקייט מיט אַנציקנדיקער פאָלקסטימלעכקייט, אינעם מויל פון גאָלדע מאיר, דער גלענצנדיקער פאָרשטייערין פון דער אַזוי זעלטענער, נישט „רעדנערישער״ רעדנער־קונסט.

— 4 —

זי איז די מייסטערין פון דער ליטעראַרישער שילדערונג פון געשע־עענישן און סיטואַציעס. ווער ס׳האָט איר אַ מאָל געהערט שילדערן ווי אַזוי מאָסקווער יידן האָבן איר, די ישראל־געזאַנדטע, אין אַ שבת־פרי, נאָכן דאַווענען, באַגלייט פון דער מאָסקווער גרויסער שול ביז צוריק אין די ישראל־געזאַנדשאַפט, וועט נישט לייכט פאַרגעסן דאָס דאָזיקע בילד, וואָס פרישט אָפּ אין זכרון הירשענבערגס גרויסע לייוונטן.

ווען זי רעדט, צום ביישפּיל, וועגן דעם טיפן גייסטיקן קריזיס, וואָס יידישע אינטעליגענטן פון דער צווייטער עליה האָבן געמוזט דורכמאַכן, כדי זיך אַריינצולעבן אין די, אין יענער צייט אַזוי שווערע טאָג טעגלעכע ווירקלעכקייט, מאָלט זי די סיטואַציע אַזוי:

„איידער מיר האָבן גענומען ברעכן שטיינער, האָבן מיר געדאַרפט איינברעכן דעם אייגענעם רוקן״.

און אָט איז ווי זי שילדערט בלויז מיט איין שטריך די יידישע היימ־לאָזיקייט דורך די דורות:

„מיר זענען געווען אומעטום און אין ערגעץ נישט״.

— 5 —

אומאָפּהענגיק פון דעם צי דער צוהערער וועט שפּעטער, מיטן הינטער־גרונט פון זיינע אייגענע גרונט־אַנשויאונגען, זיין אַלע הונדערט פּראָצענט איינשטימיק מיט דעם אַרויסגעזאָגטן דורך אָט דער מייסטער־רעדנערין, איז אָבער אַ פאַקט, אַז אין די ראַמען פון אירע פונדאַמענטאַלע אידייען איז איר לאָגיק פעלזן־פעסט, און אַז זי נעמט, אַזוי צו זאָגן, שטענדיק אַן

דעם אָקס פאַר די הערנער. צום עטישן פּאַטאָס פּאַראייניקט זיך אין איר רעדן אַן אייזערנע לאָגיק.ביידע קומען צום אויסדרוק אין אַ פּרעכ־טיקער ליטעראַרישער פאָרם.

אַזוי, צום ביישפּיל, פאָרמולירט זי מיט עלעמענטאַרער, אַנטציקנדיקער איינפאַכקייט דעם פאָלגנדיקן געדאַנק, וואָס מאַטערט אין אָט די לעצטע יאָרן אַזוי פיל יידן איבער גאָר דער וועלט:

„מוז גראָד א י צ ט, ווען ס'איז דאָ מדינת־ישראל, אונדזער יוגנט אָפּגעריסן ווערן פון אונדז?"

אָדער די פיין געשניצטע איראָניע, וואָס ליגט אין איר באַהויפּטונג:

„מדינת־ישראל טאָר פאַר די תפוצות נישט ווערן קיין וואָכעדיקע זאַך; זי טאָר אָבער אויך נישט ווערן אַ יום־טובדיקע זאַך איינמאָל אַ יאָר....."

— 6 —

פריי פון יעדער רעדנערישער קינסטלעכקייט, באַזיצט גאָלדע מאיר די גאָר זעלטענע קינסטלערישקייט פון אַ רעדנערין פון העכסטן ראַנג, פאַרקערפּערנדיק מיט זיך אַ גלענצנדיקע קאָמבינאַציע פון צוציענדיקער אינטימיטעט, פון עטישן פּאַטאָס, פון שיינעם ליטעראַרישן אויסדרוק, וועלכע גייט האַנט אין האַנט מיט אין דורות וואָרצלנדיקער פאָלקסטימלעכקייט; דאָס אַלץ, אין דינסט פון אַ שווער ווידערשטיילעכער לאָגיק.

איז דען אַ וווּנדער, אַז גאָלדע מאיר הערשט אויף דער רעדנער־טרי־בונע סוווערן איבער דער אויפמערקזאַמקייט, איבער דעם גייסט און איבער די געפילן פון אירע, דורך איר איינציקאַרטיקער רעדנער־קונסט פאַר־כישופטע צוהערער?

.1959

# נחום גאָלדמאַנס עלעגאַנטע פּשטות

## (שטריכן פון זיין רעדנער-קונסט)

פון שטאַנדפּונקט פון זייער צוגאַנג צו די צוהערער און פון דעם באַווירקן זיי, קענען רעדנער פון גרויסן קאַליבער איינגעטיילט ווערן אין צוויי גרונט־קאַטעגאָריעס: אַזעלכע, וואָס שאַפן אַן אַטמאָספערע פון עמאָציאָנעלער שפּאַנונג, און אַזעלכע, וואָס ברענגען מיט זיך אַן אַטמאָספערע פון גייסטיקער רואיקייט. ביידע אַרט רעדנער וועקן גלייך פון אָנהויב דעם אינטערעס פון זייער אוידיטאָריע.

דער רעדנער פון דעם ערשטן מין איז געוויינלעך אימפּרעסיאָניסטיש און פּאָעטישער; דער צווייטער איז אינטעלעקטועלער, אַנאַליטישער, קאָנקרעטער.

ד"ר נחום גאָלדמאַן, סיי ווען ער טרעט אַרויס אויף אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג, און סיי ווען ער געפינט זיך אין אַן ענגער מסיבה, צי ביים גרינעם טיש פון אַ באַראַטונג, איז רעפּרעזענטאַטיוו פון יענע רעדער, וואָס ברענגען גלייך פון אָנהויב אַריין אַן אַטמאָספערע פון גייסטיקער רואיקייט, פון קלאָרן דענקען, פון שאַרפן אַנאַליז. ער איז דער אַנאַליטישער רעדנער „פּאַר עקסצעלאַנס".

ס'איז גענוג ער זאָל זיך געפינען אויף דער רעדנער־טריבונע בלויז עטלעכע מינוט, אַז זיינע צוהערער. זאָלן זיך שוין געפינען אונטער דער ווירקונג פון זיין רעדנער־קונסט. דאָס דערגרייכט ער מיט יענער שווער דערגרייכבאַרער איינפאַכקייט, וואָס זאָגט עדות אויף אַ לאָגישער סעקווענץ, וואָס איז אין זיין גייסט דורכגעאַרבעט געוואָרן מיט דער גרעסטער פּערפעקציע. זיינע אַ רעדע דערמאָנט אין געוויסע טראַנסצענדענטאַלע סטאַטיסטישע טאַבעלן, וואָס זענען רעדוצירט צו בלויז געציילטע שורות פון נומערישע פיגורן. דערגיין צו אָט די רעזולטאַטן געדויערט מאַנכעמאָל יאָרן פון קאָמפּליצירטער אַרבעט. נחום גאָלדמאַנס געדאַנקען־גאַנג אין זיינער אַ רעדע איז ווי דער אויסדרוק פון אַ מאַטעמאַטישער מאַניפּולאַציע,

אַרויסגעבראַכט דורך אַ קורצער פאָרמולע, וואָס איז קאַטעגאָריש אין איר באַדייט און קרישטאָל־קלאָר אין איר פאָרם.

דערפאַר קען זיך אין ד"ר גאָלדמאַנס אַ רעדע געפינען אַזאַ מין אויס־דרוק, ווי: „איר וויל אייך ניכטער און פּראַזאַיש דערקלערן". נישטאָ ביי אים קיין אָראַטאָרישע בלימעלעך און פליטערלעך. ער איז אַ גאָר ווייניק „דעקאָראַטיווער" רעדנער. ער איז דער היפוך פון יענע רעדנער, וואָס ווילן אונדז באַווירקן דורכן וועג פון האַרץ און פאַרשטע־לונגס־קראַפט; ער איז אַן אָנהענגער פון דעם צוגאַנג: „נישט ווייַנען, נישט שרייען, נאָר פאַרשטיין". גוט באַגרייפן אַ סיטואַציע וועט שוין במילא אויפרודערן אונדזערע געפילן און ברענגען צו טאַט, וואָס דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער לעצטער, ענדגילטיקער צוועק פון יעדן גוטן רעדנער.

— 2 —

וואָס שייך רעדנערישער טעכניק, איז נחום גאָלדמאַן איינער פון די עקאָנאָמישסטע מייסטער פון דער רעדנער־קונסט.

ערשטנס, באַנוצט ער כמעט שטענדיק דעם מיטעלן שטים־רעגיס־טער; זעלטן — דעם העכערן, „פאָרטאָ"־מעסיקן, און כמעט קיינמאָל נישט דעם „פּיאַניסימאָ". און דאָך ווירקט ער נישט מאָנאָטאָן. דאָס איז דער־פאַר, ווייל ער איז אַ מייסטער פון דעם פיינעם, דינעם שטים־ניואַנס. עס איז מיט זיין שטים־באַנוצן פונקט אַזוי ווי מיט וואַסער פון ים, ווען ער, דער ים, איז רואיק. אין דער ראַם פון אָט דער רואיקייט באַוועגן זיך אָבער די וועלן אין פיינע אָוואַלן, און פאַרשאַפן דעם באַאָבאַכטער אַן עס־טעטישן געניוס. ד"ר גאָלדמאַנס רעדן איז מייסטנס אָוואַל. נישטאָ אין אים קיין זיג־זאַגן, און די איבערגאַנגען זענען לייכט און ראַפינירט־עלע־גאַנט.

טאַקע ווייל ער איז אַזוי קאַרג אויף שטים־„פאָרטאָס", איז ער אַזוי ווירקזאַם, ווען ער באַנוצט די העכערע טענער. ער טוט עס בלויז דאַן, ווען די פּסיכאָלאָגישע סיטואַציע פאָדערט עס אַבסאָלוט. העלפט עס טאַקע אַרויסצוברענגען זיינע געדאַנקען אויף אַ מער פּלאַסטישן אופן.

פּונקט אַזוי איז נחום גאָלדמאַן עקאָנאָמיש וואָס שייך זשעסטיקולאַ־ציע. זי גייט ביי אים „אַ רענדל אַ זשעסט". אין אָט דער הינזיכט איז ער אַ סך מער אַ רעדנער פון דעם אַנגלאָ־זאַקסישן, ווי פון דעם לאַטייַנישן טיפּ; און אַז מען וויל, קען מען זאָגן, אַז זיין רעדן איז, וואָס שייך זשעסטי־קולאַציע, גאָרנישט יידישלעך. ווען ער באַנוצט אָבער יאָ האַנט־באַוועגונג, איז עס פּונקט אַזוי ווי מיט זיין אויפהויבן די שטימע: צו העלפן אַרויס־צוברענגען פּלאַסטישער אַ גרונט־אידייע, צו פאָרעמען בעסער אין דעם גייסט פון זיינע צוהערער אַ געדאַנק, וואָס דאַרף באַזונדערס אַקצענטירט ווערן.

אַט די שטרענגע עקאָנאָמיע פון שטים־און זשעסט־באַנוצונג, איז אין פולן איינקלאַנג מיט זיין נישט־פּאַטעטישקייט. ער איז דיאַמעטראַל קעגנ־געזעצט צו יענעם רעדנער־טיפּ, וועגן וועלכן ס'ווערט געזאָגט: „אַלעקסאַנ־דער מוקדון איז טאַקע געווען אַ גרויסער העלד, אָבער צו וואָס ברעכן שטולן?״ ד״ר גאָלדמאַן איז גאָרנישט קיין „אימפּרעסיאָניסטישער״ רעדנער.

— 3 —

אין די גרענעצן פון אַנאַליטישקייט איז אָבער נחום גאָלדמאַן אַ ל ע ־ ב ע ד י ק ע ר רעדנער, אין דעם זין פון ב י ל ד ל ע כ ק י י ט , און איינס פון די וויכטיקסטע אַטריבוטן פון ב י ל ד ל ע כ ן רעדן, איז די מייסטער־האַפטע באַנוצונג פון אַ ד י ע ק ט י ו ו ן . זיי, די עפּיטעטן, זענען עס די, וואָס האָבן אַן אָפענע טיר צו אונדזער פאַרשטעלונגס־קראַפט.

אין אָט דער הינזיכט איז ד״ר גאָלדמאַן אַ מייסטער. נישט נאָר קלייבט ער אויס י ע נ ע ם אַדיעקטיוו, וואָס, סעמאַנטיש, איז ער דער לאָגיש־סטער, נאָר ער מאַכט אויך געלונגענע גראַדאַציעס. אַזוי, צום ביישפּיל, זאָגט ער: „ווילדער, שאַרפער, אינטענסיווער״, אָדער: „סאָליד גענוג, פעסט גענוג, שטאַרק גענוג״; אָדער גאָר: „רעאַליסטיש, קלאָר, ברוטאַל״.

די זעלבע סעמאַנטישע מייסטערשאַפט באַזיצט ער בנוגע דעם ווערב. אַקציע אָדער צושטאַנד געווינען אין באַשרייבונג, ווען זיי ווערן אַרויסגע־בראַכט פאַרשידנאַרטיק, ווי, צום ביישפּיל: „זיי קריסטאַליזירן זיך, קאָנסאָ־לידירן זיך, ווערן פאַרגליווערט״. באַנוצט ער טאַקע ווערבן אויף אַן אופן, וואָס דינט טריי דעם פּלאַסטישן אַרויסברענגען אַ געדאַנק. „ס'איז אים געלונגען, און געלונגען מיט אַן אומגעהויערן דערפּאָלג״.

נחום גאָלדמאַן איז אויך אַ מייסטער אין דער קונסט פון קעגנשטעט־לונגען, פון אַרויסברענגען קלאָר אַ קעגנזאַץ, וואָס דאָס איז איינס פון זיינע ווירקזאַמסטע מיטלען קלאָר צו מאַכן אַ געדאַנק. דערפאַר זאָגט ער: „דער אויסוואַל איז געווען צווישן ע ק אָ נ אָ מ י ש ן זעלבסטמאָרד דורך אימי־גראַציע, און מ אָ ר אַ ל י ש ן זעלבסטמאָרד דורך נ י ש ט אַריינלאָזן קיין אימיגראַציע״. אָדער: „נישט באַלפור איז געווען אַ צדיק, און נישט בעווין איז געווען אַ רשע״.

— 4 —

ד״ר נחום גאָלדמאַן, דער נישט פּאַטעטישער, אַנאַליטישער רעדנער, איז אויף דער רעדער־טריבונע די פאַרקערפּערונג פון אַ געלונגענער קאָמ־בינאַציע צווישן דעם טיפּ פון דעם מערב־אייראָפּעאישן סאָלידן און, קול־

טורעל, טיף פּאַרוואָרצלטן אינטעלעקטואַל, און פון האַרציקער יידישער פאָלקסטימלעכקייט, וואָס קומט אָפּט צום אויסדרוק אין אַ געשמאַקן יידישן וויץ אָדער אין אַן אַנעקדאָט, וואָס כאָטש אויב נישט אַלע, איז כ מ ע ט אַלע פון זיינע צוהערער קענען אים שוין, האָט ער אָבער אין גאָלדמאַנס ווערסיע אַ באַזונדערן חן. ס׳איז דאָ נישט אַזוי דער „וואָס" ווי דער „ווי", און דאָס איז דאָך טאַקע דאָס כאַראַקטעריסטישע פון דעם קינסטלער־רעדנער.

— 5 —

אַזוי אַרום ווערט נחום גאָלדמאַנס אַ רעדע, פון שטאַנדפּונקט פון אָראַטאָרישער קונסט, פאַרוואַנדלט פאַרן צוהערער אין אַ טיפן געגוס. און הגם ער, גאָלדמאַן, איז אָראַטאָריש־סקעפּטיש וועגן זיך אַליין, און זאָגט איראָניש און מיט פיינער עלעגאַנץ: „איך ווער ווייניק וואָס נתפּעל פון רעדעס, ווייל איך אַליין האַלט צו פיל רעדעס", — איז אָבער דער אמת, אַז ס׳איז דאָ גאָר אַ סך פון וואָס נתפּעל צו ווערן פון זיין, נחום גאָלדמאַנס, רעדנער־מייסטערשאַפט.

.1958

# עטישער פּאַטאָס אין זרובבלס רעדנער־קונסט

## (צו זיין 75־סטן געבוירנטאָג)

אויב ס'איז אימיצער דאָ, אויף וועמען ס'קען נישט אָנגעווענדעט ווערן נאַדסאָנס, דעם רוסיש־יידישן פּאָעט פון יאוש און אָפּהענטיקייט, באַ־רימטער פערז: „טאַק מנאָגאָ פּראָזשיטאָ, טאַק מאַלאָ פּערעזשיטאָ" („אַזוי פיל אָפּגעלעבט, אַזוי ווייניק דורכגעלעבט"), איז עס יעקב זרובבל. אויב ס'איז דאָ אימיצער, וואָס קען צו זיין פינף און זיבעציקסטן געבוירנטאָג וואַרפן אַ רעטראָספּעקטיוון בליק אויף אַ לעבן אַ פרוכטבאַרן, אַ לעבן אַ שעפערישן, אַ לעבן פון נאָכאַנאַנדיקן וועקן צו לעבעדיקער טאַט, וואָס גייט פּאַראַלעל מיט גייסטיקער דערהויבונג; צו שבת־יום־טובדיקייט פון דעם אינדיווידואום און פון דעם קאָלעקטיוו, — איז עס זרובבל.

אים לכבוד האָב איך אָנגעשריבן די פאָלגנדיקע קורצע באַטראַכטונג, וואָס וויל זיין אַ דערגענצונג צו אַן אַרבעט, וואָס איך האָב פאַרעפנטלעכט אַרן „פּראָלעטאַרישן געדאַנק" מיט אַ לענגערער צייט צוריק, און וואָס הייסט: „זרובבלס רעדנער־קונסט".

— 1 —

בלויז רעדנער־קונסט, מעג זי אויך זיין די גרעסטע אין דער וועלט, איז נישט גענוג צו פאַרוואַנדלען דעם רעדנער אין אַ קאָנסטרוקטיוון כוח אין סאָציאַלן זין אָדער אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב.

גרויסע רעדנער־קונסט, ווי אַ קאָנסטרוקטיווער פאַקטאָר, באַווייזט זיך ערשט דאַן, ווען זי איז באַהויכט פון טיפן גלויבן אין הומאַניסטישע אידעאַלן, אין ברייטסטן זין פון וואָרט. ס'קען בלויז דאַן זיין די רייד וועגן רעדנער־קונסט, ווי אַ בויענדיקן כוח, ווען זי וועקט צו שעפערישער טאַט, צו גייס־

טיקער דערהויבונג, צו גלויבן אין העכערע ווערטן, צו אַלעם דעם, וואָס מאַכט פאַר אַ דענקנדיקן און פילנדיקן מענטשן, דאָס הייסט, פאַר אַ מ ע נ ט ש ל ע כ ן מענטשן, דאָס לעבן ווערט געלעבט צו ווערן.

דער שענסטער ביישפּיל פון ק אָ נ ס ט ר וק ט י ו ו ע ר רעדנער־קונסט, זענען די רייד פון אונדזערע נביאים.

וואָס איז דער כאַראַקטעריסטישסטער קענצייכן פון קאָנסטרוקטיווער רעדנער־קונסט ?

די רייד פון אַ עמוס און די פון אַ ישעיהו גיבן דעם בעסטן ענטפער אויף אָט די פראַגע. אין יעדן פעריאָד זייערן, אין יעדן זאַץ, אין יעדן וואָרט, פילט זיך דער הייסער אָטעם פון עטישן פּאַטאָס, וואָס דאָס מיינט, גרונטזעצלעך, אַ טיפע, פאַרצערנדיקע בענקשאַפט נאָך אַ בעסערער און שענערער וועלט, אין וועלכער דער „איך", נישט מוזנדיק זיך אויפלייזן, וועט געפינען איינעם פון די אַספּעקטן פון זיין פערזענלעכן גליק אין אַ פולשטענדיקער האַרמאָניע מיטן „מיר".

עטישער פּאַטאָס הייסט אַ נאָכאַנאַנדיקס שטרעבן צו טאָן גוטס, און וועלן, אַז אויך אַ נ ד ע ר ע זאָלן אַזוי האַנדלען, און זיי זאָלן עס טאָן נישט אויס מורא פאַר אַ שטראָף־קאָדעקס, צי דאָס איז אין רעליגיעזן, צי דאָס איז אין וועלטלעכן זין, נאָר אויס ליבשאַפט: צום מיט־מענטשן, צו דער אייגענער סאָציאַלער גרופּע, צום אייגענעם פאָלק, צו דער מענטשהייט.

נישט עפּעס אַנדערש ווי עטישער פּאַטאָס איז די חסידישע שיטה, אַז מ'דאַרף דינען גאָט נישט אויס מורא, נאָר אויס ליבשאַפט.

— 2 —

„אין יעדן קונסטווערק ליגט אַ שטיק נשמה פון זיין שאַפער", זאָגט זרובבל אין זיין „טאָגבוך", וואָס ער האָט געשריבן — אַ צוויי און צוואַנציק יאָריקער יונגערמאַן — אין דער טרויעריק־באַרימטער לוקישקער טורמע אין ווילנע.

אַז זיינע רעדעס זענען קונסט־ווערק, דאָס דאַרף מען נישט ערשט איצט באַווייזן; אַז זרובבל איז דער מייסטער פון דער גרויס אָנגעלייגטער און טיף גראָבנדיקער רעדנער־קונסט, איז אָן אַלט־באַקאַנטער פאַקט.

איז טאָקע דעריבער דער ריכטיקער און שיינער געדאַנק, אַז „אין יעדן קונסט־ווערק ליגט אַ שטיק נשמה פון זיין שאַפער", חל אויף אים, זרובבלן, אַליין.

די „שטיק נשמה", וואָס ער לייגט אַריין אין זיינע וווּנדערלעכע שפּראַך־פייזאַזשן, וואָס זיינע רעדעס זענען, גרונטזעצלעך, אין היגזיכט פון פאָרם, איז נישט נאָר די ע ס ט ע ט י ק , וואָס ס'כאַראַקטעריזירט זיי. ווי פּרעכטיק זיינע רעדעס זאָלן נישט זיין פון ע ס ט ע ט י ש ן שטאַנדפּונקט,

וואָלטן זיי נישט באַוויזן צו שאַפן פאַר אים די פּאָזיציע, וואָס ער האָט פאַרנומען אין די הערצער פון די צענדליקער טויזנטער צוהערער אין דער יידישער וועלט פון פאַרן דריטן חורבן. זיי וואָלטן געווען נישט מער ווי פייערווערק, פון בלויז מאָמענטאַנער ווירקונג.

אויך די אינטעלעקטועלע וואָג און חשיבות פון זיינע רייד אויף דער רעדנער־טריבונע, וואָלטן צו אים, עמאָציאָנעל, נישט צוגעבונדן זיינע אומצאָליקע צוהערער־באַוווּנדערער, מ'וואָלט הנאה געהאַט פון דעם ש י י ן ־ רעדנער; מ'וואָלט געהאַט אינטערעס פאַר זיין אינטעלעקטועלער אומרו; דאָס אַלץ וואָלט אָבער נישט געמאַכט יעקב זרובבלן פאַר דעם זרובבל, וואָס נישט נאָר ווערט ער באַוווּנדערט, נאָר ער איז אויך ב אַ ל י ב ט אויף דער יידישער גאַס.

— 3 —

באַליבט איז זרובבל דערפאַר, וואָס זיינע צוהערער האָבן אין משך פון דעם כמעט האַלבן יאָרהונדערט, וואָס דער דאָזיקער וואָרט־צויבערער האָט געווירקט אויף דער רעדנער־טריבונע, געפילט, ראשית כל, אַז אַלץ וואָס ער זאָגט, זענען דברים היוצאים מן הלב, און והשנית, אַז דאָס איז אַ רעדנער אָן סענטימענטאַליזם און מעלאָדראַמאַטישקייט. מ'האָט ביי אים אַרויסגעפילט דראַמע, טראַגעדיע, פון איין זייט, און טיף פאַרוואָרצלטן גלויבן אין אַ בעסערער, שענערער צוקונפט, פון דער אַנדערער זייט.

וואָס ס'האָט זיינע צוהערער געמאַכט גלויבן אין דעם, וואָס ער זאָגט און פרעדיקט, איז דער עטישער פּאַטאָס, דער גליענדיקער אָטעם פון זיין געפיל פאַר סאָציאַלן יושר, פאַר מ ע נ ט ש ל ע כ ע ר מענטשלעכקייט, פאַר הומאַניסטישע ווערטן .

נישט וויכטיק איז די ט ע מ ע וואָס ער באַרירט אין זיינער אַ רעדע; מעג זי אויך זיין לאָקאַל און באַגרענעצט, זרובבל געפינט שוין דעם אופן אַרויסצוברענגען איר אויפן ברייטן שליאַך פון טיפער מענטשלעכקייט, פון ברייטן הומאַניזם; און פון זיין רעדן ווערט יום־טובדיק אויף דער נשמה פון זיינע צוהערער, מעגן זיי זיין אַפילו זיינע אויסגעשפּראָכנסטע פּאָליטי־שע, אָדער, בכלל, אידעאָלאָגישע קעגנער.

די כישופדיקייט פון זיין רעדנער־קונסט באַשטייט נישט אַזוי אין דעם איבערראַשן מיט גייסטרייכקייט, וואָס אויך אַזעלכע מאָמענטן פעלן נישט אין זיינע רעדעס, ווי אין דעם געווינען דאָס האַרץ פון דעם צוהערער מיט דעם אָנרירן אין אים די פיינסטע, איידלסטע סטרונעס פון מענטשלעכער מענטשלעכקייט.

ער מאַכט אייך מיטפילן, מיטליידן מיט די שוואַכע, מיט די ליידנדיקע; און ער וועקט אין אייך געריכטן צאָרן קעגן אַלץ וואָס מיינט יאָך און

אונטערדריקונג. און ערגעץ ווו, אין די טיפסטע טיפעניש פון אייער אמתן, אינערלעכן „איך", זענט איר, נאָך איינער פון זרובבלס „גרויסע" רעדעס, ווייניקסטנס, מאָמענטאַן, אַ מענטש מיט פיינערע שטרעבונגען, מיט העכערע פאַרלאַנגען. דאָס האָט אויף אייך געווירקט זרובבלס בענקשאַפט נאָך אַ שענערער וועלט וועלכע איז דאָך אומדענקבאַר אָן אַ בעסערער וועלט; דאָס האָט אויסגעאיבט אויף אייך זיין צויבער זרובבלס עטישער פּאַטאָס.

— 4 —

אָט זענען עטלעכעביישפּילן:

„איך בין אַ זון פון יידישן פאָלק, וואָס האָט געגוג בלוט פאַרגאָסן פאַר דער פרייהייט פון דער וועלט. מיר האָבן דערמיט קיינעם קיין טובה נישט געטאָן. מיר האָבן דערמיט פאַר קיינעם קיין דינסט נישט געשאַפן. דאָס איז געווען אונדזער אינערלעכער דראַנג צו דער נייער וועלט". (אונטער־געשטראָכן פון מיר. — ס. ק.).

אָט דאָס איז עס: דער אינערלעכער דראַנג, וואָס דאָס מיינט, מיט אַנדערער ווערטער, זרובבלס עטישער פּאַטאָס, וואָס מיט אים אָטעמט אַלץ, וואָס ער האָט צו זאָגן אין זיין וווּנדערלעך שיינער שפּראַך אויף דער רעדנער־טריבונע.

דורכן זעלבן גייסט: פון עטישן פּאַטאָס, איז אָנגעהויכט זיין קורץ גע־פאַסטער פּועלי־ציוניסטישער אני מאמין, אין וועלכן די קורצקייט פון אויסדרוק איז אין פאַרקערטער פּראָפּאָרץ צו דער טיפקייט פון געדאַנק:

„מיר האָבן דעריבער געראָד אין ארץ־ישראל, ווו ס'איז געשטאַנען די וויגעלע פון דריי רעליגיעס, אויפגעשטעלט אַ נייעם יסוד פון פעלקער־פאַרברידערונג און צוזאַמענלעבן — דאָס איז דער אידעאַל פון אַרבעט, דער אידעאַל פון סאָציאַליזם".

און עפּעס פון דעם עטישן פּאַטאָס פון אונדזערע גרויסע גערעכטיקייט־זוכער, וואָס מיר לייענען זייערע רייד מיט ערפורכט אויף די זייטלעך פון תנ"ך, איז דאָ אין דעם פאָלגנדיקן רוף:

„זאָל פון דאַנען, פון דער שלום־קאָנפערענץ אַרויסקומען אונדזער רוף, זאָל זיך פון דאַנען אַרויסרייסן אונדזער געשריי, דערגרייכן צו יעדן ווינקל, צעשטערן די רואיקייט און מאַכן אויפציטערן די רואיקע, אויפוועקן די איינגעדרימלטע און אויפרודערן די פּאַסיווע צום געראַנגל קעגן דער פּסי־כישער אונטערטעניקייט און דער גייסטיקער נאָכגיביקייט".

מיט ביישפּילן פון עטישן פּאַטאָס אין זרובבלס רעדעס, וואָלט מען געקענט אָנפילן אומצאָליקע זייטן. ווער דעריבער מוזן זיין גענוג מיט אָט

די דריי אילוסטראַציעס פון אַט דעם פונדאַמענטאַלן אַספּעקט פון זרובבל'ס אייגנאַרטיקער און איינציקאַרטיקער רעדנער־קונסט.

— 5 —

דער באַוווסטזיין פון זאָגן דאָס גערעכטע וואָרט אין דער ריכטיקער צייט, איז איינער פון די הויפּט־פאַקטאָרן פון דעם שאַפן אַ האַרמאָנישע פּערזענלעכקייט. אין אַט דער הינזיכט איז זרובבל איינע פון די האַרמאָנישסטע פּערזענלעכקייטן, וואָס מ'קען באַגעגענען אין לעבן. דער עטישער פּאַטאָס פון זיין רעדנער־קונסט, וואָס מיט אים אָטעמען גאָר אַ סך פון זיינע שריפטן, איז אויך אַ וויכטיקערביישטייער צו דער האַרמאָנישער פּערזענלעכקייט, וואָס ס'איז יעקב זרובבל, און וואָס אויך אין זיינע שריפטן פילט מען דעם פלאַמענדיקן רעדנער מיט דערהויבענע אידייען, אפילו ווען ער שרייבט אויף ליטעראַרישע טעמעס און ווירקט ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער, ווי צום ביישפּיל, אין זיינע „רודין"־באַטראַכטונגען, וואָס זענען אַ טייל פון די קריטישע אָפּהאַנדלונגען, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין דער לוקישקער טורמע.

טאַקע ווייל ער איז שטענדיק אין האַרמאָניע מיט זיך אַליין, און איז קיינמאָל נישט, גייסטיק, קאָנוולסיוו, האָט ער געקענט דערגרייכן צו זיין איצטיקן עלטער אַזוי יוגנטלעך־פריש אין גייסט, פונקט אַזוי ווי אויס־שטראַלנדיק ענערגיע און לעבנספרייידיקייט אין פיזישער הינזיכט.

אויף זרובבלן קען אָנגעווענדט ווערן דאָס, וואָס ער האָט (אין אַ קלאַסיש־שיין געבויטער רעדע, געהאַלטן מער ווי מיט פערציק יאָר צוריק), געזאָגט צו דער געלעגנהייט פון דעם זיבעציקסטן געבוירנטאָג פון אויגוסט בעבעל:

„יונג און מונטער שטייט ער איצט פאַר מיינע אויגן, דער זיבעציק־יאָריקער גרייז — יוגנט שפּראָצט פון זיינע פייערדיקע בליקן, מונטער איז זיין קאַמפּס־שטימע!"

זרובבל איז דאַן מקנא געווען בעבעלן, ווייל

„ער שטייט אין זיין נאַציאָנאַלער סביבה, ווייל ער איז אַן אבר פון זיין פאָלק, ווייל ער אַרבעט אויף אַ פעסטן באָדן, צווישן אייגענע ברידער, אויף אַן אייגענער שפּראַך שאַפט זיין אייגענע קולטור, און דורך דעם, אויך די קולטור פון דער גאַנצער מענטשהייט".

זענען, מיט דער צייט, די דאָזיקע אַלע ווונטשן זרובבל'ס מקוים געוואָרן, אין ישראל. זיין ווונדערבאַרע רעדע צו דער געלעגנהייט פון דעם בעבעל־יובילייי, האָט ער פאַרענדיקט מיט די פאָלגנדיקע טיף־פּאַטעטישע ווערטער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אויך פּראָפעטיש:

„איך הער די שטימע, די פעסטע שטימע פון דער אויסגעחלומטער יונגער יידישער נשמה.

„ס'וואַקסט די האָפנונג, ס'וועבט זיך דער שיינער חלום... יונגע, שטאָלצע יידן... יונגע, שטאַרקע יידן... ליכטיקע, פרישע געזיכטער... שטראַלנדיקע בליקן... קרעפטיקע מוסקולן... גרויסע נשמות...
„אַ שטראַלנדיקע וועלט!"

אָט דער הערלעכער אויסקלאַנג, וואָס ערגעץ ווו איז ער אַן אָפּקלאַנג פון דער בענקשאַפט נאָך אייביקער שבת־יום־טובדיקייט אין פרצעס „גאָלדענע קייט", — איז זרובבל אין דער גאַנצער מאַיעסטעטישקייט פון זיין, מיט עטישן פּאַטאָס דורכגעדרונגענער, אויסדערוויילטער רעדנער־קונסט.

.1960

# דוב בּיענונס רעדנערישער צויבער

די צוויי פאָרמען פון רעדנער־קונסט אין איר העכסטער מדרגה, דאָס הייסט, ווו די שיינקייט פון פאָרם גייט האַנט אין האַנט מיט רייכקייט און וויכטיקייט פון אינהאַלט, זענען די פון רעדנער־סקולפּטאָר און פון רעדנער־מאָלער.

אויף דעם געביט פון קינסטלערישער רעדנעריי אין יידיש זענען אָט די צוויי פאָרמען פאַרקערפּערט דורך ד״ר חיים זשיטלאָווסקי און זרובבל. דער פאַרשטאָרבענער טעאָרעטיקער פון יידישן געזעלשאַפטלעכן געדאַנק איז געווען דער רעדנער־סקולפּטאָר פאַר עקסצעלאַנס; זרובבל, אים צו לאַנגע יאָר, איז דער אידעאַלער קינסטלער־מאָלער.

ווען איר פלעגט הערן רעדן זשיטלאָווסקין, פלעגט פאַר אייך שטיין דער סקולפּטאָר, וואָס פלעגט אַרויסקריגן די שיינקייט פון דער פאָרם דורך אַ נאָכאַנאַנדיקן צמצום. ער פלעגט, געדאַנקלעך, אַראָפּנעמען אַלץ, וואָס עס שטערט צו זען דאָס עסענציעלע פון דער סטאַטוע, וואָס ער זעט אין זיין שעפערישער פאָרשטעלונג. ס׳וואָלט געווען אוממעגלעך צוצוגעבן אָדער אַראָפּנעמען עפּעס פון זיינער אַ פראַזע, נישט פאַרגוואַלטיקנדיק דערביי איר אָרגאַנישע איינהייט.

דאַקעגן, זרובבלס פאָרם פון רעדן איז שטענדיק פון אַ מאָלער, און אַ מאָלער אַ פּייזאַזשיסט, ביי וועמען סינאָנימען־רייכקייט, און, נאָך מער, אַדיעק־טיוון־פילבאַרקייט זענען אַן עסענציעלער פאַקטאָר אין דער רעאַליזירונג פון זיין קינסטלערישן צוועק. ווען מ׳דערמאָנט זיך אין אַ זרובבל־„קרע־סטשענדאָ״, ווי, צום ביישפּיל, „מערער, שאַרפער, קאָנקרעטער, פיינלעכער, טראַגישער״ אָדער אַזאַ מין שילדערונג, ווי „ברייטער און פולער, ווייטער און העכער״, — באַגרייפט מען בעסער, וואָס ס׳איז געמיינט מיט „רעדנער־מאָלער״.

ס׳זענען אָבער אויך דאָ קינסטלער־רעדנער, וואָס זייער אָראַטאָריק שטעלט מיט זיך פאָר אַ סימביאָז פון אָט די צוויי הויפּט־פאָרמען פון רעד־

נער־קונסט. איינע אָדער די צווייטע פון אָט די צוויי פאָרמען קריגט אין זייער רעדן די אויבערהאַנט, ווען אַזוי פּאָדערט אַ געוויסער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט, אַ געוויסע עמאָציאָנעלע שפּאַנונג אָדער אַ געוויסער הויכפּונקט.

דר. דוב ביעגון, דער קינסטלער־רעדנער, פאַרקערפּערט מיט זיך די פיינע קאָמבינאַציע, וואָס נישט אָפט געפינט מען איר אויף דער רעדנער־טריבונע.

— 2 —

צו דעם זשיטלאָווסקי־טיפּ פון קינסטלער־רעדנער דערנענטערט זיך זיין אויסערגעוויינלעך דיסציפּלינירטער אינטעלעקט. נישט ווייניק האָט צו אָט דער אינטעלעקטועלער דיסציפּלינירטקייט בייגעטראָגן זיין טיפער און פאַרצווייגטער שטודיום פון עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן, אין וועלכע די שטרענגע און עקזאַקטע שפּראַך פון מאַטעמאַטיק איז שטענדיק אין הינטערגרונט און שפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע.

אָבער אויך זיין פאַרליבע צו לאַטיין און צו דער קלאַסישער ליטעראַטור אין אָט דער שפּראַך, האָט געהאָלפן אַרויסצוברענגען אין אָט דעם קינסטלער־רעדנער די נייגונג צו עקזאַקטקייט. לאַטיין איז אַ שפּראַך, וואָס לויט איר גאַנצן געבוי דערלויבט זי נישט קיין אָפּווייכונגען און צווינגלט צו „תוך"־רעדן. לאַטיין דערלויבט, אָרגאַניש, נישט קיין צו־שוומענקייט. זי איז אפשר געווען די אַממייסטן סעמאַנטישע שפּראַך, ווען מ'האָט נאָך אַפילו נישט פאַרדעכטיקט, אַז ס'וועט אַמאָל — דורך קאָזשובסקין — געשאַפן ווערן די וויסנשאַפט פון סעמאַנטיק.

אפשר דערפאַר איז עס ביי אים, ווען זיין רעדן טראָגט אָן א י נ פ אָ ר מ י ר נ ד י ק ן כאַראַקטער, „אַ רענדל אַן אַדיעקטיוו". אָנשטאָט צו באַ־פאַרבן זיינע דאַטן און פאַקטן דורך אַדיעקטיוון, גיט ער אין זיי אַריין עפּעס אַ מין אייגן לעבן, און זיינע סטאַטיסטישע דאַטן, ווי, צום ביישפּיל, פּראָצענטן, נעמען אויף זיך אַרויף „פליי־ש און הויט" און באַוועגן זיך ווי לעבעדיקע פּערסאָנאַזשן אויף דער סצענע פון עקאָנאָמיש־סאָציאַלע דער־שיינונגען. ער פאַרמענטשלעכט, אַזוי צו זאָגן, טרוקענע סטאַטיסטיק, און מאַכט אונדז פאַר צושויער פון אירע געגנג און אומגענג. עקאָנאָמיק, אויס־געדריקט דורך דוב ביעגונס רעדנער־קונסט, פאַרלירט איר אַקאַדעמישע טרוקנקייט און ווערט פונקט אַזוי פאַסצינירנד, ווי די פּערסאָנאַזשן אין אַ קינסטלעריש־געלונגענעם בילד פון וואָלט דיסני, מיט פאַרנעם און שוווּנג. נאָך מער: ניט זעלטן איז זיין עקספּאָזיציע אויף דעם געביט פון עקאָנאָמיק, אָנגעהויכט מיט דער חנוודיקייט פון גוטמוטיקן הומאָר.

ער איז בכלל נישט פון דעם מין „אַקאַדעמישן", פּייערלעכן, אַזוי צ־

זאָגן רעדנער. ער טראָגט קיינמאָל ניט די „אַקאַדעמישע באָרד", און דער טאָן פון :מאַגיסטער דיקסיט" איז אים אינגאַנצן פרעמד. ווי ערנסט זיין טעמע זאָל נישט זיין, און ווי שווער און קאָמפּליצירט ס'זאָל נישט זיין דער ענין, וואָס ער האָט זיך פאַרגענומען מסביר צו זיין — בלייבט ביעגון שטענדיק דער גוטער חבר פון צוהערער, וועמען ער פירט דורך געדאַנקלעכע לאַבירינטן, שטענדיק מיט אַ ליבלעכן שמייכל אויף די ליפּן. דערפאַר גייט טאַקע דער צוהערער גערן מיט אים מיט, און אַפילו ווען דער ענין פאָדערט אַ געדאַנקלעכע אָנשטרענגונג, מאַכט מען, אָן שום ווידערשטאַנד, דורך די נייטיקע טראַיעקטאָריע. דער הומאַניסטישער הינטערגרונט, אָדער ווי דאָס ווערט אויסגעדריקט אין ענגליש, דער „היומען טאָטש", פון זיין רעדן, שאַפט גלייך פון אָנהייב דעם קעגנזייטיקן שטראָם פון גייסטיקער סימפּאַטיע צווישן רעדנער און אוידיטאָריע, און דאָס דינט ווי אַ גאָר טאָ־לידע באַזע פאַר דער אויפמערקזאַמקייט מצד די צוהערער, וואָס האַלט אָן ביזן סוף, ספּעציעל נאָך צוליב דעם, וואָס ער, דער קינסטלער־רעדנער, האָט זיך דערגרונטעוועט צום סוד פון אויסדריקן דעם מאַקסימום פון גע־דאַנקלעכן אינהאַלט אין דעם מינימום פון בילדלעכע, און דערפאַר אויך ווירקזאַמע, ווערטער.

— 3 —

זייט ביי זייט מיט זשיטלאָווסקיס סקולפּטור־מעסיקייט גייט אין דוב ביעגונס רעדנער־מייסטערשאַפט זרובבלס פּייזאַזש־מעסיקייט. זי באַווייזט זיך, ווען ער דאַרף זיין דער אינטערפּרעטירנדיקער אָראַטאָר, דאָס הייסט, ווען ער קאָמענטירט פאַקטן, געשעענישן אָדער דערשיינונגען מיטן צוועק צוצוקומען צו אונדזער אינטעלעקט נישט אויף אַ דירעקטן אופן, נאָר דורך דעם זייער וויכטיקן און ווירקזאַמען אומוועג פון אונדזער געפיל, וואָס צו דעם איז די ווירקונג אויף אונדזער פאַרשטעלונגס־קראַפט אַ „סינע קוואַ נאָן".

אָבער אויך אין אַזעלכע פאַלן ווערט ער ניט אָפּן־ליריש, און נאָך ווייניקער סענטימענטאַל. ער רעדט קיינמאָל נישט „זיס". לאַקריץ־זיסע מעלאָדראַמאַטיק, ערזאַץ פון ריינעם און שטאַרקן געפיל, איז אים אָרגאַניש פרעמד, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס אַלץ, וואָס איז באַנאַל אָדער איז אויף דער געפערלעכער גרענעץ פון באַנאַליטעט, איז לכתחילה „אויסגעשאַל־טעט" פון זיין רעדנערשאַפט. ער איז שטענדיק דער „עפּישער", גייסטיק, מער מענטלעכער טיפּ פון קינסטלער־רעדנער. אַזוי, צום ביישפּיל, גיט זיך אים איין אַפילו ווען ער רעדט אויף אַזאַ, מיט ספּעציעלע געפאַרן פון סענ־טימענטאַלן טראַפאַרעט אָנגעלאָדענע טעמע, ווי דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, נישט אַריינצופאַלן אין דער פאַסטקע פון סענטימענ־

טאַליטעט און מעלאָדראַמאַטיק. ער רעדט דאַן עפּיש־דראַמאַטיש און מאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק.

אָבער אין די ראַמען פון אַזאַ מ ע נ ל ע כ ע ר אַראַטאָריק באַנוצט ער זיין מייסטערשאַפט כדי צו באַווירקן די צוהערער ווי אַ מ אָ ל ע ר. מיר באַקומען דאַן צו הערן וואָרט־פּייזאַזשן פון דעם עכטן זרובבל־זשאַנר.

אין אַזעלכע פאַלן פאַרשווינדט זיין קאַרגשאַפט אויף אַדיעקטיוון. זיין שפּראַך ווערט דאַן באַזונדערס קאָלירפול דורך דער ניואַנסן־רייכקייט, וואָס דוב ביעגון ברענגט דורך זיי אין איר אַריין. „נישט מיר, די רואיקע, די זאַטע, די באַלעבאַטישע קענען...". אין אָט דעם וואָרט־פּייזאַזש גיט יעדער פון די דריי אַריינגענומענע אַדיעקטיוון צו אַ באַזונדערן ניואַנס צו דעם, גרונטזעצלעך, זעלביקן בילד. אָט די ניואַנסן־רייכקייט, וואָס זאָגט עדות אויף ביעגונס מייסטערשאַפט אין דעם באַנוצן זיך מיט סינאָ־נימען, מאַכט עס זיין רעדן אַזוי איינדרוקספול.

אָדער אַזאַ מין וואָרט — פּייזאַזש: „די מיליאָנען־קאָליריקע, לאַכנדיקע קעפּלעך פון בלימעלעך". אויב דער אויסדרוק „מיליאָנען־קאָליריקע" מאַכט אייך זען און רייצט אייער פאַרשטעלונג־קראַפט, מוזן די ל אַ כ נ־ ד י ק ע קעפּלעך פון די בלימעלעך געבן דעם צוהערער פריידיקייט. האָט דער רעדנער, מיט אָט דער פראַזע, אַפּעלירט גלייכצייטיק צו אונדזער פאַנ־טאַזיע און צו אונדזער געפיל.

ב י ל ד ל ע כ ק י י ט איז איינער פון די גרונט־עלעמענטן ביי אַ קינסטלער־רעדנער. אָט די מעלה באַזיצט דוב ביעגון אין אַ סופּערלאַ־טיווער מדרגה. ס'וועט גענוג זיין מיט בלויז צווייביישפּילן:

„די פעלדער ה י ל כ ן מיטן געשריי פון די גבורים" (בילדלעכקייט, אוידיטיוו געמומען).

„ווי אַ ש אָ ט ן גייען אַרום צווישן אונדז די זכרונות (וויזועלע בילד־לעכקייט).

— 4 —

נישט פון קליינער וויכטיקייט, און שוין גאָרנישט מיט דער האַנט אָוועק־צומאַכן, איז ביי אַן אָראַטאָר דער ענין שטימע און פון איר מאָדולאַציע ווי אויך פון זשעסטיקולאַציע.

די נאַטור האָט דעם מייסטער־רעדנער ביעגון באַשאָנקען מיט אַ שטימע, וואָס איז אי שטאַרק, אי בויגעוודיק, אַזוי אַז ער קען, ווען ס'איז נייטיק, אַרויסברענגען אין איין און דעם זעלבן וואָרט מ ע ר ווי בלויז איין אַקצענט. אַזוי, צום ביישפּיל, אין זיינער אַ פראַזע: „ס'איז אויפגעשטיגן פון די מאַסן־קברים דער געשריי", פאַרמירט ביעגון דאָס וואָרט „אויפגעשטיגן" „קרע־

סטשעגדאָ״־מעסיק, און מאַכט דעם פּראָצעס פון אויפשטייגן ממש וויזואַל פאַרן צוהערער.

גאַנץ אָפט פּאַסירט, אַז דאָס פעלן פון גוטער מאָדולאַציע מאַכט, וואָס שייך דעם צוהערער, צו נישט אַלע אַ נ ד ע ר ע מעלות פון אַ רעדנער, ווייל עס מאַכט זיין רעדן איינטאָניק און במילא לאַנגווייליק. דוב ביעגונס מאָדולירונג איז אַ נחת פאַרן אויער פון אַ מוזיקאַליש געניטן צוהערער.

צו מאַכן זיין כאַראַקטעריסטיק, ווי אַ קינסטלער־רעדנער פול, פעלט נאָך בלויז צו אונטערשטרייכן זיין אַריסטאָקראַטישע עקאָנאָמישקייט אין זשעסט, וואָס טאַקע צוליב איר איז יעדע פון זיינע האַנט־באַוועגונגען איינדרוקספול.

.1957

# אַ בערל פרימער רעפּעראַט

## (שטריכן צו דער כאַראַקטערסטיק פון זיין רעדנער-קונסט)

דער אויסערלעכער איינדרוק פון בערל פרימערס רעדן אין דער עפנטלעכקייט; דער איינדרוק, פון אויסשליסלעכן געהער־שטאַנדפונקט, — איז ווי פון אַברייטן טייך, וואָס זיין שטראָם איז מעכטיק, און דער רויש פון זיינע כוואַליעס איז ריטמיש, וואָס דאָס אַלץ צוזאַמען שאַפט אין דעם באַאָבאַכטער אַ געפיל פון באַדאַכטער רואיקייט.

ס'איז דאָ אין זיין רעדן אַן אַנגענעמע רחוותדיקייט. נישט נאָר האָט יעדער זאַץ אין דעם פּעריאָד און יעדעס וואָרט אין דעם זאַץ אַן אייגענעם קלאַנגלעכן קאָלאָריט; עס האָט אים אויך יעדער וואָקאַל אין דעם וואָרט. אויב ס'איז דאָ אַזאַ זאַך ווי קלאַנגלעכע פּלאַסטישקייט — און עס איז דאָ — באַזיצט איר ד"ר פרימער אין אַ פולער מאָס.

ראָסיני, דער אומשטערבלעכער קאָמפּאָזיטאָר פון „ווילהעלם טעל" און „באַרבעראָ דע סעוויאַ", האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז כדי צו זיין אַ זינגער, דאַרף מען האָבן דריי זאַכן: שטימע, שטימע און שטימע.

אַ רעדנער איז אַ מוזיקאַלישער רעדנער, אָדער ער איז עס אינגאַנצן נישט. איז שוין במילא אויך פאַר אים גילטיק ראָסיניס נאָרמע: ער מוז האָבן שטימע, שטימע און שטימע, כאָטש דאָס אַליין מאַכט אים נאָך נישט פאַר קיין רעדנער.

בערל פרימער האָט אַ פּרעכטיקע שטימע, סיי וואָס שייך איר אומפאַנג, און סיי וואָס שייך איר קוואַליטעט. ער באַזיצט, שטימלעך, די גאַנצע קלאַנג־לעכע גאַמע: אָנהויבנדיק מיט „קולות וברקים" און ענדיקנדיק מיט „קול דממה דקה", מ'וואָלט געקענט זאָגן: מיט פאַלצעט. זיין מיטל־רעגיסטער איז אָנגענעם־אָנציענד און שאַפט פאַרטרויען צום רעדנער.

די דערמאָנטע קלאַנגלעכע פּלאַסטישקייט דערמעגלעכט אים זיך צו באַנוצן מיט אַ דיקציע, וואָס נישט איין אַקטיאָר מעג אים מקנא זיין. פרימערס אופן אַקצענטירן גיט יעדער וואָקאַל־זילבע אין וואָרט די מעג־

לעכקייט זיך אויסצולעבן פולבלוטיק, אַזוי צו זאָגן. זיין קאָנטראַסטירן די פאַרשידענע אַקצענטן איז ממש אַ קלאַנגלעכער ספּעקטאַקל.

וואָס שייך שטימע און דעם ראַציאָנעלן אויסנוצן אירע מעגלעכקייטן, איז ד"ר פּרימער דער געבוירענער אָראַטאָר, דער מייסטער פון דעם קלאַנג־לעכן ניואַנס.

— 2 —

שטימע איז אָבער נישט מער ווי אַ פּאָר־באַדינג. דאָס זעלבע איז מיט מוזיקאַלישקייט, וואָס בערל פּרימער באַזיצט ביידע אין דער פולסטער מאָס.

די שטימע און די מוזיקאַלישקייט שטייען ביי דעם עכטן רעדנער צו דינסט דער שפּראַך, בעסער געזאָגט, דער שפּראַך־שיינקייט, וואָס דאָס מיינט ראשית כל די מייסטערשאַפט וואָס שייך דעם באַנוץ פון סינאָנימען, סיי אויף דעם געביט פון אַדיעקטיוו, און סיי אין דעם קעניגרייך פון ווערב.

ד"ר פּרימער באַזיצט דעם צויבער פון דעם ערשטן און די מאַגיק פון דעם צווייטן. ער האָט געוווסט ווי צו עפענען פאַר זיך די אוצרות פון דער יידישער שפּראַך, און זיין רעדן מיניעט מיט דעם בליץ פון שפּראַכלעכע דימענטן, וואָס ס'זענען די סינאָנימען, ווען זיי ווערן באַנוצט אויפן ריכטיקן פּלאַץ און אין דעם ריכטיקן פּסיכאָלאָגישן מאָמענט.

אַזוי, צום ביישפּיל איז הערצל, ווען געזען דורך זיין, פּרימערס, שפּראַכ־לעכער פּריזמע, די „הערצישע, טראַגישע, אין לעגענדעס פאַרהילטע, משיחישע פערזענלעכקייט פונעם שאַפער פון פּאָליטישן ציוניזם". ער, הערצל איז געווען דער „שפּילעוודיקער, סובטעלער, אייראָפּעאיש־געשול־טער, עלעגאַנטער אייראָפּעאישער פעליעטאָניסט". זשאַבאָטינסקי, „דאָס וווּנדערקינד פון שפּראַכנקענטשאַפט, איז געווען דער ליבעראַל פון דער גוטער, אַלטער הומאַניסטישער שולע פון רוסלאַנד".

— 3 —

דער טאָן, זאָגט מען, מאַכט די מוזיק. ד"ר פּרימער שלאָגט אָן אַ טאָן, וואָס ס'איז ערגעץ אין מיטל־פּונקט צווישן אַקאַדעמישער פייערלעכ־קייט און פּאָלקסטימלעכער פּשוּטוּת. נישטאָ אין זיין רעדן קיין אַקאַדעמישע פּעדאַנקטישקייט און אויך גאָרנישט וואָס שמעקט מיט „פּאָפּולאַרשטשינע". אָט אין זיינע אַ פראַזע, וואָס איז טיפּיש אין אָט דער הינזיכט:

„אָרגאַנישע מחלות היילט מען נישט מיט באַבסקע רפואות פון פּרעס־טיזש־אָפּשפּראַכן".

מיט אַזאַ מין שפּראַך צו זיין דיספּאָזיציע, האָט דער רעדנער שוין האַלב

געוווּנען זיין אָראַטאָרישע שלאַכט, אַזוי צו זאָגן. איר בילדלעכקייט פאַר־כאַפּט די צוהערער און האַלט זיי געשפּאַנט; האָבן דאָך פּסיכאָלאָגן שוין לאַנג דערקלערט, און פּעדאַגאָגן באַשטעטיקן עס: אַ נאָענטערער און מער זיכערער וועג צום אינטעלעקט פון צוהערער, איז בילדלעכקייט פון דעם אויסדרוק, די געלונגענקייט פון די ווערטער־קאָמבינאַציעס.

— 4 —

ווען צו דעם קומט נאָך צו שלאָגפערטיקייט, דאָס הייסט דעם רעדנערס פעאיקייט יעדעסמאָל אויפסניי צו איבעררעשן די צוהערער, יעדעסמאָל אויפסניי, מיט אײנפאַלרייכע פאָרמען פאַר זיין געדאַנק, האָט ער די צוהע־רערשאַפט פולשטענדיק אין זיין מאַכט. זי איז פאַרגאַפט. „איך האָב מורא פאַר בלויז צדקות, אַ ביסל זינד איז גוט פאַרן מענטשן", אַזעלכע לאַפּידאַרע פראַזן עפענען פאַרן רעדנער די געוויינלעך פאַרמאַכטע טויערן פון די צוהערערס אינטימיטעט־געפיל; זיי דערפילן זיך נאָענט צו אים, וואָס דאָס מאַכט לייכטער זיין אויפגאַבע פון באַווירקן די אוידיטאָריע.

און פאַרגעסט נישט פרימערס ספעציעלע באַגאַבונג צום איראָניזירן:

„העברעאיש האָבן זיי אַזוי ליב, אַז זיי וואָגן נישט דערצו צוצוטרעטן".

פונקט אַזוי איז ער אַ מאַדים אויף שלאַגפערטיקע דעפיניציעס, וואָס לאָזן דעם צוהערער גלייכצייטיק איבעררעשט און אַנטציקט, ווי ווען ער זאָגט, צום ביישפּיל, אַז „כנעניזם איז די אידעאָלאָגיע פון ישראלדיקע עמי הארצים".

און אויך די גאָרנישט לייכטע קונסט פון זיין עפּיגראַמאַטיש, באַהערשט בערל פרימער אין גאַר אַ גרויסער מאָס. אָט איז זיינער אַן עפּיגראַמאַטי־שער אויסדרוק, דאָס הייסט אַזאַ, וואָס פאַרלירט נישט זיין געדאַנקלעכן ווערט און זיין פאָרם־שיינקייט אויך אויסערהאַלב דעם קאָנטעקסט פון דער רעדע, אין וועלכער ער איז באַנוצט געוואָרן:

זאָגט נישט: „אַלץ אָדער גאָרנישט", אָבער נאָך וויניקער זאָגט: „גאָר־נישט איז אַלץ".

און פונקט אַזוי ווי ביי יעדן רעדנער מיט אינטעלעקטועלן פאַרנעם און גייסטיקן שווונג, געפינט איר אויך אין ד"ר פרימערס אַ רעדע איין אָדער עטלעכע געדאַנקען, וואָס לאָזן זיך אַנטוויקלען, בעסער געזאָגט, זיי בעטן זיך אַנטוויקלט צו ווערן אויף אַ לענגערן און ברייטערן אופן, אין אַ עסיי־פאָרם. צו אַזעלכע געהערט, צום ביישפּיל, זיין פאַרלאַנג, אַז „זיי זאָלן דענקען וועגן יידן נישט געאָגראַפיש, נאָר היסטאָריש".

— 5 —

געדאַנקלעך, געהערט ד"ר בערל פרימער צו די, מיט וויסן און קולטור

אַנגעלאָדנסטע יידישע רעדנער פון אונדזער צייט. טיף פאַרוואָרצלט אין יידישן פאָלקסטום, האָט ער זיך אויך אינטעגרירט אין דער גרויסער וועלט, און זיי ביידע, שם און יפת, זיין אָרגאַנישע יידישקייט און די גרויסע נישט יידישע קולטור־וועלט, לעבן זיך אין אים אויס אין אַ גליקלעכן סימביאָזיס, וואָס מאַכט זיין רעדן אין דער עפנטלעכקייט פאַר אַ זעלטענע דערפאַרונג, סיי פון עסטעטישן, און סיי פון גייסטיק־אינטעלעקטועלן שטאַנדפּונקט.

.1960

# מינקאָוו, דער אַקאַדעמישער לעקטאָר

ווען דער פאַרשטאָרבענער פּראָפעסאָר פון דער באַרימטער ניו־יאָרקער „היכשול פאַר סאָציאַלער פאָרשונג" און געוועזענער גאַסט־פּראָפעסאָר פון דעם הומאַניסטישן פאַקולטעט, וואָס האָט אַ קורצע צייט עקזיסטירט ביי דער גרויסער יידישער שול אין מעקסיקע, פלעגט האָבן אָנגעהויבן זיין עקספּאָזיציע, זיינען געווען גענוג בלויז עטלעכע מינוט, אַז זיין סטודענטישע צוהערערשאַפט זאָל זיין נישט בלויז פאַראינטערעסירט, נאָר טאַקע ממש פאַסצינירט. ס'פלעגט גלייך געשאַפן ווערן יענער קעגנזייטיקער אינטעלעקטועלער קאָנטאַקט צווישן דעם לעקטאָר און זיין אודיטאָריע, וואָס האַלט געשפּאַנט די צוהערער און אינספּירירט דעם לעקטאָר.

ס'פלעגט מינקאָוון שטענדיק געלינגען גלייך פון אָנהייב צו שאַפן אין קלאַס (פּונקט אַזוי ווי אין קאָנפערענץ־זאַל) דאָס, וואָס אין ענגליש רופט מען עס „אימפּאָנדעראַבל": עפּעס, וואָס מיט דער האַנט עס אָנטאַפּן קען מען נישט, און דאָך איז ווי צו יענעם לעקטאָר, וואָס באַוויזט עס נישט צו באַשאַפן: אַטמאָספערע, יענע אַבסאָרבירטקייט פון יעדן צוהערער, וואָס די שטילקייט, אין וועלכער מע קען הערן „דאָס זשומען פון אַ פליג", איז איר בעסטער סימן.

און ס'איז קיין וואונדער נישט. פּראָפעסאָר מינקאָוו איז אויף דער קאַטעדרע, ווי אַן אַקאַדעמישער רעדנער, געווען די פאַרקערפּערונג פון דער — צום באַדויערן, אַזוי זעלטענער — קאָמבינאַציע פון אַ וויסנשאַפטלער, וואָס איז באַוואָפנט מיט גרויסן וויסן אויף דעם געביט פון זיין אַקאַדעמישער ספּעציאַליטעט, און גלייכצייטיק אַ באַהאַוונטן אין אַלע אַנדערע געביטן, וואָס געפינען זיך, דירעקט אָדער אומדירעקט, אין שייכות מיט איר.

מינקאָוו איז געווען סוועדען נישט נאָר ווי אַ גרינטלעכער קענער פון דער יידישער ליטעראַטור און איר געשיכטע, נאָר אויך אין אַלע וויסנשאַפטלעכע דיסציפּלינען, וואָס זענען מיט זיי פאַרבונדן, ווי, צום ביישפּיל, די פאַרשידענע שפּראַכן און ליטעראַטורן, וואָס האָבן אין פאַרלויף פון די

יאָרהונדערטן אויסגעאיבט אַ דירעקטע אָדער אומדירעקטע השפּעה אויף דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור.

ער פלעגט שווימען, ווי אַ פיש אין וואַסער, אין דער יידישער און אין דער אַלגעמיינער געשיכטע, און איז געווען אַ בקי אין אַלע צווייגן און אָפּצווייגן פון דער מאָדערנער אינדיווידועלער און סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע, פּליוס אַלע וועגן און אומוועגן פון פּסיכאָאַנאַליז, וואָס זענען אַזאַ באַדייטנדי־קע הילף ביים אַריינדרינגען אין דעם אמתן וועזן פון אַ סך קאַפּיטלען און פון גאַנצע ווערק פון קינסטלערישער ליטעראַטור, אין וועלכער שפּראַך ס'זאָל נישט זיין.

— 2 —

אָבער אַט דער אַקאַדעמיקער, מיט זיין גרויסן אַרסענאַל פון פאַקטן, דאַטן און איינפאַלרייכע השערות, האָט דערצו נאָך באַזעסן אויף דער קאַ־טעדרע, צוזאַמען מיט זיין שטרענגער וויסנשאַפטלעכער אָביעקטיווקייט, אויך דאָס, וואָס אויף ענגליש רופט מען עס „די היומען טאַטש" — דאָס ביסעלע וואַרעמע מענטשלעכקייט, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ פיינעם הויש פאַר הומאָר. אָפט פלעגט אויף זיינער אַ לעקציע די פּסיכאָלאָגישע שפּאַנונג ווערן אָנטשפּאַנט דורך אַ געלונגענעם וויץ, דורך אַן אַנעקדאָט, וואָס פלעגט זיך גלענצנדיק אַריינפּאַסן אין דער סיטואַציע; און די צוהערער, אָפּגעפרישטע, פלעגן ווידער אַ מאָל זיין גרייט אַרונטערצופאַלן אונטער דער ווירקונג פון דעם פּראָפעסאָרס אינהאַלטפולן וואָרט; און ווען ער פלעגט דאַרפן איבערגעבן דעם אינהאַלט פון אַ ווערק, פלעגט ער זיך פאַר דער צוהערערשאַפט אַנטפּלעקן ווי אַן אַנטציקנדיקער דערציילער, ווי אַ מייסטער־דערציילער.

אין די אויגן פון זיינע סטודענטן פלעגט מען נישט זעלטן קענען זען די פּאַרגאַפּטקייט פון „אַליס אין דעם וואונדערלאַנד"; און ווען זיין לעקציע פלעגט זיין געענדיקט, פלעגט דער סוף קומען אין אַ מאָמענט, ווען די צוהערער זיינען נישט נאָר נאָך נישט געווען מידע, נאָר האָבן, אומגעקערט, נאָך געקענט אים הערן און הערן, וואָס דאָס איז אַן עכטער סימן פון גאָר אַ גוטן רעדנער.

מינקאָוו אויף דער קאַטעדרע איז געווען דער קעגנזאַץ פון פּעדאַנטיש־קייט, פון „מאַגיסטער דיקסיט", פון קבלו דעתי. זיין דיסקורס פלעגט פליסן רואיק און נאַטירלעך. דאָס איז געווען יענע רואיקייט, וואָס קומט פון טיפן וויסן און פון פאַרוואָרצלטע איבערצייגונגען. זיין ערודיציע איז נישט געווען פון יענעם מין, וואָס צוליב דעם „אַרכיוו־ריח", וואָס טראָגט זיך איר נאָך, איז זי ביכולת „אַוועקצוהרגענען" די אוידיטאָריע; ס'איז געווען וויסנשאַפט, וואָס ווערט דורך דעם לעקטאָר איבערגעגעבן, אַזוי צו

זאָגן, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. פּראָפעסאָר מינקאָווס אַ לעקציע פלעגט זיין ווי אַ גערעדטע פיינע עסיי.

אָט דער מוסטערהאַפטער אופן פון פירן אַן אַקאַדעמישע לעקציע, פלעגט עס מאַכן, אַז ווען ער פלעגט ענדיקן, פלעגן זיך זיינע צוהערער פילן פונקט אַזוי באַפרידיקט און צופרידן, ווי ס'פילן זיך מוזיק־ליבהאָבער, צו־ריקקערנדיק זיך אַהיים נאָך אַ שיינעם, אַלזייטיק געלונגענעם קאָנצערט.

— 3 —

אויפן געביט פון אַקאַדעמישער רעדנעריי זיינען דאָ צוויי קעגנגע־זעצטע טיפּן. דער ערשטער איז דער פון דעם „טרוקענעם אַקאַדעמיקער", וואָס פאַר זיינע צוהערער איז ער די פאַרקערפּערונג פון אַ גענעץ אין דער פאָרם פון אַ מענטש; אין דעם צווייטן טיפּ טרעפן זיך צוזאַמען און פאַר־שמעלצן זיך, בילדנדיק אַ נישט־צעטיילבאַרע איינהייט, דער שטרענגער וויסנשאַפטלער און דער קינסטלער־דערציילער, אין וועמענס רייד עס הערט זיך דאָ און דאָרט אַ לירישער אונטערטאָן. אין אָט דעם טיפּ אַקאַדעמישן לעקטאָר שליסט דער אינטעלעקט נישט אויס דעם עלעמענט פון עמאָציע; נאָך מער, ער קען אין געוויסע מאָמענטן אפילו זיין פּאַטעטיש, כאָטש ער דאַרף אין אַזעלכע פאַלן נישט אָנקומען צו שטים־טעאַטראַלישקייט. ס'איז גענוג אַן עטוואָס שטאַרקערע וויברירונג פון דער שטימע, אַז אָט די איינגעפּרעסטע עמאָציע זאָל זיך מאַכן פילבאַר. אין די ראַמען פון „פּיאַנאָ" אָדער, העכסטנס, פון „מעצאָ־פאָרטע" קען ער אויסדריקן די גאַנצע גאַמע פון געפיל־ניואַנסן.

דער לעקטאָר־מומיע, דער „טרוקענער אַקאַדעמיקער", באַנוצט אַ שפּראַך, וואָס איז אַזוי טרוקן, ווי אַ סקעלעט, וואָס איז אויפגעשטעלט אין אַ לערן־זאַל פון זאָאָלאָגיע; ער ווייסט גאָרנישט פון דעם דערפרישנ־דיקן עפעקט, וואָס ס'מאַכן אויף דער צוהערערשאַפט די אַדיעקטיוון־רייכ־קייט און די רעגנבויגן־שיינקייט פון דער שפּראַכלעכער קלאַנג־פאַרביקייט. ס'איז אים אויך אומבאַקאַנט דער צויבער, וועלכן ס'גיט צו צו דער עקס־פּאָזיציע די „באַרג־און־טאָליקייט" פון דער שפּראַך. זיין אופן רעדן איז פלאַכקייט — די פלאַכקייט פון אַ מדבר, ווו איבער פּרוכטלאָזן באָדן קייקלען זיך דיונעס זאַמד.

גאַנץ אַנדערש רעדט אָבער אויף דער אַקאַדעמישער קאַטעדרע דער לעקטאָר־קינסטלער. זיין שפּראַך איז בילדלעך, און זי איז געווענדט פונקט אַזוי צום צוהערערס אינטעלעקט, ווי צו זיינע עמאָציעס און צו זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט. ער רעדט מיט אַ געוויסן אינערלעכן פּאַטאָס, וואָס גיט זיך איבער דער אוידיטאָריע. זיין דיסקורס איז פולבלוטיק און פיל־פאַרביק, און אין קורצע פראַזע, וואָס שאַפט אין דעם גייסט פון דעם צו־

הערער אַ בילד, איז מער ווירקזאַם, ווי אַ גאַנצער פעריאָד פון אַ „טרוקענעם אַקאַדעמיקער". דער לעקאָר — מומיע שלעפּערט איין זיינע צוהערער; דער לעקטאָר־קינסטלער גאַלוואַניזירט זייער געדאַנק און מאַכט זייער גייסטיקן פּולס שלאָגן קרעפּטיקער.

צו אָט דעם צווייטן, ווייט נישט צו אָפּטן, טיפּ פון אַקאַדעמישן לעקטאָר, האָט געהערט פּראָפעסאָר מינקאָוו. ער האָט אין זיך פאַרקערפּערט אויף דער קאַטעדרע דעם לעקטאָר־קינסטלער „פּאַר עקסצעלאַנס", וועמענס וואָרט ס'איז אַ גענוס פאַרן אויער, אַ באַרייכערונג פון דעם צוהערערס וויסן און אַ שעפּערישע אָנרעגונג פאַר זיין געדאַנק.

— 4 —

די ווערטער „אַקאַדעמיקער" און „אַקאַדעמיש" געפינען געוויינלעך נישט געוונג לייטזעליקייט ביי אַ היינטצייטיקן לייענער. זיי זיינען גאָר אָפט ביי אים פאַרבונדן מיט פּעדאַנטישקייט און לאַנגווייליקייט, מיט שטויב פון אַרכיוון.

ווען מיר שטעלן אָבער דעם באַגריף „אַקאַדעמיקער" אַוועק צוריק אויף זיין ריכטיקן פּלאַץ, דאָס הייסט, ווען מיר טייטשן דאָס וואָרט אויס, ווי עס דאַרף אויסגעטייטשט ווערן: ווי אַ געלערנטן, וואָס, באַזיצנדיק גרויסן וויסן, טיילט ער זיך מיט אָט דעם וויסן מיט אַנדערע, וואָס זיינען ווילִיק אים צו געניסן, אין וואָרט צי אין שריפט, און ער טוט עס נישט אויף אַ טרוקענעם, פּעדאַנטישן, לאַנגווייליקן אופן, נאָר מיט אַ סך מענטשלעכער וואַרעמקייט, אָנרעגנדיק זיינע צוהערער אָדער לייענער צום דענקען און נאָכטראַכטן, — דאַן איז נחום ברוך מינקאָוו געווען די פּערזאָניפיצירונג פון אמתער אַקאַדעמישקייט.

ווי יעדער אמתער אַקאַדעמיקער, אין אָט דעם זין, פלעגט ער ביי זיינע צוהערער נישט קולטיווירן קיין גייסטיקע אינערציע, נאָר, אומגעקערט, ער פלעגט ביי זיי אַרויסרופן גייסטיקע אומרו, אויסגעדריקט אין טיפן אַקטיוון אינטערעס. ס'איז שווער צו געפינען אַ גרעסערן און מער אומקאָמפּראָמיס־לעכן שונא פון יעדן מין רוטין, ווי דאָס איז געווען אויף דער קאַטעדרע דער פאַרשטאָרבענער פּראָפעסאָר מינקאָוו.

ער פלעגט זיינע לעקציעס וועגן יידישער ליטעראַטור און ליטעראַטור־געשיכטע האַלטן אונטערן צייכן פון אַ ליכט־אויסשטראַלנדיקן הומאַניזם. זיין אופן פון באַהאַנדלען ליטעראַרישע ווערק האָט עדות געזאָגט וועגן זיין פונדאַמענטאַלן צוגאַנג צו דער וועלט פון ליטעראַטור. ס'איז קלאָר געווען, אַז ער פלעגט זיך אָפּגעבן דין וחשבון וועגן דעם, אַז הינטער די ווערק, וואָס ער האָט אַנאַליזירט, שטייען מענטשן, לעבעדיקע מענטשן, מיט זייערעליידן און פריידן, מיט זייערע האָפענונגען און אַנטוישונגען,

מיט זייער ליבע און האַס. דער אינטערעס פֿון מינקאָוון, דעם אַקאַדעמישן לעקטאָר, איז געווען פֿאַרוואָרצלט נישט בלויז אין דער ליטעראַרישער און קינסטלערישער שאַפֿונג, נאָר אויך, און אין דער זעלבער מאָס, אין דעם שאַפֿער און אין זיינע מיטמענטשן.

— 5 —

און נאָך איין שטריך:

ווען מען פֿלעגט הערן מינקאָוון „עקס קאַטעדראַ", פֿלעגט מען פֿאַר זיך האָבן איינעם פֿון די שענסטע סימביאָזן, וואָס מ'קען זיך פֿאָרשטעלן: דאָס צוזאַמענלעבן אין אים, אין אַ באמת קלאַסישער פּראָפּאָרץ, פֿון אַ וויסנשאַפֿטלער מיט אַ פֿאַרוואָרצלטער ליבע צו געאָרדנטקייט און סיס־טעמאַטישקייט, און פֿון אַ וואָרט־קינסטלער פֿון גאָטס גנאָד, וואָס דאָס גערעדטע וואָרט ווערט דורך אים, מאָמענטווייז, געפורעמט, ווי מאַסיווע גראַניט־בלאָקן פֿון אַ דאָנאַטעלאָ, און נישט זעלבן — ווי די פֿיינע פֿיליגראַן־שניצערייען פֿון אַ בענוועגוטאָ טשעליני.

זיין געניגטקייט צו קולטור־אוניווערסאַליזם. זיין שטענדיק וואַכזאַמער הומאַנער געפֿיל, און זיין טיפֿער זין פֿאַר קונסט, — דאָס אַלץ פֿלעגט אַרויס־שטראַלן פֿון זיינער אַן אַקאַדעמישער לעקציע, און פֿלעגט אים, מינקאָוון, מאַכן פֿאַר דער פּערזאָניפֿיצירונג פֿון דעם קינסטלער־לעקטאָר אין דעם שענ־סטן זין פֿון וואָרט.

1958.

# עפּעס וועגן מנשה אונגער

מנשה אונגער איז אַ יידישער קולטור־מענטש, וואָס דאָס קענען יידישע פּאַרגאַנגענהייט און אַקטיוו אַנטיילנעמען אין דעם איצטיקן יידישן גייס־טיקן לעבן, זענען ביי אים גלייכוועריק.

ער גלויבט, אַז אונדזער יידישע קולטור טרינקט „פֿון אייביקן קוואַל", צו וועלכן ער האָט זיך אַזוי אָפּט דערנענטערט אין משך פֿון זיין כמעט פערציק־יאָריקער ליטעראַרישער און זשורנאַליסטישער טעטיקייט.

מנשה אונגער איז דער קעגנזאַץ פֿון דעם טיפּ פֿון טרוקענעם, פּע־דאַנטישן פֿאָרשער, וואָס קען נאָר די ד' אמות פֿון זיין קאַבינעט, אָדער די פֿיר ווענט פֿון דעם ביבליאָטעק־צימער פֿון אַ געוויסער ספּעציאַליטעט, און די געל־געוואָרענע פֿאָליאַנטן פֿון די אַרכיוון.

ער, דער גרויסער קענער, דער אין יידישן וויסן איינגעטונקטער, אַזוי צו זאָגן, פֿאָרשער, איז אַ „אונדזעריקער", דורך און דורך אַ פֿאָלקס־מענטש, וואָס, ווען ס'וואָלט עקזיסטירט אַן „עמך שער און אייזן" — מעדאַל, וואָלט מען אַזעלכן אים געדאַרפט צושפּילען צו זיין לאַץ.

— 2 —

מ'האָט אַמאָל אַ שאַרפזיניקן מענטשן געפרעגט: „וואָס איז אַזוינס אַ ספּעציאַליסט"? זיין ענטפֿער איז געווען: „אַ ספּעציאַליסט אין איינער, וואָס ווייס אַממערסטן וועגן דעם ווינציקסטן".

אין דעם דאָזיקן ווערטער־שפּיל איז דאָ אַ טיפֿער זין. דער ענגער, דער טרוקענער ספּעציאַליסט איז עס דער, וואָס האָט, מיט דער צייט, פֿאַר־מיאוסט דעם באַגריף „אַקאַדעמיקער", און געמאַכט אים צום סינאָנים פֿון אַ געניץ אויף צוויי פּיס. צו אונדזער אַלעמענס צופֿרידנקייט, איז מנשה אונגער זייער ווייט פֿון צו זיין אַן „אַקאַדעמיקער" (אין געענדזנפּיס־לעך). ער טראָגט נישט מיט מיט זיך זיין געלערנטקייט, ווי עפּעס אַ מין

אַקאַדעמישע באָרד, אַזוי צו זאָגן, וואָס זי דאַרף עס עדות זאָגן אויף זיין גרויסן אַקאַדעמישן סטאַזש.

ווען מ'הערט זיך צו צו זיין שיחת חולין אין אַ געוויינלעכער מסיבה, פילט מען, אַז דאָס רעדט אַ מענטש פון אַ סך מער ווי דורכשניטלעכער אינ־טעליגענץ; אַ קולטור־מענטש אין פולסטן זין פון וואָרט, וואָס נישט דווקא אין אַ קרייז פון געלערנטע פון זיין קאַליבער, נאָר אויך צווישן מענטשן איינפאַכע, פראָסטע חי וקים'ס, איז ער ביי זיך אין דער היים.

ווען אַן איינפאַכער פאָלקס־מענטש רעדט מיט מנשה אונגער, האָט ער נישט דאָס געפיל, אַז עפּעס דאַרף ער צו אים אַרויפקוקן, ווייל אין אונגערס בליק, אין זיין גאַנצער האַלטונג, איז נישטאָ גאָרנישט פון דעם, אַזוי צו זאָגן, זיך אַראָפבויגן צו דער מאַסע. ער איז אַ קלאַסישע באַשטעטי־קונג פון דעם, אַז אַן אמתער גייסטיקער אַריסטאָקראַט איז אין באַצוג צו זיין סביבה, צו זיינע מיטמענטשן, דורך און דורך דעמאָקראַטיש.

דערפאַר אויך די וואַרעמע באַציאונג, וואָס מ'האָט צו אים; די וואַרעמע אַטמאָספערע, וואָס שאַפט זיך אַרום אים, מנשה אונגערן, וואָס זיין גוטער שיקזאַל האָט אים אויסגעהיט פון צו טראָגן אַן „אַקאַדעמישע באָרד" (אין גענדזן־פיסלעך), און האָט אים באַשאָנקען מיט אַלע מדות טובות פון דער עכטער, מיט אַ טיף הומאַניסטישן גייסט דורכגעדרונגענער, אַקאַדעמיש־קייט, וואָס איר אמתער ווען איז הימל־ווייט פון „איך און מיינע שיך"־שטאָלצקייט, און שטרעבט שטענדיק צו אמתער באַשיידנקייט, צו נישט געקינצלטער פשטות.

— 3 —

מנשה אונגער איז אַ גרויסער יידישער געלערנטער, וואָס איינער פון זיינע שטריכן אין איבערגעבן זיין וויסן דעם לייענער פון זיינע ווערק, איז פאַטאָס. ס'אָטעמט אין זיי גייסטיקע וואַרעמקייט. פון די זייטלעך פון זיינע ביכער רעדט צו אייך נישט דער טרוקענער פאַרצייכנער, כראָנאָלאָג און בלויז אַנאַליטישער קאָמענטאַטאָר. „נשמה יתרהדיקייט" איז דאָס וואָרט פאַר זיך געמיט־צושטאַנד ביים שרייבן, וואָס ער, דער געמיט־צו־שטאַנד, גיט זיך איבער דעם לייענער. און שטעקט אים אָן, אַזוי צו זאָגן, מיט וואַרעמער באַציאונג צו דער געגעבענער טעמע. די דאָזיקע נשמה יתרהדיקייט, ווערט נישט זעלטן פאַרוואַנדלט אין אָנרעגנדיקע קאָמפּס־לוסטיקייט, ווי, צום ביישפּיל, ווען ער זאָגט (אין דעם אַריינפיר צו זיין בוך „חסידות און יום־טוב"):

„בלויז די משכילים זענען געווען פאַרבלענדט און נישט געקענט דער־זען די גרויסע ווערטן פון דער חסידישער באַוועגונג. בלויז זיי האָבן געשיקט זייערע פיילן אויף די חסידישע מנהיגים. בלויז זיי האָבן נישט

געוואַלט, און נישט געקענט, דערזען די נאַציאָנאַלע טרייב־קראַפט פון חסידות, דאָס דערהויבן די חשיבות פֿון דעם פֿאָלקס־מענטש, פֿון דעם אונ־טערדריקטן יידן און עם הארץ; ווייל בעת זיין אויפֿשטייג און בלי־פּעריאָד איז אין חסידות געווען שטאַרק ניכּר דער סאָציאַלער, נאַציאָנאַלער און יושרדיקער מאָמענט".

פֿילט איר נישט דעם הייסן אָטעם פֿון אָט די שורות, די גייסטי־יום־טובדיקייט פֿון דעם שרייבער אין די מינוטן, ווען ער האָט זיי געשריבן ?

— 4 —

אָט אַזוי איז דער שרייבער מנשה אונגער: טרינקנדיק „פֿון דעם אייביקן קוואַל", איז ער טיף פֿאַרוואָרצלט אין דעם יידישן עבֿר; אָבער ער וויברירט שטאַרק מיט דער יידישער אַ ק ט ו ע ל ע ר ווירקלעכקייט. איינער פון אונזע־רע באַדייטנדיקסטע וויסנשאַפטלער אויפֿן געביט פון חסידות־פֿאָרשונג, גיט ער איבער דעם רעזולטאַט פֿון זיינע פֿאָרשונגען מיט אמת חסידישן ברען, וואָס דאָס מאַכט זיינע ווערק נישט נאָר אינטערעסאַנט, נאָר טאַקע ממש אָנציענד פֿאַרן לייענער. אויף אים, ווי אַ מחבר, קען אָנגעווענדט ווערן דער פֿאָלקסטימלעכער שבח: זיינע ביכער לייענען זיך „ווי אַ ראָמאַן". נישט איין שרייבער אויף היסטאָרישע טעמעס וואָלט זיך אַזאַ שבח גע־ווונטשן.

.1959

# רעבעל און דאָן קיכאָט

## (שטריכן פון יצחק ליבמאַן ע״ה)

אויב צווישן די הויפט־שטריכן פון פערזענלעכקייט נעמען מיר אַריין אַ זיך קיינמאָל נישט אויסלעשנדיקן ענטוזיאַזם פאַר געוויסע אידעאַלן, און די פעאיקייט „אָנצושטעקן״ מיט אים די אייגענע סביבה, אין אַן ענגערן און אויך אין אַ ברייטערן זין; און אויב מיר פאַרשטייען אויך, ווי פער־זענלעכקייט, פערמאַנענטע אַקטיווע רעבעלישקייט קעגן דעם, וואָס דער מענטש באַטראַכט ווי אומגערעכט, — איז יצחק ליבמאַן אין אָט די ביידע הינזיכטן געווען אַ מערקווירדיקע פערזענלעכקייט.

זיין ענטוזיאַזם האָט אַלע יאָרן געהערט ראשית־כל און איבער אַלץ, דער יידישער שפּראַך אין ברייטסטן זין פון וואָרט. איך ווייס נישט צי איז עס טאַקע ער געווען דער, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין אונדזער זשורנאַ־ליסטיק דעם באַגריף „יידיש קודש״; ס׳וואָלט מיך אָבער נישט געוווּנדערט, ווען ס׳זאָל זיך אַרויסווייזן, אַז דאָס איז ער עס טאַקע געווען.

אין זיין ליבע צו יידיש איז געווען עפּעס מער, ווי דאָס, וואָס מ׳דריקט גע־וויינלעך אויס מיטן וואָרט „ענטוזיאַזם״. ס׳איז געווען אין איר אַ סך מער. אפשר וואָלט מען עס געקענט בעסער אויסדריקן מיטן באַגריף „יידיש־מיסטיק״. וויפל מאָל ס׳פלעגט מיר אויסקומען אים צו הערן רעדן אויף דער יידיש־טעמע, פלעג איך שטענדיק האָבן דעם איינדרוק, אַז דאָס רעדט איינער, וועמענס וויזיעס וועגן דער יידישער שפּראַך, גייען ווייט אַרויס פון די ראַמען פון אַ ריין־אינטעלעקטועלן צוגאַנג און פון אַ ריין־אינטעלעקטועלער אָפּשאַצונג. ער פלעגט מאַכן דעם איינדרוק, אַז ער ווייס וועגן יידיש אַלץ, וואָס מיר, זיינע צוהערער, ווייסן, און נאָך עפּעס, וואָס ס׳איז פון אונדז פאַרבאָרגן.

דאָס איז, גלויב איך, דער אמתער הינטערגרונט פון זיין דאָן קיכאָטיש־קייט, אין שענסטן, נאָבעלסטן זין פון דעם דאָזיקן וואָרט. זיינע קאַמפן אין משך פון מער ווי דריי יאָרצענדליק, ווי דער ריטער פון און פאַר יידיש,

האָבן געהאַט, ווי זייער באַוועג־גרונט, אַט די יידיש־מיסטיק מיט וועלכער זיין גייסט איז שטענדיק געווען דורכגעדרונגען.

— 2 —

נישט ווייניקער, אויב נישט נאָך מער אינטערעסאַנט, איז דער אַנדערער פֿון די אויבן אָנגערופֿענע אַספּעקטן פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעמס פּערזענ־לעכקייט: ליבמאַן, דער רעבעל.

ער איז שטענדיק געווען אין שפּאַנונג, קאָמפּסלוסטיק, גרייט צום אָנ־גריף. אויב איז געוויסע פֿאַלן איז אין זיינע קאַמפן געווען עפּעס פון דאָן קיכאָטס קאַמף קעגן די „פֿליגלען" פון ווינטמיל, איז ער אָבער מערסטנס געווען אַ קעמפֿער פֿאַר אַ יידישער פּאָזיציע, וואָס טאַקע דאָס האָט אים געגעבן אַ באַזונדערע שטאַרקייט. מ'האָט גאָרנישט געדאַרפֿט שטענדיק זיין איינשטימיק מיט אים, כדי צו באַוווּנדערן זיין אויסדויער, וואָס פֿלעגט נישט זעלטן ביי אים אָננעמען דעם כאַראַקטער פֿון עפּעס אַ הייליקער עקשנות.

אין דער יידישער פּרעסע פֿון ניו־יאָרק האָט יצחק ליבמאַן מיט זיך פֿאַרקערפּערט, פּערמאַנענט און קאָמפּראָמיסלאָז, די אָפּאָזיציע, אַזוי צו זאָגן. דאָס זיין אין דער מינדערהייט, וואָס דאָס איז דאָך דער גורל פון יעדער אָפּאָזיציע, פֿלעגט אים קיינמאָל נישט אָפּשרעקן. אומגעקערט, ס'פֿלעגט זיך פֿילן, אַז דער דאָזיקער פֿאַקט איז גאָר פֿאַר אים געווען אַ אינספּירירנ־דיקער פאַקטאָר. ער וואָלט מיט רעכט געקענט האָבן אָנגעווענדט צו זיך דעם קלאַסיש־געוואָרענעם אויסרוף פון דר. שטאָקמאַן אין איבסענס „פֿאָלקס־פֿיינד": „איך בין איצט שטאַרקער ווי ווען עס איז פריער, ווייל איך בין געבליבן אַליין".

רעבעלן, ווי דער פֿאַרשטאָרבענער רעדאַקטאָר פֿון „ניו־יאָרקער וואָכנ־בלאַט", זיינען נויטיק אין יעדער געזעלשאַפֿט, ווייל זיי זענען אומקאָמפּראָ־מיסלעך אין זייער באַמיאונג צו רייניקן די אַטמאָספֿערע פֿון זייער סבי־בה, און מעגן זיי אפילו אַמאָל איבערטרייבן, זעענדיק זאַכן און דערשיי־נונגען דורך צו טונקעלע ברילן, בלייבט אָבער דער אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט, אַז זיי טוען פּראָפֿילאַקסיס ־ אַרבעט, זייענדיק אַזוי אַרום אַ העכסט־פּאָזיטיווער עלעמענט אין דעם בוי פון דעם געזעלשאַפֿטלעך־קולטורעלן לעבן.

.1960

# ד ו ד  ס אָ ה ן

## (וועגן זיינע פערציק יאָר רעדאַקטאָרשאַפט)

מיין זייער ליבער פריינט סאָהן!

ס'איז שוין באַלד דריי צענדליק יאָר ווי איך לייען, חודש איין, חודש אויס די „ביאַליסטאָקער שטימע", און האָב שטענדיק הנאה פון אייערע לייט־אַרטיקלען. און לאָזט מיר אויך זאָגן אייך פאַרוואָס: ווייל איר ווילט אין זיי נישט אַנטדעקן קיין אַמעריקעס, נישט איינהאַלטלעך און נישט שפּראַכלעך.

מיר געפעלט אייער טעמעס־אָפּקלייב, וועלכער איז אַ באַווייז פון אייער שטאַרקן חוש פאַר אַקטועלקייט. מיר געפעלט אויך אייער מאַקטפולקייט. איר ווייסט שטענדיק אויסצוקלייבן דעם פּאַסנדיקן אַדיעקטיוו, ווען איר ווילט אַרויסברענגען אַ קריטישע שטעלונג; ער איז אָבער שטענדיק באַנוצט מיט מאָס און פּראָפּאָרץ. און אייער סטיל איז איינפאַך, אייער שפּראַך — קלאָר. דער איינדרוק, וואָס אייערע לייט־אַרטיקלען לאָזן אויף מיר, איז שטענדיק: ס'האָט זיי געשריבן אַ מענטש, וואָס האָט וואָס צו זאָגן, און ווייס ווי עס צו זאָגן.

מיט איין וואָרט: צו דעם יובל פון דער „ביאַליסטאָקער שטימע", באַגריס איך ראשית כל אין אייך דור סאָהנען, דעם זשורנאַליסט, דעם מענטש מיט דער פיינער פעדער, וואָס איך בין זיכער, אַז ווען זשורנאַליזם וואָלט געדאַרפט זיין זיין איינציקע לעבנס־באַשעפטיקונג, — וואָלט ער אויך דאַן געווען דערפאָלגרייך.

— 2 —

זיין אַ פעאיקער זשורנאַליסט און זיין אַ טאַלאַנטפולער רעדאַקטאָר, איז ווייט נישט דאָס זעלבע. אַ באַגאַבטער זשורנאַליסט קען זיינע אַרטיקלען פאַרעפנטלעכן, נישט דאַרפנדיק קומען אין קאָנטאַקט מיט קאָלעגן אָדער

בכלל מיט מענטשן. ער קען זיין, אויב ער וויל, אַ יושב אוהל. ער קען, אויב ער וויל אַזוי טאָן, קומען אין קאָנטאַקט מיט דער וועלט דורך פרעסע און ביכער.

גאָר עפּעס אַנדערש איז, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן רעדאַקטאָרישער טעטיקייט. אַ רעדאַקטאָר מוז קומען אין באַרירונג מיט מענטשן: מיט קאָלעגן זשורנאַליסטן, ווי אויך מיט שרייבער (גאַנצע, האַלבע און גראַפאָמאַנען). אַ פאַרבאַדינג פאַר קענען זיין אַ רעדאַקטאָר, איז דאָס באַזיצן אַ טאַלאַנט אויסצוקומען מיט דער אויסערלעכער וועלט: צו קענען, זשורנאַליסטיש, זיך אויסלעבן אין אַלערליי סביבות, צו שאַפן אַרום דער אייגענער פערזאָן אַן אַטמאָספערע פון סימפּאַטיע. איר און איך, מיר אַלע קענען גענוג פאַלן, ווען באמת טאַלאַנטפולע זשורנאַליסטן זענען געווען אַ דורכפאַל ווי נאָר זיי האָבן געפּרוווט ווערן רעדאַקטאָרן, טאַקע צוליב דעם וואָס ס'האָט זיי געפעלט די נויטיקע פעאיקייט אויסצוקומען מיט מענטשן.

מט אָט דער פעאיקייט זענט איר באַשאָנקען פון דער נאַטור אין אַ גאָר גרויסער מאָס. אָט די באַגאַבונג אייערע האָט עס אַזוי פיל בייגעטראָגן צו דעם, אַז די „ביאַליסטאָקער שטימע" זאָל אַרום זיך קאָנצענטרירן אַזוי פיל עכטע ליטעראַרישע טאַלאַנטן, ביאַליסטאָקער און נישט דווקא ביאַליסטאָקער.

דער צווייטער שטריך, וואָס מוז כאַראַקטעריזירן אַ פעאיקן רעדאַקטאָר, איז זיין חוש פאַר דער ליטעראַרישער ווערטפולקייט, ווי אויך פאַר דער צייטגעמעסיקייט פון דער מאַטעריאַל, וואָס ער דאַרף צוגרייטן פאַר יעדן נומער. נישט אויסצופילן אַ נומער איז זיין אויפגאַבע, נאָר אים צוזאַמענשטעלן אַזוי, אַז ס'זאָלן אין אים נישט זיין קיין לאַנגווייל־בריקן צווישן איין אינטערעסאַנטן אַרטיקל און דעם צווייטן. ער מוז שטענדיק אין זינען האָבן די וויכטיקייט, און, נישט אין קיין קלענערער מאָס, די פאַרדיילעכקייט, אַזוי צו זאָגן, פון דער אָדער יענער נאָטיץ.

אויך אין אָט דער הינזיכט וויל איך אייך זאָגן: יפה דרשת, דוד סאָהן. די „ביאַליסטאָקער שטימע" איז אַ לעבעדיק רעדאַקטירטער זשורנאַל.

— 3 —

און אחרון אחרון חביב. די „ביאַליסטאָקער שטימע" איז פאַר מיר — און איך בין זיכער, אַז אויך פאַר צענדליקער טויזנטער אַנדערע ביאַליסטאָקער — אַ ביאַליסטאָקער גייסטיקער צענטער. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם רושם, וואָס ס'האָט אויף מיר געמאַכט בעת מיינעם אַ באַזוך אין בוענאָס־איירעס, מיט יאָרן צוריק, דער פאַקט וואָס איך האָב בייגעוווינט דאָרט אין עטלעכע היימען פון ביאַליסטאָקער: ס'איז גראַד געווען אָנגעקומען אַ נייער נומער פון דער „ביאַליסטאָקער שטימע", און נישט נאָר

די עלטערן, די אייגנטלעכע ביאַליסטאָקער, האָבן אים אויפגענומען מיט שמחה; אויך די יונגטלעכע קינדער האָבן אין אים אַריינגעקוקט און קאָ־מענטירט זיין אינהאַלט, כאָטש זיי אַליין האָבן דאָך שוין דעם ביאַליסטאָ־קער שטאָט־זייגער נישט געקענט, און אויף „ניקאָלאַיעווסקע" האָבן זיי קיינמאָל נישט געהאַט געשפּאַצירט.

ביאַליסטאָקער סאָלידאַריטעט איז אַ שם דבר. איינער פון די גאָר וויכ־טיקע פאַקטאָרן, וואָס האָבן אין משך פון יאָרן אָט דעם סאָלידאַריטעט־געפיל גענערט און אַנטוויקלט, איז בלי שום ספק די „ביאַליסטאָקער שטימע", אין וועלכער נישט גאָר די דערינערונגען וועגן ביאַליסטאָקס נאָענטן עבר, ווי אויך גרויסן וועגן איר קעגנוואַרט, קריגן דעם געהעריקן, און אָפט, ליטע־ראַריש אָדער פּאָעטיש, שיין אַרויסגעבראַכן אויסדרוק און בכבודיקן פּלאַץ, גאָר ס'ווערט אויך ברייט און אויסשעפּנדיק אָפּגעשפּיגלט, די, אַזוי צו זאָגן, אַלוועלטלעכע ביאַליסטאָק, וואָס ציט זיך איבער אַלע פינף קאָנ־טינענטן.

אין אָט דער הינזיכט, אין דער זעלבער מאָס וואָס די „ביאַליסטאָקער שטימע" איז מיט דער צייט געוואָרן אַ גייסטיקער צענטער פאַר צענדלי־קער טויזנטער ביאַליסטאָקער, זענט איר, דוד סאָהן, געוואָרן אַ צענטראַלע פיגור אין דער אַלוועלטלעכער ביאַליסטאָק.

.1961

# אַ דעמב איז אַרויסגעריסן געוואָרן

## (צום טויט פון נ. ב. מינקאָוו)

דער בוים, וואָס דריקט אויס אין יידיש און אין דער פאָרשטעלונג פונעם יידישן פאָלקס־מענטש טיף־וואָרצלדיקייט און ברייט־פאַרצווייגטקייט, איז דער דעמב. ער איז אין אונדזער באַוווסטזיין אויך די פאַרקערפּערונג פון קרעפטיקייט. אַזוי אין דער פאָלקס־שפּראַך, אַזוי אויך אין דער ליטעראַטור.

אַ דעמב קען איבערקומען שטורמען און אַרויסקומען אַ גאַנצער; אָבער אפילו אַ דעמב מוז אומקומען אין דעם געראַנגל מיט אַ האַק, וואָס אירע נאָכאַנאַנדיקע קלעפּ גראָבן סיסטעמאַטיש אונטער זיין ווידערשטאַנד, און אונטער איר מלאך־המותדיקער ווירקונג פאַלט אויך דער ריז.

אין זיין גייסטיקער טיף־וואָרצלדיקייט, ברייט־פאַרצווייגטקייט און קרעפטיקייט איז נחום ברוך מינקאָוו געווען געגליכן צו אַ דעמב. זיין יאָרן לאַנג דויערנדיקע האַרץ־קראַנקהייט, וואָס האָט אים אומאויפהערלעך געמאַטערט, איז געווען די האַק, וואָס האָט ביסלעכוויז, אָבער אומפאַר־מיידלעך, אַלץ מער און מער אונטערגעגראָבן זיין געזונט, ביז אָט דער דעמב איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון צווישן אונדז, געפאַלן אין דעם נישט גלייכן קאַמף קעגן מלאך־המות.

באַוויינט די יידישע קולטור־וועלט דעם פריצייטיקן טויט פון איינעם פון אירע בעסטע און שענסטע פאָרשטייער, סיי אין אונדזער אייגענעם, יידישן לעבן, און סיי כלפּי חוץ, וואָס שייך דער נישט־יידישער וועלט פון גייסט, פאַר וועלכער ער האָט „עקס קאַטעדראַ"(אין דער „ניו סקול פאָר סאָשל ריסוירטש") דאָס ווערטפולסטע פון אונדזערע קולטור־אוצרות מיט אַזוי פיל אויטאָריטעט, מיט אַזוי פיל גייסטיקע חשיבות און מענטשלעכע ווירדע פאָרגעשטעלט, עס מסביר געווען, און אַרויסגעקראָגן פון איר פאַרשטענדעניש, ריכטיקע אָפּשאַצונג און טיפע אַכטונג.

עס באַוויינט די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור איינעם פון אירע אַריי־

גינעלסטע פּאָעטן; עס ווײַנט נאָך אים די יידישע ליטעראַטור־פאָרשונג און ליטעראַטור־קריטיק, וואָס פאַרלירן אין אים איינעם פון זייערע באַרופנסטע, אויטאָריטעטסטע, אין אָט די אויפגאַבן פאַרליבטסטע געשיכטלער און קריטיקער. ס׳באַווייגען אים ניו־יאָרקער יידישע לערן־אַנשטאַלטן פון העכערן, אַקאַדעמישן פאַרנעם, וואָס פון זייערע קאַטעדרעס האָט יאָרן לאַנג אויסגעשטראַלט זיין אויסערגעווײנלעכע באַהאַוונטקייט, סיי אין דער עלטסטער און סיי אין דער מאָדערנער און נייסטער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז ביי אים געגאַנגען צוזאַמען מיט אַ טיפער ליבשאַפט צו איר און צו די, וואָס האָבן איר אין גאַנג פון די דורות פאַרקערפּערט, ווי אירע רעפּרעזענטאַטיווע שאַפער.

ס׳באַווייגען אים אויך די טויזנטער „צוקונפט"־לייענער, אין וועמענס פאַרשטעלונג דער זשורנאַל איז, ספּעציעל אין די לעצטע יאָרן, געווען אידענטיפיצירט מיטן נאָמען נ. ב. מינקאָוו, וועלכער איז געווען דער גייסט און די נשמה פון דער „צוקונפט".

— 2 —

ווי די צווייגן פון אַ דעמב, ברייט און קרעפטיק, זענען געווען די פאַרשידענע צווייגן פון דעם פאַרשטאַרבענעמס גייסטיקער טעטיקייט. אויף אַלע געביטן פון זיין אַרבעט איז ער געווען אַן אויטאָריטעט. די געפאַר, אַז צוליב דער פילזייטיקייט פון זיין טאָן און אויפטאָן, זאָל ער אַריינפאַלן אין אויבערפלעכלעכקייט, האָט אים פאַר קיינמאָל נישט עקזיסטירט, ווייל אויב ס׳איז אויף אימעצן געווען אָנגעמאָסטן דער טיטל „מתמיד", אַ פלייסיקער און גרינטלעכער לערנער און שטודירער, איז עס געווען אויף נחום ברוך מינקאָוו.

געבענטשט פון דער נאַטור מיט אַ טיף־ערנסטן צוגאַנג צום לעבן, האָט ער, גרונטזעצלעך, באַטראַכט דאָס לעבן ווי אַ פליכט. איז אים דעריבער דער באַגריף „קאַפע־ליטעראַט" געווען אָרגאַניש פרעמד. אַפילו זיינע שווערע קאַמפן פאַר פרנסה — און ער האָט זיי געמוזט פירן אָפט געגוג — האָבן ניט באַוויזן אָפצושטעלן אין אים דעם דראַנג צו אַלץ אַ ברייטערן און טיפערן וויסן. דער שפּרוך וועגן „פּת במלח"... איז געווען איינער פון זיינע לעבנסגעבאָטן.

ער איז געווען דער „אייביקער סטודענט" אין דעם שענסטן זין פון וואָרט. ס׳איז געגוג זיך צו דערמאָנען מיט וואָס פאַר אַ געוויסנהאַפטיקייט ער פלעגט צוגרייטן יעדן טאָג די לעקציעס, וואָס ער האָט געהאַלטן אין ניו־יאָרקער הויכשולן, כאָטש דער קורס, וואָס ער האָט דאָרט געגעבן, יאָר־איין, יאָר־אויס, איז געווען, גרונטזעצלעך, דער זעלבער, כדי צו באַגרייפן דעם פאַרשטאָרבענעמס טיף פאַרוואָרצלטן פאַראַנטוואָרטונגס־געפיל קעגנ־

איבער זיין אוידיטאָריע. אויב ס'איז אַמאָל געווען אַ מענטש, וואָס האָט געהאַסט, ווי דעם טויט, דאָס וואָרט „סטערעאָטיפּ", איז עס געווען נ. ב. מינקאָוו. „רינאָוואַרסע אָ מאָרירע", זיך באַנייען אָדער שטאַרבן, דעם דאָזיקן טיפּזיניקן לאַטייניש געבאָט האָט ער באַטראַכט ווי איינעם פון די לייכטנדיקסטע שטערן אויפן האָריזאָנט פון זיין גייסטיקן לעבן.

.1956

# כאַנינס שטאַטסמענלעכקייט

ס'איז דאָ אין ענגליש אַ באַגריף „עלדערלי סטייסמען". ער ווערט אָנגעווענדעט אויף פּערזאָנען מיט אַן אויסגעשפּראָכענער, באַדייטנדיקער פּערזענלעכקייט, וואָס כאָטש זיי פאַרנעמען נישט אָפיציעל דעם העכסטן אַמט אין דער מלוכה־פירערשאַפט, און אַ מאָל פאַרנעמען זיי איבערהויפּט נישט קיין אָפיציעלע אָפּזיציע, זענען זיי אָבער דאָך, אַזוי צו זאָגן, דער קעניג הינטערן טראָן. צו זייער וואָרט הערט מען זיך צו מיט דער גרעס־טער אויפמערקזאַמקייט, זייער עצה ווערט גיריק געזוכט, אין פּראָפּאָרץ צו דער שוועריקייט פון די פּראָבלעמען, וואָס שטייען אויף דער טאָג־אָרדנונג און פאָדערן אַ לייזונג.

די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אַן „עלדערלי סטייטסמען" זענען, ראשית כל, לעבנס־חכמה, אַ לאַנגע דערפאַרונג און אַ געזונטע אָריענטאַציע, בעסער געזאָגט, אַ געלונגענע קאָמבינאַציע פון פּראַקטיק מיט שכל הישר. ער באַזיצט די ביז גאָר וויכטיקע פעאיקייט, ווי נאָר ס'קומט אויף פאַר אים אַ פּראָבלעם, אַרויסצושיילן פון אים דאָס וועזנטלעכע און פּערמאַנענט וויכטיקע, און דאַן אַרויסצוברענגען זיין שטאַנדפּונקט. אַפילו ווען ער, דער שטאַנדפּונקט, שיינט ניט צו זיין פּאָפּולער אין די אויגן פון די, וואָס זענען אינטערעסירט אין זיין מיינונג, אָדער פון די ברייטערע מאַסן.

דער „עלדערלי סטייטסמען" יאָגט זיך נישט נאָך פּאָפּולאַריטעט, און ער האָט נישט קיין מורא, ווען ער געפינט אין, קעגן דער מיינונג פון דער מאַיאָריטעט, אַז לא זה הדרך, צו בלייבן אַליין, בלויז מיט איין אַלי־אירטן: די צייט.

נחום כאַנין איז אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן שוין זינט אַ לענגערער צייט די פּערפעקטע פאַרקער־פּערונג פון דעם „עלדערלי סטייטסמען"־באַגריף. שוין אַ צוויי צענדליק יאָר צוריק, ווען ער האָט נאָך באַטראָטן דעם מער באַשיידענעם אַמט פון דירעקטאָר פון דעם אַרבעטער־רינגס בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט, איז געווען

אַלגעמיין־באַקאַנט, אַז אַלע פּעדים פון דעם אַרבעטער־רינג, פּונקט אַזוי ווי פון דער אַמעריקאַנער יידיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ציען זיך צו זיין, כאַנינס קאַבינעט.

נאָכמער: נישט דווקא אַט די קרייזן האָבן געזוכט כאַנינס אָריענטירנ־דיקן וואָרט; אויך רעפּרעזענטאַטיווע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס פון דער מער „יאַהודימשער" דאָרטיקער יידישער וועלט, ווי, צום ביי־שפּיל, דער „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטי", האָבן מער ווי איין מאָל צו־געלייגט אַן אויפמערקזאַמען אויער צו כאַנינס מיינונגען און אויפפאַסונגען וועגן די וועגן און אומוועגן פון יידישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

נחום כאַנין איז, מיט דער צייט, טאַקע צוליב אַט דעם אַלעם, געוואָרן איינע פון די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן נישט בלויז אין דעם מער באַ־גרענעצטן קרייז פון אַרבעטער־רינג (כאָטש דער אַרבעטער־רינג איז אין זיך אַליין אַ ריזן־אָרגאַניזאַציע), נאָר טאַקע אין דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן בכלל. נישט בלויז פאַר זיינע אידייאישע פריינד; אויך פאַר זיינע אידייאישע קעגנער איז זיין מיינונג וויכטיק. דער נאָמען כאַנין איז געוואָרן מיט דער צייט אַן אינסטיטוציע אין דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן.

— 2 —

צו אַט די איינגעבוירענע שטאַטסמענישע אייגנשאַפטן קומט נאָך צו נחום כאַנינס באַזונדערע פעאיקייט אויפן געביט פון פּראַקטישער אָנפירערשאַפט. אויב אַרויסצוזאָגן מיינונגען, אַריינצודרינגען אין דעם תוך פון געזעלשאַפטלעכע סיטואַציעס און זיי אַנאַליזירן אין זייער ליכט פון אַ געוויסער גרונטזעצלעכער וועלט־אַנשויאונג, פאָדערט נישט קיין מיטאַרבעט, און קען, בעסער געזאָגט, מוז געטאָן ווערן ביחידות, — פאַרלאַנגט אָבער פּראַקטישע אָנפירערשאַפט אַן אַטמאָספערע פון וויליקער קאָאָפּעראַציע מצד דעם אַרום.

אויף אַט דעם געביט שיינט אַרויס כאַנינס צווייטער גרויסער טאַלאַנט. דאָס איז די פעאיקייט צו קאָנצענטרירן אַרום זיך, אויסער דעם אינטעלעק־טועלן אינטערעס צו זיינע אָריענטירנדיקע מיינונגען און שטאַנדפּונקטן, דעם אַקטיוון, דינאַמישן ווילן מיט אים שעפעריש מיטצואַרבעטן, כדי זיי צו פאַרקערפּערן אין לעבן. אויף אַט דעם געביט איז נחום כאַנין, אפשר, נישט אָפּגעבנדיק זיך אַליין זיך קיין חשבון וועגן דעם, דער רעאַליזירער פון איינער פון די וויכטיקסטע פּעדאַגאָגישע נאָרמען: צו מאַכן דער תלמיד (אין כאַנינס פאַל, דעם נאָכפאָלגער) צו טאָן דאָס, וואָס מיר ווילן אַז ער זאָל טאָן, מיט דעם מעגלעכסט גרעסטן ענטוזיאַזם, ווי עפּעס, וואָס קוואַלט אַרויס פון זיין, דעם תלמידס אייגענעם ווילן.

כאַנין איז אַ מייסטער אין דער קונסט פון מאַכן מענטשן וועלן דאָס,

וואָס ער וויל, אַז זיי זאָלן וועלן; און געוויס דערגרייכט ער עס ניט מיט די גלייך פון אָנהייב צום דורכפאַל פאַרמשפּטע מיטלען פון דעם „קבלו דעתי"־מענטש. אויב אימיצער איז נישט דאָגמאַטיש, איז עס כאַנין. זיין ווירקזאַמער מיטל צו דערגרייכן דאָס, וואָס ער באַצוועקט, איז דאָס שאַפן אַטמאָספערע. עפּעס פילט מען זיך, גייסטיק, אַזוי וואַרעם אין זיין געזעלשאַפט.

ס'זענען דאָ ווייניק מענטשן, וואָס זענען באַשאַנקען מיט דער אַזוי וויכטיקער אייגנשאַפט צו וועלן פאַרשטיין דעם צווייטנס שטאַנדפּונקט, אין דער מאָס. ווי עס באַזיצט איר כאַנין. זיין צוגאַנג צו זיינע צאָלרייכע מיטאַרבעטער אין דער אָנפירערשאַפט פון אַרבעטער־רינג און פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, ווו ער איז די גייסטיקע טרייב קראַפט, איז שטענדיק ווי פון זיך גלייכן צווישן גלייכע. טאַקע דערפאַר, וואָס וואַרעמע מענטשלעכע באַציאונג שטראַלט פון אים אויס שטענדיק און אומעטום, קומען אים מענטשלעכע ווילנס אַנטקעגן.

כאַנינס אָרגאַנישע נאָה לבריות־באַציאונג דערקלערט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס דעם פאַקט, וואָס ער זיצט, מיט דערפאָלג, ביי איין טיש, אין דער לייטונג פון, צום ביישפּיל, דעם יידישן קולטור־קאָנגרעס, מיט פּערזענלעכקייטן, וואָס פאַרטרעטן אַ אידייאישע וועלט, וואָס איז נישט זיינע, ווי עס איז עס די פּועלי־ציוניסטישע וועלט־אַנשויאונג.

זייענדיק ווייט פון דעם פּשרות־מענטש — טיף, באַזיצט אָבער כאַנין די מעלה, וואָס ער אָנערקענט לעבעדיקע פאַקטן, רעכנט זיך מיט זיי און האַנדלט קאָנסעקווענט, אין איינקלאַנג מיט דעם, וואָס זיי, די פאַקטן, לערנען אים. דאָס דערקלערט אויך כאַנינס ווייט, ווייט נישט דאָגמאַטישע באַציאונג צו מדינת־ישראל. ער איז גאַנץ ווייט אַוועק אין אָט דער היגזיכט פון נישט ווייניקע „געגנאָסן", וואָס די אינערציע מאַכט זיי זאָגן: „טאַקע ? אָט דאָס זענען די לעבעדיקע פאַקטן ? איז טאַקע, אויב אַזוי, נישט גוט פאַר די פאַקטן נעבעך" . . .

.1956

# בן־ציון גאָלדבערג

## (קינסטלער פון יידישער פובליציסטיק)

## דער קאָלום

בן־ציון גאָלדבערג איז אַ „קאָלומניסט" בלויז אין דעם אויסערלעכן, ריין מעכאַנישן, אַזוי צו זאָגן, זין. ער איז עס, ווייל זיין שרייבן פאַרנעמט טעגלעך די זעלבע צאָל שפּאַלטן, אָדער, ווי זיי ווערן אָנגערופן אין ענגליש, קאָלומס. וואָס שייך אָבער דעם אינהאַלטלעכן אַספּעקט, איז ער אַזוי ווייט פון זיינע אַמעריקאַנער קאָלעגן אין דער ענגלישער פּרעסע, כרחוק מזרח ממערב. שוין נישט רעדנדיק פון זייער שטאַרקער באַגרענעצטקייט וואָס שייך טעמעס־אויסוואַל, זענען יענע גאָר אָפּט פלאַך און אפילו באַנאַל, ווי דאָס איז, צום ביישפּיל, געווען דער פאַרשטאָרבענער „קעניג פון די קאָלומניסטן" און בעסט באַצאָלטער פון זיי: אַרטור בריסביין. פון דער צווייטער זייט, פּאַסירט גאָרנישט זעלטן, אַז קאָלומניסטן, וואָס, ווי אַרטיקל־שרייבער, האָבן זיי גראָד יאָ וואָס צו זאָגן, זענען זיי האַמעטנע אין זייער סטיל, און זייער אופן שרייבן איז טרוקן און הומאָרלאָז. אין זייערע קאָ־לומס איז נישטאָ קיין טראָפּן חן. וואָלטער ליפּמאַן, דער באַרימטער קאָ־לומניסט, מערסטנס אויף פּאָליטישע טעמעס, געהערט צו אָט דעם מין קאָלום־שרייבער.

לאָמיר זשע וואַרפן אַ בליק אויף ב. צ. גאָלדבערגס אַנדערשקייט.

## ליטעראַרישער אָפּשטאַם

„איך ווינטש זיך, אַז מענטשן זאָלן מיך זען אין מיין נאַטירלע־כער, געוויינלעכער, איינפאַכער געשטאַלט, אָן אָנגעשטרענגטקייט און אָן קינסטלעכקייט, ווייל מיינע עסייען זענען מיין זעלבסט־פּאָר־טרעט".

מ י ש ע ל  מ אָ ו נ ט ע ן (אין דער איינלייטונג צו זיינע גע־
זאַמלטע עסייען).

איך האָב נישט צופעליק גענומען די אויבן געבראַכטע ווערטער פון דעם „פאַטער פון דעם עסיי־זשאַנר", ווי אַ „מאָטאָ" פאַר מיינע באַטראַכטונגען וועגן בן־ציון גאָלדבערג, דעם קינסטלער־זשורנאַליסט. איך האָב עס געטאָן דערפאַר, וואָס דער אַרויסגעבראַכטער געדאַנק פון דעם גענים אַלן פראַנצויזישן וואָרט־קינסטלער און טיפן דענקער פון זעכצענטן יאָרהונדערט, קען אָנגעווענדט ווערן צו קינסטלער־דענקער בכלל, ווייל זייערע ווערק, וואָס דריקן זיך אויס אין געשריבענעם וואָרט, זענען, גרונטזעצלעך, אַן אומ־אויפהערלעכס שאַפן פון גייסטיקע זעלבסט־פאָרטרעטן.

איך האָב עס אָבער אויך געטאָן דערפאַר, וואָס ב. צ. גאָלדבערג, דער קאָלומניסט, איז אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אַן אָפּשטאַמיקער פון מישעל מאָונטען, דעם באַשאַפער פון דעם עסיי, ווי אַ ליטעראַרישן זשאַנר, און אַליין איינער פון די גרעסטע עסייאיסטן, וואָס די פאַרבנרייכע געשיכטע פון אָט דער קונסט האָט ביז איצט געהאַט צו פאַרצייכענען.

וואָס איז דען, אין איר טיפערן וועזן, די קונסט פון עסיי, אויב נישט די הומאַניסטישע טענדענץ צו שרייבן אינטים, אָן אַקאַדעמישע פּליטערלעך, אָן דעם „מאַגיסטער דיקסיט"־טאָן, נישט וועגן אַבסטראַקציעס, נאָר טאַקע וועגן דעם מענטשן, דעם לעבעדיקן און דורכלעבנדיקן מענטשן, מיט זיינע אינטעלעקטועלע זוכענישן, גייסטיקע דערהויבונגען און זינקונגען, און עמאָציאָנעלע זיג־זאַגן; אַ מין מעדיטירן צוזאַמען מיטן לייענער, ביי וועלכן דער אָנגעשלאָגענער אינטימער טאָן פון מענטשלעכער וואַרעמקייט, רופט גלייך אַרויס אַ אינטעלעקטועלע סימפּאַטיע און במילא אינטערעס צו דעם וואָס דער עסייאיסט וויל אים זאָגן?

## דער מערב-אייראָפּעישער פעליעטאָן

אין אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט האָט אין דער אייראָפּעישער פרעסע זיך צעבליט אַ זשאַנר פון זשורנאַליזם, וואָס איז באַקאַנט געוואָרן אונטער דעם נאָמען „פעליעטאָן" (נישט צו פאַרמישן מיט דעם, וואָס עס ווערט איצט געוויינלעך אָנגערופן מיט אָט דעם נאָמען).

דער „פעליעטאָן" איז פאַקטיש געווען אַ קורצע עסיי אין איר פלעגט דער „פעליעטאָניסט", אויף אַ שפּילעווודיקן, אָנציענדיקן אופן באַרירן די פאַרשידנסטע און פאַרשידנאַרטיקסטע טעמעס, פונקט אַזוי ווי ס'זענען צאָלרייך און פאַרשידנאַרטיק די טעמעס פון מישעל מאָונטען אין זיינע וווּנדערלעכע „עסייען". דער מענטש, אין אַלע זיינע שאַטירונגען און סיטואַציעס, איז געווען דער אָביעקט פון יענע „פעליעטאָנען". זיי זענען

געשריבן אַזוי, אַז זיי פֿאַרלירן נישט דעם אינטערעס פֿאַר לייענער אַפֿילו יאָרן נאָכדעם ווי זיי זענען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן. דאָס וויכטיקע אין זיי זענען נישט די ריין צייט־געמעסיקע אָדער לאָקאַלע געשעענישן אָדער אומשטענדן, וואָס האָבן זיי פֿאַראורזאַכט, נאָר די וועזנטלעכע, אַלגעמיינע געדאַנקען וואָס זענען דאָרט אויף אַ שפּילעוודיקן, אינטימען, שמועס־מעסיקן אופֿן אַרויסגעזאָגט געוואָרן.

צו אָט די „פֿעליעטאָניסטן" פֿון גאָטס גנאָד, עסייאיסטן אין פֿולן זין פֿון וואָרט, וואָס האָבן טאָג־אײַן, טאָג־אויס אויפֿסניי אַנטציקט זייערע, צו זייער שרײַבן אַלץ מער און מער צוגעבונדענע לעזער, האָבן, צום בײַשפּיל, געהערט:

הערמאַן באהר, איינער פֿון יענער פּלעיאַדע ליטעראַרישע קינסטלער, וואָס האָבן געבליט אין דער וויגער פּרעסע אין סוף פֿון לעצטן און אין אָנהייב פֿון איצטיקן יאָרהונדערט, און וואָס סטעפֿאַן צווייג האָט איר פֿאַראייביקט אין זײַן שוואַנען־ליד פֿאַר זײַן פֿרײַוויליקן אַוועקגיין פֿון דער וועלט, וואָס ס'איז זײַן בוך „די וועלט פֿון נעכטן";

וולאַדימיר דאָראָשעוויטש, איינער פֿון די זײַלן פֿון דער גרויסער רוסישער פּרעסע צווישן דער ערשטער רעוואָלוציע און דעם ערשטן וועלט־קריג, און וואָס זײַנע טעגלעכע „פֿעליעטאָנען" אין דער מאָסקווער „רוסקאָיע סלאָוואָ" פֿלעגן זײַן „אָבליגאַטאָ" לייען־שטאָף פֿאַר דער ליבעראַלער רוסישער אינטעליגענץ;

אין אַ געוויסן זין, כאָטש שטאַרק באַגרענעצט אין זײַן טעמאַטיק, האָט געהערט צו אָט דעם אייראָפּעאישן טיפּ „פֿעליעטאָניסט", נחום סאָקאָלאָוו. זײַן טעגלעכער אַרטיקל אין „הצפירה" פֿלעגט האָבן דעם כאַראַקטעריסטישן הויפּט־„קאָפּ" „דברי הימים", וועלכער, אויב מען וויל, באַדייט ער אויך „אין גאַנג פֿון טאָג". אין יענע אַרטיקלען פֿלעגט ער, דער גלענצנדיקער זשורנאַליסט, וואָס האָט באַזיצט כמעט ענציקלאָפּעדישן וויסן, קיינמאָל נישט זײַן אָנגעצויגן, קיינמאָל נישט טראָגן קיין „אַקאַדעמישע באָרד"; אומגעקערט ער פֿלעגט שטענדיק זײַן אָנציִענדיק, אַנטערעסאַנט, שעמערירנדשפּילעוויק אין סטיל, און שאַפֿנדיק אַפֿילו אין פֿאַל פֿון גאָר ערנסטע טעמעס, די אַטמאָספֿערע פֿון אַ לייכטן, פֿאַמיליערן שמועס. אין דער, ביז אים, היפּשלעך פּראָווינציעלער „הצפירה", האָט ער אַרײַנגעטראָגן דעם פֿײַנעם טאָן פֿון דעם גייסטיק ראַפֿינירטן „גוטן אייראָפּייער" פֿון יענער צײַט.

אין דעם זין, ווי ס'האָבן געשריבן די „פֿעליעטאָנען" הערמאַן באהר, דאָראָשעוויטש און נחום סאָקאָלאָוו, אום בלויז אָנצורופֿן עטלעכע פֿון די קאָריפֿייען אויף אָט דעם געביט, איז אַ „פֿעליעטאָניסט" בן־ציון גאָלדבערג. זײַנע קאָלומס, די געקליבענערע צווישן זיי, אַזעלכע, וואָס באַרירן, ווי מעדיטאַציעס, אַלגעמיינערע טעמעס, זענען „פֿעליעטאָנען", געשריבן אין דער

בעסטער אייראָפּעאישער טראַדיציע: קורצע עסייען, געשריבן מיט אַ שמייכל, אַמאָל אַ אָפּטימיסטישן און, אָפּטער, אַ סקעפּטישן, אויף די ליפּן. נישטאָ אין זיין קיין פּראָפּעסאָרישע קבלו דעתיקייט. איינער פֿון זייערע הויפּט־שטריכן איז ווי פֿון יעדער אמתער עסיי, זייער געמיטלעכקייט, וואָס פּאַנגט גלייך פֿון אָנהייב די צונייגונג פֿונעם לייענער, פּונקט אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ ווילּיקער מיט־שמועסער. שפּעטער, נאָכן ענדיקן לייענען דעם קאָלום, זאָגט זיך דער לעזער: „אַך, ווי געשמאַק עס לייענט זיך; אַ שאַד וואָס אַזוי קורץ".

## קוואַלן און הינטערגרונט

כדי צו קענען מיטגיין מיטן „גאַנג פֿון טאָג" אויף דעם אַזוי לייכטן און גראַציעזן אופֿן, ווי בן־ציון גאָלדבערג טוט עס, מוז מען האָבן גאָר אַ סאָלידן גייסטיקן הינטערגרונט, מ'מוז זיין גלייכצייטיק אַ חריף און אַ בקי.

איינער פֿון די הויפּטשטריכן פֿון דעם „פֿעליעטאָן"־זשאַנר, אין דעם מערב־אייראָפּעאישן ליטעראַריש־עסטעטישן זין, איז זיין שאַרפֿזיניקייט. ער שפּרודלט מיט פֿיינע, אומדערוואַרטעטע געדאַנקלעכע איינפֿאַלן, וואָס זענען, ווי מ'וואָלט עס גערופֿן אין דער מוזיק, וואַריאַציעס אויף אַ גע־וויסער טעמע. די פֿאַראינטערעסירונג פֿון דעם לייענער, נישט נאָר וואָס די ווערט אויפֿגעהאַלטן, אומאָפּהענגיק פֿון דעם אינטערעס, וואָס ער קען האָבן צו דער טעמע אַליין; זי שטייגט מיט יעדן אַרויסגעבראַכטן נייעם גע־דאַנקלעכן ניואַנס. צעשוווּמענקייט, די מוטער פֿון לאַנגווייליקייט, די טויט־לעכסטע זינד, ווי וואָלטער רופֿט איר אָן וואָס שייך שרייבער, עקזיסטירט נישט אין די שורות פֿון דעם אמתן פֿעליעטאָניסט.

ב. צ. גאָלדבערגס חריפֿות איז דערפֿאַר איינער פֿון די פֿאַקטאָרן, וואָס שמידן צו דעם לייענערס אויפֿמערקזאַמקייט צו זיינע קאָלומס. נישט נאָר איז זיין געדאַנק שטענדיק דינאַמיש און במילא אָגרעגנד; ער איז אין זיין ליטעראַרישן אויסדרוק מערקווירדיק פֿאַרבנרייך. די געדאַנקלעכע דינאַ־מישקייט פֿון זיינעם אַ מער אַלגעמיינעם, מער טראַסצענדענטאַלן קאָלום, — איז כמעין המתגבר, וואָס שימערירט מיט די פֿאַרשידנאַרטיקסטע קאָלירן.

אָבער זיין חריפֿות איז בלויז איינער פֿון די פֿאַקטאָרן, וואָס גיבן ב. צ. גאָלדבערגס קאָלומס זייער אייגן־און איינציקאַרטיקן פּלאַץ אין דער יידי־שער פּובליציסטיק. דער אַנדערער איז זיין באַוווּנדערונגס־ווערטע בקיות, זיין כמעט ענציקלאָפּעדישעס וויסן אויף די פֿאַרשידנסטע געביטן פֿון הו־מאַניסטיק, דאָס הייסט פֿון אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט דעם מענטשן. מיט דעם איז געמיינט, ראשית כל, די באַהערשונג פֿון סאָציאַלער און קולטור־געשיכטע אין ברייטסטן זין פֿון וואָרט; אַ אינטימע באַקאַנטשאַפֿט מיט דער וועלט־ליטעראַטור דורך אירע קאָריפֿייען אין דער פֿאַרגאַנגענהייט און

אין דער קעגנוואַרט; אַ טיפער איינבליק אין סאָציאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע מיט זייערע פאַרצווייגונגען; אַ גרינטלעכער באַגריף וועגן דער קונסט, אין אירע פאַרשידענע פאָרמען, און אין איר עוואָלוציע דורך די דורות. דערצו קומט נאָך צו אַ ברייט פאַרצווייגטע און אויף אומבאַ־שטרייטבאַרע פאַקטן באַגרינדעטע קענטניש פון דער הייַנטצייטיקער וועלט.

אָבער אויך דאָס אַלץ איז נישט גענוג. ב. צ. גאָלדבערג וואָלט נאָך אַלץ ניט געווען דער סוווערענער מייסטער פון דעם „פעליעטאָן"־זשאַנר, ווען ער וואָלט נישט געהאַט גלייכצייטיק, ווי אַ יידישער פעליעטאָניסט, די קאָלאָסאַלע יידישע־ערודיציע, דעם ברייט פאַרצווייגטן ספּעציפיש־יידישן וויסן, וואָס קומט אַזוי אָפּט צום אויסדרוק אין זיינע קאָלומס.

אין אָט דעם יידישן וויסן גייען ביי אים האַנט אין האַנט די מייסטער־שאַפט פון יידיש און די באַהערשונג פון העברעאיש; די קענטניש, פאַר־בונדן מיט טיפער פּיעטעט, פון דעם ספר הספרים; די באַהאַוונטקייט אין דעם, וואָס ס'איז וועזנטלעך אין דער תלמודישער, ווי אויך אין דער מיטל־אַלטערלעכער ליטעראַטור. דאָס אַלץ גייט ביי אים פּאַראַלעל מיט זיין ליבע־פולער קענטניש פון די קלאַסיקער פון דער יידישער און פון דער נייער און נייסטער העברעאישער ליטעראַטור. ספר און בוך גייען אין זיין אויפמערקזאַמקייט פאַראַלעל. ער האָט פונקט אַזוי ליב אַריינצוקוקן אין דעם חיבור פון אַ רב, וואָס האָט, אויף זיין געביט, וואָס צו זאָגן, ווי צו בלעטערן אין דעם בוך פון אַ „מאָדערניסטישן" יידישן דיכטער. אַלץ, וואָס ס'איז קולטור, אויף אַ וועלט מאַסשטאַב אָדער נאַציאָנאַל־יידיש, איז אים ליב און טייער. דאָס איינציקע, וואָס בן־ציון גאָלדבערג פאַרטראָגט נישט, איז גייסטיקער סנאָביזם; און וואָס ס'איז אים נאָך מער פאַרהאַסט, איז עם־הארצות, וואָס פאַראַדירט ווי וויסן: די איגנאָראַנץ פון „האַלב־אינטעלי־גענטן".

רמב"ם און וויליאַם דזשיימס, טשערניכאָווסקי און וואָלט וויטמאַן, אב־רהם רייזען און שטיינבעק, ביאַליק און לאָנגפעלאָ, — זענען בלויז עטלעכע פון די באַליבטע פּערזענלעכקייטן פון בן־ציון גאָלדבערג, דעם קאָלומניסט.

## וועלט־באַוואַנדטקייט

„גרוי, מיין ליבער פריינד, איז יעדע טעאָריע; גרין איז בלויז דער לע־בעדיקער בוים פון לעבן", האָט געזאָגט געטהע. צו ב. צ. גאָלדבערגס אינ־טעלעקטועלן הינטערגרונט קומט נאָך צו דער הינטערגרונט פון זיין פראַק־טישער, פערזענלעכער דערפאַרונג. גאָר אָפּט, ווען ער שרייבט וועגן מענטשן, פעלקער און לענדער, טוט ער עס מיטן הינטערגרונט פון האָבן זיי פערזענלעך געקענט; פון האָבן געקומען מיט דער אָדער יענער מענטשן־גרופּע אין פערזענלעכן קאָנטאַקט; פון האָבן דאָרט אַליין געווען.

דער פֿאַרשטאָרבענער אורוגווייער דענקער כאָסע ענריקע ראָדאָ, האָט זיך אַמאָל געהאַט אויסגעדריקט: „באמת לעבן הייסט זיך נאָכאַנאַנד אומ־וואַנדלען; אַרומרייזן הייסט לעבן". און ער איז גערעכט. אַרומפֿאָרן איבער דער וועלט ברענגט מיט זיך אַ גרעסערע פֿעאיקייט צו דענקען אין אַ אוניווער־סאַלן פֿאַרנעם; עס באַפֿרייט דעם מענטשן פֿון די לעצטע רעשטלעך פֿון פּראָווינצערישקייט און אַלערליי לאָקאַלע פּאַטריאָטיזמען, וואָס האָבן זיך נאָך אפֿשר געקענט פֿאַרוואַלגערן אין ערגעץ אַ פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל פֿון דעם מענטשנס גייסט. זאָגט דאָך טאַקע אַ שפּאַניש שפּריכוואָרט: „לאָס וויאַכעס אילוסטראַן", רייזעס זענען בילדונג.

אין אָט דער הינזיכט איז בן־ציון גאָלדבערג דער געבילדעטסטער יידישער פּובליציסט. דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט, פֿון קאַנאַדע אָן, שוין אָפּגערעדט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, וואָס זיינען פֿאַר זיך אַליין, אַזוי צו זאָגן, אַ קאָנטינענט, און וואָס ער איז מערערע מאָל אויסגעפֿאָרן אין זייער לענג און ברייט; אַרגענטינע, אייראָפּע, ישראל, ווי אויך דער וויטער מזרח, זיי זענען פֿאַר אים אַן אָפֿן בוך. אָט דאָס, צוזאַמען מיט זיין איינ־געבוירענער פֿעאיקייט צו מאַכן פֿאַרן לייענער דאָס קאָמפּליצירטע איינ־פֿאַך, און פֿאַרשטעלן די וויטסטע פֿאַרגאַנגענהייט ווי די צאַפּלדיקע קעגנ־וואַרט (ווי, צום ביישפּיל, אין זיין קלאַסישער שילדערונג פֿון ירמיהו הנביא און זיין צייט, אין אַן אומפֿאַרגעסלעכער סעריע קאָלומס), — מאַכט, אַז דער לייענער זאָל נישט נאָר ווענלן, נאָר טאַקע באַגערן מיט אים מיטצופֿאָרן אויף זיינע רעטראָספּעקטיווע רייזעס איבער לענדער און קאָנטינענטן, סיי אין דעם הווה און סיי אין דעם עבר, ווי וויט די פֿאַרגאַנגענהייט זאָל נישט זיין. בפֿרט נאָך, אַז דער וועג איז, וואָס שייך סטיל, אויסגעלייגט מיט די פֿיינ־סטע, ווייכסטע טעפּיכער. מיט זיין אופֿן שרייבן, וואָס אָטעמט אַזוי אָפּט מיט וועלט־פֿאַרנעם, באַרייכערט בן־ציון גאָלדבערג נישט זעלטן מיט שיינ־קייט פֿון יפֿת די אָהלי שם.

## וואָלטערס לאַנגער בריוו

ס׳ווערט דערציילט וועגן דעם באַרימטן פֿראַנצויזישן דענקער פֿון אַכצעטן יאָרהונדערט, פֿראַנסואַ וואָלטער, אַז ער האָט אַ מאָל אָנגעשריבן צו זיינעם אַ פֿריינט אַ בריוו, וואָס האָט זיך צעצויגן אויף אַ היפּש ביסל זייטלעך. ווען דער שרייבער האָט אים געהאַט פֿאַרענדיקט און אונטער־געשריבן, האָט ער געמאַכט אַ קליינעם „פּאָסט סקריפּטום":

„פֿאַרצייַ מיר, ליבער פֿריינט, פֿאַרן אָנשרייבן דיר אַזאַ לאַנגן בריוו; איך האָב עס געטאָן דערפֿאַר וואָס איך האָב נישט געהאַט קיין צייט דיר אָנצושרייבן אַ קורצן".

בן־ציון גאָלדבערג האָט יאָ צייט צו שרייבן קורצע בריוו. אין זיינע

קאָלומס דערגרייכט ער דעם אידעאַל, וואָס דאַרף זיין ווי אַ לייכט־טורעם פאַר אַ שרייבער: אויסצודריקן דעם מאַקסימום פון געדאַנק אין אַ מינימום ווערטער.

קאָנצענטרירטקייט, דאָס איז זיין קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו צו זיך אַליין, די גרונטזעצלעכע פאָדערונג, וואָס שטייט פאַר זיין גייסטיקן אויג יעדעס מאָל ווען ער נעמט די פעדער אין האַנט.

אָבער בלויז קאָנצענטרירטקייט איז ווייט נישט גענוג. ווען עס באַג־לייט איר נישט אַ געוויסער אַנדערער פאַקטאָר, קען זי ווערן געפערלעך פאַר דער לעבעדיקייט פון אויסדרוק. דאָס איז די געפאַר פון פאָרמולע־מעסיקער, טרוקענער שפּראַך.

דער פאַקטאָר, וואָס דאַרף גיין האַנט אין האַנט מיט קאָנצענטרירטקייט, הייסט בילדלעכקייט אין אויסדרוק. ב. צ. גאָלדבערג ווייס דעם סעקרעט ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכן. ער ווייס, אַז אַדיעקטיוון, באַנוצט דיסקרעט, זיינען פון די בעסטע סגולות צו מאָלערישקייט פון זאַץ. דערפאַר שילדערט ער אַ געוויסן פלאַץ ווי

„אַ קליין, אָרעם, איינזאַם אינדזעלע פון עכט היימישער יידישקייט אין דער נייער וועלט".

נישט בלויז געהעריק באַנוצטע אַדיעקטיוון קענען צוגעבן בילדלעכקייט דעם אויסדרוק דורכן געשריבענעם וואָרט; דאָס קענען אויך טאָן געלונגענע ווערטער־קאָמבינאַציעס, וואָס זיינען אינטים פאַרבונדן מיט שוין פון פריער אין אונדזער גייסט עקזיסטירנדיקע באַגריפן. דערפאַר איז, פון שטאַנד־פונקט פון פיינעם סטיל, אַזוי עפעקטיוו אַזאַ מין זאַץ:

„די אַראַבער האָבן געסטראַשעט מיט אַ בילעט קיין מאָסקווע; ישראל קען סטראַשען מיט תמות נפשי עם פלשתים".

צווישן די פאַרשידענע אַנדערע עפעקטיווע מיטלען צו מאַכן דעם אויסדרוק לעבעדיקער, און במילא אַריינדרינגלעכער אין דעם גייסט פון דעם לייענער, איז דאָס באַנוצן נישט אָפט גענוצטע ווערטער, וואָס פאַסן זיך אָבער זייער גוט אַריין אין דער געגעבענער שפּראַכלעך — פּסיכאָלאָגי־שער סיטואַציע. זיי קענען זיין אין יידיש אָדער אין העברעיש. אַזוי, צום ביישפּיל, ווייל גאָלדבערג זאָגן וועגן אַ געוויסער האַנדלונג, אַז זי איז סקאַנ־דאַליעז, לייענט זיך עס אין זיינעם אַ קאָלום: „ס'איז דאָך שומו שמים". מיר געפינען ביי אים, אַז „די הילף איז געווען מיזעראַבל קליין", אָדער, אַז „זיי האָבן געמאַכט אַזאַ מאַניפּאַרגע ביים ציילן די שטימען"...

אָט איז אַ ב. צ. גאָלדבערגשער נעאָלאָגיזם:

„אַן עראָפּלאַן וועט זיך פּ ל י ג ל ע ן פון קאַלטן כמורנעם צפון צום וואַרימען זוניקן דרום".

און אַט איז נאָך אַ ביישפּיל פֿון זיין שעפֿערישקייט אין דעם זין פֿון נעאָלאָגיזמען:

„סטייטש? עס שטייט דאָך לא תרצח! די טענה מוז גיין צו ביידן גלייך, און אויפֿהערן תּרצח׳ן מוזן אויך ביידע גלייך״.

בן־ציון גאָלדבערג איז אַ מייסטער אין דער קונסט פֿון קאָמבינירן קאָנצענטרירטקייט פֿון אויסדרוק מיט בילדלעכקייט פֿון דער שילדערונג. ער איז, אין זיין שפּראַך, נישט נאָר קורץ און שאַרף, נאָר אין אַט דער קורצקייט און שאַרפֿקייט איז ער אויך אַ מאָלער מיט אַ טיפֿער פֿאַרשטענד־ניש פֿאַר קלאַנג־פֿאַרביקייט, מיט אַ גרויסער רייכקייט אין שפּראַך־פֿאַרב־ניואַנסן.

## „נישט דאָס בין איך אויסן״

ווייניק יידישע פּובליציסטן זענען אַזוי גענייגט צו מעדיטירן, ווי ס׳איז עס ב. צ. גאָלדבערג. מייסטנס האָבן מיר אין אַנדערע פֿאַלן פֿאַר זיך אַן עקספּאָזיציע, אַ מער אָדער ווייניקער קלאָרע, אַ מער אָדער ווייניקער געלונ־גענע, פֿון אַ געוויסער טעזיס, מיט אַ פּרעציז אַרויסגעבראַכטן דידאַקטישן ציל. בן־ציון גאָלדבערג, אין זיינע בעסט געלונגענע קאָלומס, הויבט גע־וויינלעך אָן מיט אַ קורצער מעדיטאַציע. ער פֿאַרטראַכט זיך, און מיט אים צוזאַמען דער לייענער, וועגן אַ געוויסן פֿאַקט אָדער וועגן אַ געוויסער דער־שיינונג. ער רעדט ווי צו זיך אַליין, אָן דעם קלענסטן צומיש פֿון אַ דידאַקטי־שער אַבזיכט. אַזוי, צום ביישפּיל, מעדיטירט ער אין אַ „ניי־יאָר״ קאָלום:

> „מיין איינציקע טענה צו ניי־יאָר איז, וואָס ער איילט זיך אַזוי צו קומען. אַמאָל פֿלעגט געדויערן אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר צווישן איין ניי־יאָר און אַ צווייטן. היינט איז איידער איר קוקט זיך אַרום, איז שוין סיקאָצל קומט־ווידער אַ ניי־יאָר״.

פֿילט איר נישט דעם מעדיטאַטיוו־מעלאַנכאָלישן טאָן, וואָס ער האָט דאָ אָנגעשלאָגן? נישטאָ מער די אַמאָליקע צייטן פֿון דעם לאַנגזאַמען לע־בנס־טעמפּאָ; אונדזער אינדוסטריעלע ערע האָט אים צונישט געמאַכט. אין אונדזער איצטיקן פּאָסטישן דינאַמישן יאָרהונדערט, גייט ניט דאָס לעבן, עס פֿליט, און מיר מיט אים. איז אָט די געבראַכטע גאָלדבערג־ציטאַטע אין אמתן אַן אָנדייט אויף אַן עסיי, וואָס קען פֿון אָט דעם מעלאַנכאָלישן גע־דאַנק זיינעם זיך אַרויסשיילן.

אָבער „נישט דאָס בין איך אויסען״. אַ געטרייער ליבהאָבער פֿון מענדעלע מוכר ספרים׳ס שאַפֿן (און איך פֿאַרדעכטיק, אויך נאָך איצט זיינער אַן אָפּטער לייענער, פּונקט אַזוי ווי ער איז עס שלום־עליכמס, וואָס מיט זיין

פּרעכטיקן, רייכן יידיש אָטעמען גאָר אַ סך פון ב. צ. ג.״ס קאָלומס), האָט ער פֿון אים איבערגענומען דאָס כלומרשטע נישט צוגעבן געגוג וויכטיקייט, און, פּאַקטיש, גאָר אונטערשטרייכן געוויסע געדאַנקען פֿון גרעסערער, אַלגעמיינערער וויכטיקייט.

דער ציטירטער געדאַנק מיט זיין לירישן הינטערגרונט, איז בלויז דער ערשטער פּאַראַגראַף פֿון דעם אַריינפֿיר צו דעם „ניי־יאָר״־קאָלום. גענומען אין איר גאַנצער גרויס, איז אָט די איינלייטונג אַ קאָנדענסירטע עסיי, וואָס האָט זיך גאַרנישט וואָס צו שעמען קעגנאיבער דער גרויס־מייסטערשאַפֿט פֿון אַ הערמאַן באהר, אין אָנהייב פֿון יאָרהונדערט, אָדער אין פֿאַרגלייך מיט דער בליץ־אַרטיקער עסיי־קונסט פֿון אַ טשעסטערטאָן, אין דער נייערער צייט.

## גייסטיקע פֿאַרוואַנדטשאַפֿטן

אויפֿמערקזאַמע לייענער פֿון ב. צ. גאָלדבערגס קאָלום — און וועלכער לעזער זיינער איז עס נישט? — האָבן געוויס באַמערקט, אַז צווישן די „לייבן״ פֿון דער יידישער פּובליציסטיק אין די לעצטע דרייסיק־פֿערציק יאָר, מיט וועלכע ס׳איז גאָלדבערגן אויסגעקומען צו אַרבעטן צוזאַמען, ווי אַ קאָלעגע, טיילן זיך אויס צוויי נעמען, וואָס ער הויבט אַרויס אין זיין קאָלום אַזוי אָפֿט ווי ער האָט נאָר די געלעגנהייט עס צו טאָן. דאָס זענען די צוויי פֿאַרשטאָרבענע מייסטער־פּובליציסטן: דר. חיים זשיטלאָווסקי און ראובן ברייינין.

איז דאָס געוויס נישט קיין צופֿאַל. אָט דער פֿאַקט האָט טיפֿע וואָרצלען אין בן־ציון גאָלדבערגס אייגענער גייסטיקער פּערזענלעכקייט. זשיטלאָוו־סקי און ברייינין זענען ביידע פֿאַר אים אידעאַלע פּראָטאָטיפּן פֿון פּובליציס־טישן דענקען, וואָס זייער קאָמבינאַציע שטעלט ער אַליין מיט זיך פֿאָר.

דר. זשיטלאָווסקי איז אין דער יידישער שעפֿערישער פּובליציסטיק געווען — און בלייבט עס עד היום — אַ מוסטער פֿון שטרענג דיסציפּלי־נירטן, אַנאַליטישן דענקען. אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדריקן, האָט דער אין „קאָלומביע״־אוניווערזיטעט אויסגעשטודירטער אין פּסיכאָלאָגיע ב. צ. גאָלד־בערג, דורך זשיטלאָווסקיס אופֿן שרייבן, שטודירט לאָגיק, אָנגעווענדט אויפֿן געביט פון ערנסטער, פֿליכט און פֿאַראַנטוואָרטונג — באַוווּסטזיניקער פּובלי־ציסטיק.

ביי ראובן ברייינין, דאַקעגן, האָט בן־ציון גאָלדבערג זיך אָנגעזאַפּט, אַזוי צו זאָגן, מיט מערב־אייראָפּעאישקייט; מיט זיין, ברייינינס, וועזנטלעכער עסטעטישקייט אין דער פּובליציסטיק. שלום־עליכמס היימישער טאָן, וואָס ס׳פֿילט זיך אַזוי אָפֿט אין גאָלדבערגס קאָלומס, ווערט פֿאַרשענערט דורך

דעם מערקווירדיקן ראובן ברייבינשן זין פֿאַר מאָס און פּראָפּאָרץ, אַ גרונט־זייל פֿון עסטעטישן פּובליציסטישן שרייבן.

אויב זשיטלאָווסקיס סטיל קען פֿאַרגליכן ווערן צו שטרענג אינטעלעקטועלער הלכה, איז ברייבינס אופֿן שרייבן געווען די גליקלעכע פֿאַראייניקונג פֿון אַ ראַפֿינירטן אינטעלעקט מיט אַן אָנהויך פֿון ליריק.

וקנה לך חבר. אָט די צוויי גייסטיקע פֿאַרוואַנדשאַפֿטן, וואָס שאַפֿן, ליטעראַריש, אָפּט דעם רוקן־ביין פֿון אַ סך פֿון ב. צ. גאָלדבערגס פֿיינסטע קאָלומס, זענען פֿאַר אים, ווי פֿאַר אַ פּערל־זוכער, זייער כאַראַקטעריסטיש. בן־ציון גאָלדבערג, דער קינסטלער־פּובליציסט, האָט זיך געזיכערט אַ פּלאַץ אויבן אָן און ער געפֿינט זיך אין דער פֿיינסטער געזעלשאַפֿט.

.1956

# אַקטועלקייט פֿון דובנאָווס „בריוו"

דאָס דאָזיקע ווערק פֿון אונדזער, צוזאַמען מיט גרעצן, גרעסטן היסטאָריקער, איז פֿאַרן יידישן לייענער מיט אינטעליגענץ און מיט אינטערעס אַריינצוקוקן טיפֿער אין דער לאַבאָראַטאָריע פֿון יידישן געזעלשאַפֿטלעכן געדאַנק אין מזרח־איראָפּע ביים ווענדפּונקט צווישן דעם נײַנצעגנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אַן עשה־געבאָט אויך איצט, אָדער בעסער געזאָגט, גראָד איצט, ווען מיר האָבן שוין די נויטיקע היסטאָרישע פּערספּעקטיווע וואָס שייך יענעם, אַזוי שטורמישן און אַזוי דינאַמיש־שעפֿערישן פּעריאָד פון דער יידישער געשיכטע. גראָד איצט איז די צייט אַריינצוקוקן אין אָט דעם ספֿר פֿון יידישער היסטאָריאָזאָפֿיע, געזען דורך דער שמעון דובנאָוו־פּריזמע, און זען וועלכע פון די געדאַנקען, וואָס ווערן אין די „בריוו" אַרויסגעבראַכט, זענען נאָך אויך איצט אַקטועל, און וועלכע האָבן זיך שוין איבערלעבט.

ווייל דאָס, וואָס משה העס, מיט זיין קלאַסיש געוואָרענעם בוך: „רוים און ירושלים", אָדער לעאָן פּינסקערס קליין ביכעלע און גרויס ווערק „אויטאָעמאַנסיפּאַציע", באַדייט פֿאַר דער געשיכטע פֿון ציוניסטישן געדאַנק, דאָס זענען דובנאָווס „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" פֿאַר דער געשיכטע פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דעם, וואָס ס'איז דאָס באַקוועמסטע אָנצורופֿן דער „דאָאיקייט"־געדאַנק.

מיטן אויסנאַם פֿון איין פונדאַמענטאַלן טעות, וואָס דער גרויסער יידישער היסטאָריקער און היסטאָריאָזאָף האָט געמאַכט, איז זיין געדאַנקענגאַנג נאָך אויך איצט אַקטועל און קען, וויי[illegible]יקסטנס, דינען ווי אַ באַזע פֿאַר ערנסטער דיסקוסיע; און גאָר אַ סך פֿון זיינע טעזיסן וועט זיין שווער, און מאַנכע פֿון זיי אוממעגלעך, אָפּצופֿרעגן.

דער טעות, אַ פֿונדאַמענטאַלער טעות, איז געווען דובנאָווס באַהויפּטונג, אַז דער פּאָליטישער ציוניזם

„רעדט איין דעם פֿאָלק חלומות, וואָס קענען נישט מקוים ווערן, וועגן

קריגן אַ זעלבסטשטענדיקע טעריטאָריע אין פּאַלעסטינע, וועגן אַ נייעם פּאָליטישן לעבן".

האָט דאָס לעבן, דער געשיכטלעכער גאַנג, אַנדערש געוויזן. דאָ נישט לאַנג צוריק איז געפּייערט געוואָרן דער עלפטער יאָרטאָג פון דער „זעלבסט־שטענדיקער טעריטאָריע" פון דעם „נייעם פּאָליטישן לעבן", פון מדינת־ישראל.

— 2 —

פון דער אַנדער זייט איז אָבער און בלייבט אַ פאַקט, אַז די אַנטשטיי־אונג פון דער יידישער מדינה האָט נישט געלייזט, און קען אויך נישט לייזן, די גרויסע און פאַרצווייגטע פּראָבלעמען פון דעם רוב בנין און מנין פון יידישן פאָלק, וואָס לעבט און וועט נאָך אויף לאַנגע דורות פאַרבלייבן אויסער־האַלב די גרעניצן פון ישראל, און וועט זיי מוזן לייזן אין זייערע וווינ־לענדער, אין די תפוצות, אין איינקלאַנג מיט די ספּעציפישע לאָקאַלע באַ־דינגונגען, באַפאַרבונגען און ניואַנסן, ווען אפילו מיט אַ געוויסער קולטו־רעלער באַאיינפלוסונג מצד ירושלים.

ווען מ'האָט דעם מוט צו אָנערקענען אָט דעם פאַקט, קריגן דובנאָווס „בריוו" אַ באַזונדערס וויכטיקע באַדייטונג, טאַקע מיט זייער „דאָאיקייט", ווי דעם גרונט־געדאַנק.

אין אָט דעם ליכט לייענט זיך נישט בלויז מיט אינטערעס, נאָר טאַקע ממש מיט שפּאַנונג, דאָס, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן, צום ביישפּיל, וועגן אחד העמס „שלילת הגלות", שטעלנדיק איר אַנטקעגן „חיוב הגלות", אָדער ווי ס'איז איצט מאָדערנער און באַקוועמער עס אָנצורופן: „תפוצותדיקייט", וואָס אין לעצטן סך־הכל איז עס „דאָאיקייט".

פון דער גרעסטער וויכטיקייט זענען אין אונדזערע „תפוצותדיקע" באַדינגונגען, דובנאָווס געדאַנקען וועגן מלוכה און נאַציע, וועגן פּאָזיטיוון און נעגאַטיוון נאַציאָנאַליזם, וועגן דעם טעות פון די אַסימילאַטאָרן, וועגן דער פאַרקריפּלונג פון דער נאַציאָנאַלער עמאַציע דורך פרעמדער דערציאונג, אום בלויז אָנצורופן עטלעכע פון די צאָלרייכע אָנרעגנדיקע טעמעס, וואָס יעדע איינע פון זיי איז דורכגעאַרבעט מיט אַ באַוואונדערונגסווערטער טיפ־קייט פון געדאַנק, מיט אַ מוסטערגילטיקן אַקאַדעמישן צוגאַנג, און מיט אַ שפּראַכלעכער עלעגאַנץ, וואָס לאַדט איין אַלץ ווייטער און ווייטער זיך צו פאַרטיפן אין דעם דאָזיקן ספר, וואָס איז גלייכצייטיק אַ גלענצנדיק לי־טעראַריש ווערק.

1959.

# אַ טיפער דענקער וועגן גרונט־אידייען

## (עטלעכע שטריכן פון שמעון ראַווידאָוויטש ע״ה)

שמעון ראַווידאָוויטש איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע יידישע גייסטיקע פערזענלעכקייטן, וואָס צו זיי קוקט אַרויף די יידישע אינטע־ליגענץ מיט אַ פאַראַנטוואָרטונגס־באַוווסטזיין וואָס שייך דעם ווייטערדיקן גורל פון יידישן פאָלק, זוכנדיק ביי זיי אָריענטירנדיקע אידייען, אויפ־קלערנדיקע געדאַנקען.

ער איז, ווי אַ היסטאָריאָזאָף, ווי אַן אויסטייטשער פון דעם טיפערן זין, פון די וועזנטלעכע כאַראַקטער־שטריכן און פון די טענדענצן פון דער יידי־שער געשיכטע, געווען געקנאָטן פון דעם זעלבן טייג ווי שמעון דובנאָוו.

אַ קענער, ווי זעלטן ווער פון דער יידישער געשיכטלעכער ליטעראַטור, אין דעם ברייטסטן זין פון דעם וואָרט; אַ מענטש מיט ענציקלאָפּעדישער בילדונג אין פילאָזאָפיע בכלל און אין דער יידישער פילאָזאָפיע בפרט, — האָט דער פאַרשטאָרבענער דענקער געווידמעט זיין לעבן צו אָט די ברייטע געביטן, און ער האָט אויסגעטייטשט יידישע געשיכטע און יידישע פילאָזאָ־פיע אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, סיי פון דער אוניווערזיטעט־קאַטעדרע אַראָפּ, סיי אין עסייען, וואָס די וואָגיקסטע זשורנאַלן אין העברעאיש און יידיש פלעגן אָפּט פאַרעפנטלעכן, און סיי אין ביכער, וואָס, ווי, צום ביישפּיל, „בבל און ירושלים״, האָבן געמאַכט אַזאַ טיפן איינדרוק אין דער וועלט פון דער יידישער אינטעליגענץ.

טיף גראָבנדיק אין זיין דענקען און דרייסט אין זיין אופן זיך אויסצו־דריקן, האָט שמעון ראַווידאָוויטש זיך קיינמאָל נישט געיאָגט נאָך פּאָפּו־לאַריטעט, און בלייבן אין דער מינדערהייט אָדער גאָר אַליין מיט זיינער אַ מיינונג, איז פאַר אים אין זיין דערפאַרונג געווען ניט קיין זעלטענע דער־שיינונג. ער איז געווען פון יענע, וועלכע נישט צו אָפּטע שטאַרקע פער־זענלעכקייטן אין דער אינטעלעקטועלער וועלט, וואָס אויב ס׳איז נויטיק צו גיין קעגן שטראָם, טוען זיי עס מיט דער גרעסטער נאַטירלעכקייט;

נישט ווי אַ באַווייז פֿון העלדישקייט, נאָר ווי אַן עלעמענטאַרע פֿליכט־דער־פֿילונג.

אין משך פֿון כמעט פיר צענדליק יאָר איז ראַווידאָוויטש געווען אַ פֿאָנען־טרעגער פֿון דעם אומאָפּהענגיקן, פרייען, קריטישן און זעלבסט־קרי־טישן דענקען, פֿריי פֿון יעדער דאָגמאַטישקייט, פּאַרטיי־דאָגמע איינגעשלאָסן.

— 2 —

וויל איך דאָ אָנווייזן בלויז אויף איין ווינקעלע פֿון שמעון ראַווידאָווי־טשעס סאָלידן אידייען־און געדאַנקען בנין. דאָס איז זיין צוגאַנג צו דעם קאָמפּלעקס „מדינת־ישראל" — תּפֿוצות", איינע פֿון די וויכטיקסטע, פֿונ־דאַמענטאַלסטע פּראָגן, וואָס שטייען איצט פֿאַר דער יידישער וועלט, און וואָס פֿון זייער לייזונג איז אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס אָפּהענגיק די איינ־שטעלונג פֿון די ווייטערדיקע שייכותן צווישן דעם ישוב פֿון מדינת ישראל און די יידישע ישובים איבער גאָר דער וועלט.

דעם פֿאַרשטאָרבענעם דענקער און היסטאָריאָזאָף איז צו פֿאַרדאַנקען די קלאָרסטע פֿאָרמולירונג פֿון גרונט־געדאַנקען אין אָט דעם גייסטיקן גע־ביט. אָט זענען עטלעכע פֿון די גרונט־אידייען, וואָס ער האָט אַרויסגע־בראַכט וועגן אָט דעם ענין, וואָס רירט אונדז אַלעמען אַזוי טיף אָן:

יידישע געשיכטע הויבט זיך נישט אָן אין מאַי 1948, ווען מדינת ישראל איז פּראָקלאַמירט געוואָרן; זי הויבט זיך אַפֿילו נישט אָן אין 1897, ווען, מיטן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אין אַנטשטאַנען דער פּאָליטישער ציוניזם.

יידישע עקזיסטענץ איז אין זיך אַליין וויכטיק, און איז באַדינגונגסלאָז. יידיש לעבן ענדיקט זיך נישט אויף גאָר דער וועלט, בלויז וויל ס'איז אַנט־שטאַנען מדינת ישראל, און מוז אומעטום אויך ווייטער אָנגיין, ווי יידישער היסטאָרישער המשך. מדינת ישראל באַדייט אַ נייעם קאַפּיטל אין דעם לעבן פֿון דעם יידישן פֿאָלק, וואָס בלייבט אויך ווייטער אַ וועלט־פֿאָלק; און בשום אופֿן נישט דעם סוף פֿון די תּפֿוצות, ווי איינסן אין נאַציאָנאַלן יידישן לעבן.

דער ישוב פֿון מדינת־ישראל איז איינגעגלידערט, ווי אַן אָרגאַנישער טייל, אין דעם יידישן וועלט־פֿאָלק; ווי אַזאַ קען ער ניט שטיין העכער אָדער זיין בעסער פֿון וועלכן ס'איז אַנדערן טייל פֿון דעם יידישן פֿאָלק. מיט אַנ־דערע ווערטער, ישראל און די תּפֿוצות זענען גלייכווערטיק.

„מיר מוזן זיך אָפּהיטן פֿון דער סכנה, אַז אונדזער אמונה אין קיבוץ גליות זאָל אונטערגראָבן אין אונדז דעם גלויבן אין פֿאָלק ישראל פֿאַר זיך גופֿא, דעם גלויבן אין די תּפֿוצות ישראל, אין חוץ לאָרץ בכלל".

קיינער פֿון די אָריענטירער פֿון אונדזער געזעלשאַפֿטלעכן געדאַנק האָט

אין דער לעצטער צייט נישט פֿאָרמולירט אַזוי קרישטאָל־קלאָר דעם אופֿן ווי ס'דאַרפֿן זיך אויספֿורעמען די פֿונדאַמענטאַלע שייכותן צווישן מדינת ישראל און די תּפֿוצות, ווי דאָס האָט געטאָן דער דאָ איצט פֿאַרשטאָרבענער דענקער און היסטאָריאָזאָף. די פֿאָלגנדיקע פֿאָרמולירונג זיינע קען כאַראַקטעריזירט ווערן ווי קלאַסיש:

„אויב מיר זענען איין פּאָלק, אויב ישראל איז אחד, — זענען מיר אחד אין יעדער באַציאונג, כאָטש מיר זענען אַזוי פֿאַרשיידן און צעטיילט פּאָליטיש און „פֿאָרמאַל". ישראל — אחד, אחד אַבסאָלוט, אויך אין דער ספֿערע פֿון ווערט. אונדזער פּאָליטיש דענקען און טאָן, באַזונדערס די גאַנצע שיטה פֿון יידישער דערציאונג אין מדינת ישראל, מוז זיין באַזירט אויפֿן פּרינציפּ פֿון פֿולער גלייכווערטקייט פֿון אַלע שבטי ישראל. חוקה אחת, איין געזעץ, איין מאָס, איין ווערט — עסענציעל און עקזיסטענציאָנעל — פֿאַר יידן אין מדינת ישראל און דעם יידן אין די תּפֿוצות. נישט די מדינת־ישראל און נישט די תּפֿוצות ישראל קענען בקיין שום אופֿן צוזאַמען לעבן ווי מער־ווערטיקע און מינדערווערטיקע קיבוצים".

פֿון אָט דעם, אַזוי לאָגישן געדאַנקען־גאַנג מוז מען לאָגישערווייז קומען צו ראַווידאָוויטשעס צווייטן פּאָסטולאַט: אַז „סיי ביי דער „אומנאָרמאַלער" אַסימילירטער יוגנט אין די תּפֿוצות ישראל, און סיי ביי דער אַ ביסל צו „נאָרמאַלער" יוגנט פֿון די „צאַברעס" אין מדינת ישראל מוז קומען אַ טיפֿערע פֿאַרשטענדעניש פֿאַרן יידישן המשך אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב.

„עס מוז", וואַרפֿט ראַווידאָוויטש די לאָזונג, קומען אַ אומווערטונג פֿון אונדזער קיום־אידעאָלאָגיע, אַ אומאָריענטירונג אין אונדזער פּאָליטישן דענקען און אונדזער דערציאונג־סיסטעם. מיר מוזן באַקעמפֿן די גאַנצע גייסטיקע און פּאָליטישע דעפּרעסיע אין די תּפֿוצות ישראל".

זענען אָט די גרונט־געדאַנקען זיין גייסטיקער טעסטאַמענט פֿאַר דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס איר דאַרפֿן זיי דינען ווי אַ געזונטע אָריענטאַציע אין איר טראַכטן און דענקען וועגן יידישן גייסטיקן עתיד, געבויט אויף נאָרמען פֿון גלייכווערטיקייט פֿון מדינת ישראל מיט די תּפֿוצות ישראל אין דער בוי־אַרבעט פֿון יידישן אוניווערסאַלן המשך.

.1957

# היסטאָריקער פון באַדייט און ראַנג

## (דר. יעקב שאַצקי ע״ה)

מיר זענען אַ וועלט־פֿאָלק, און דערפֿאַר איז יידישע געשיכטע די וועלט־געשיכטע פון יידישן פֿאָלק. די באַרימטסטע נעמען פֿון יידישע היסטאָריקער זענען דעריבער די, וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט אַט דער וועלט־געשיכטע. דאָס זענען גרעץ און דובנאָוו, די צוויי געשיכטלעכער, וואָס זייערע ווערק זענען ביז איצט די פֿונדאַמענטאַלסטע אויף אַט דעם געביט. גרעץ און דובנאָוו זענען מאָנומענטאַל.

דאָס זיין אַ וועלט־פֿאָלק מיינט אָבער, אַז דאָס יידיש פֿאָלק האָט דורות־לאַנג געלעבט אין פֿאַרשידענע לענדער, וואו ס'האָבן זיך אויספֿאָרמירט באַזונדערע, אייגנאַרטיקע קיבוצים, וואָס, זייענדיק אויף פֿאַרשידענע אופֿנים געקניפּט און געבונדן צווישן זיך, און שאַפֿנדיק שטענדיק אַן איינהייטלעכן וועזן, ווי אַ פֿאָלק אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב, האָבן זיי אָבער געהאַט יעדער איינער אַן אויסגעשפּראָכענע אייגענע פֿיזיאָנאָמיע און, אין אַ סך הינזיכטן, זייער אייגענעם אַנטוויקלונגס־וועג, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורך זייער היסטאָריש־געאָגראַפֿישן אַרום, דורך סאָציאַל־עקאָנאָמישע און פּאָליטיש־קולטורעלע פֿאַקטאָרן פֿון דער סביבה.

דאָס מאַכט גוטוועניק, אַז זייט ביי זייט מיט די היסטאָריקער פֿון יידישן פֿאָלק אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב, זאָלן טאָן געשיכטלעך־פֿאָרשערישע אַרבעט וויסנשאַפֿטלער אין די ראַמען פֿון יידישער געשיכטע אין איינצלנע לענדער. זייערע נעמען זענען אפֿשר נישט אַזוי באַרימט, אָבער זייערע לייסטונגען, די פּרוכט פֿון יאָרן־לאַנגער פֿאָרש־אַרבעט, זענען נישט ווייניקער וויכטיק ווי די אויפֿטוען פֿון יענע היסטאָריקער, וואָס זייער נאָמען איז געוואָרן אַ אינסטיטוציע, אַזוי צו זאָגן, אין דעם באַוווסטזיין פֿון יעדן מער ווייניק אינטעליגענטן יידישן מענטשן.

איז גוט וואָס אין דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט האָט זיך די פֿאָרשונג פֿון דער געשיכטע פֿון איינצלנע יידישע קיבוצים צעבליט, און וואָס היינט

צו טאָג עקזיסטירט שוין פּאַקטיש די מעגלעכקייט צו שאַפֿן זיך אַ באַגריף וועגן דער וועלט־געשיכטע פֿון יידישן פֿאָלק, געזען דורך דער געשיכטע, ווייניקסטנס פֿון יענע יידישע ישובים, וואָס זענען געווען די וויכטיקסטע אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פֿון דעם יידישן וועלט־פֿאָלק.

— 2 —

צווישן אָט די געשיכטלער, צווישן די היסטאָריקער פֿון יידישן לעבן אין פֿאַרשידענע לענדער, פֿאַרנעמט דער פֿריצייטיק פֿאַרשטאָרבענער דר. יעקב שאַצקי אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. ווייל מען רעדן וועגן די באַדייטנדיקסטע היסטאָריקער פֿון פּוילישן יידנטום, מוז מען זייט ביי זייט מיט די נעמען פֿון פּראָפֿעסאָר מאיר באַלאַבאַן, דר. יצחק שיפּער און דר. רפאל מאהלער, דערמאָנען דר. יעקב שאַצקי. שווער וועמען ס'איז פֿון זיי אַרויסצוהייבן, זיי זענען אַלע פֿונדאַמענטאַל אין דער געשיכטלעכער פֿאָרשונג פֿון פּוילישן יידנטום, וואָס זיי האָבן באַלויכטן יעדער איינער פֿון אַ באַזונדערן קוק־ווינקל.

יעקב שאַצקי האָט דעם גרעסטן טייל פֿון זיין רייפֿן לעבן נישט געלעבט אין פּוילן, אָבער וואָס פֿאַר אַ אַנדערע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן ער זאָל נישט האָבן געטאָן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, ווו ער האָט אין דער נישט יידישער וועלט דערגרייכט, ווי אַ וויסנשאַפֿטלער, צו אַ בכבודיקער פּאָזי־ציע, האָט אָבער זיין גייסטיקער בליק זיך קיינמאָל נישט אָפּגעקערט פֿון זיין געבורט־לאַנד און פֿון פּוילישן יידנטום.

פֿאַר שאַצקין, דעם יידישן היסטאָריקער, איז פּוילן געווען דאָס היס־טאָרישע פּוילן, וואָס אוקראַיִנע און אַנדערע לענדער און געגנטן זענען אַמאָל געווען אירע באַשטאַנדטיילן. ער נעמט דעריבער, ווי אַ היסטאָריקער, אָט דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פֿאַר זיין פֿאָרשונגס־געביט. די געשיכטע פֿון פּוילישן יידנטום איז ביי אים די געשיכטע פֿון גרויס־פּוילישן יידנטום.

דערביי איז פֿאַר אים אַקסיאָמאַטיש, אַז ס'איז אַ אומזין צו וועלן פֿאַר־שן יידישע געשיכטע נאָר ווי אַ קייט פֿון בלויז כראָנאָלאָגיש צווישן זיך געבונדענע פֿאַקטן און דערשיינונגען, נישט אַרויסגייענדיק פֿון די ראַמען פֿון יידישן לעבן. ער איז געווען איבערצייגט, אַז יידן זענען אין פּוילן געווען נישט בלויז יידן אין פּוילן, נאָר טאַקע פּוילישע יידן. דאָס מיינט, אַז ס'איז אוממעגלעך צו שרייבן זייער געשיכטע, נישט אַרויסברענגענדיק די געשיכטלעכע פּאַנאָראַמע פֿון פּוילישן פֿאָלק, צווישן וועלכן זיי האָבן גע־לעבט און וואָס האָט אויף אַזוי פֿיל אופֿנים באַאיינפֿלוסט די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג פֿון פּוילישן יידנטום. געשיכטע פֿון פּוילישן יידנטום — איז געווען שאַצקיס אויסגאַנגס־פּונקט — קען באַגריפֿן און געשריבן ווערן

נאָר אין די ראַמען פֿון דער געשיכטע פֿון פּוילישן פֿאָלק, נישט אויסשליסנ־דיק, נאַטירלעך, דערביי די וועלט־היסטאָרישע פֿאַקטאָרן, וואָס זייער איינ־פֿלוס האָט זיך געלאָזט פֿילן אין דער אָדער יענער צייט.

— 3 —

דר. שאַצקי איז נישט געווען קיין קאָמפּילאַטאָר. ער האָט זיך אויסגעע־קליבן דעם שווערערן, מער מיזאַמען וועג פֿון אָריגינעלער פֿאָרשונג. דאָס האָט נאַטירלעך געמוזט באַגרענעצן זיין טעטיקייט־געביט, ספּעציעל ווען מען נעמט אין אַכט, אַז פֿון ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט האָט ער נישט געלעבט, און זיין אַרבעטס־טאָג האָט געהערט צו אַן אַמעריקאַנער מעדיציניש־פּסיכאָלאָגישער אינסטיטוציע.

ס'איז דעריבער נאָכמער צו באַוווּנדערן ווי אַזוי ער האָט באַוויזן צו שאַפֿן, אויסער אַ באַדייטנדיקער צאָל לענגערע מאָנאָגראַפֿיעס און אַ גרוי־סער צאָל קורצערע עסייען אויף היסטאָרישע טעמעס, און גאָר אַ סך רעצענזיעס וועגן ווערק איבער ייִדישער געשיכטע, הויפּטזעכלעך אין די אויסגאַבן פֿון „ייוואָ", — זיינע ווערק פֿון אַ גרויסן פֿאַרנעם, יענע ביכער, וואָס מאַכן אים פֿאַר איינעם פֿון די באַדייטנדיקסטע היסטאָריקער פֿון פּוי־לישן ייִדנטום.

די ירושה, וואָס דר. יעקב שאַצקי האָט איבערגעלאָזן אין פֿאָרם פֿון ביכער, איז פֿון אַ פֿונדאַמענטאַלן כאַראַקטער. אַזוי, צום ביישפּיל, איז זיין בייטראָג, ווי אַ היסטאָריקער, אין זיין ווערק „גזירות ת"ח און ת"ט", פֿון אַ פּערמאַנענטן ווערט, ווי אַ שטודיום־קוואַל פֿאַר סטודענטן פֿון ייִדישער געשיכטע.

ווי אַ מוסטער פֿון אַ היסטאָרישער מאָנאָגראַפֿיע, וואָס לאָזט נישט אומ־באַלויכטן קיין איין פּונקט אָדער ווינקל פֿון דעם געפֿאָרשטן אָביעקט, קען דינען שאַצקיס בוך „ייִדישע בילדונגס־פּאָליטיק אין פּוילן פֿון 1806 ביז 1866". אין אָט דעם ווערק קומט אַמקלאָרסטן צום אויסדרוק זיין גרונט־זעצלעכער קוק אויף דעם, ווי ייִדיש געשיכטלעך לעבן דאַרף באַלויכטן ווערן.

די קרוין אָבער פֿון דר. שאַצקיס לייסטונגען ווי אַ פֿאָרשער פֿון ייִדישער געשיכטע, איז און בלייבט זיין „געשיכטע פֿון ייִדן אין וואַרשע", וואָס אירע שוין דערשינענע דריי בענד זענען געשריבן דורך אַן ערשטקלאַ־סישן וויסנשאַפֿטסמאַן, וואָס איז אין זיין טעמע פֿאַרליבט. ער האָט אין אָט דעם ווערק געשאַפֿן די עפּאָפּייע פֿון וואַרשעווער ייִדנטום. אָט דאָס ווערק זיכערט דעם מחבר אַ פּלאַץ ווי אַ קולטור־זייל אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער מזרח־אייראָפּע.

.1957

# מנשה אונגער און חסידות

מנשה אונגער און חסידיזם, ווי אַ פֿאָרש־געביט, — ס'איז שווער זיך פֿאָרצושטעלן אַ מער געראָטענעם גייסטיקן זיווּג. באַוואָפֿנט מיט די בעסטע מיטלען, וואָס מאָדערנע אַקאַדעמישע אויסבילדונג קען דעם פֿאָרשער צושטעלן, איז ער אָבער גלייכצייטיק נישט דער קאַלטער, בלויז און נאָר אַקאַדעמיקער, וואָס גייט צו צו זיין אויפֿגאַבע מיט דער אייז־קאַלטער אָביעקטיוויקייט פֿון דעם פֿאַלמעסער־אַנאַטאָם. געוויס, די פּינקטלעכקייט פֿון אָנגעגעבענע דאַטן איז פֿאַר אים אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכער פֿאָרבאַדינג; אָן דעם קען דאָך בכלל קיין שום היסטאָריקער נישט ווערט זיין זיין נאָמען. אָבער ס'איז פֿאַר אונגערן, דעם היסטאָריקער, כאַראַקטעריסטיש נאָך עפּעס, עפּעס, וואָס גיט זיינע פֿאָרש־אַרבעטן אַ טיפֿערן זין. אָט דער עפּעס איז זיין פֿאַרליבטקייט אין דעם אַלעם וואָס איז דער אָביעקט פֿון זיינע פֿאָרשונגען.

ס'איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי געשיכטלעכע פֿאָרשונג לשמה, אָן אַ באַשטימטן שטאַנדפּונקט, וואָס דינט איר ווי אַן אויסגאַנגס־און אָנשפּאַר־פּונקט. געוויס, די גענויקייט און פּינקטלעכקייט פֿון די קאָנקרעטע דאַטן און פֿאַקטן קען קיין שום היסטאָריקער, וואָס ס'איז ווערט צו טראָגן אָט דעם נאָמען, זיך נישט דערלויבן צו פֿאַרגוואַלטיקן; אָבער אָן אַ באַשטימטן קוק־ווינקל, פֿון וועלכן דער סכום פֿון אָנגאַבן ווערט באַטראַכט; אָן דעם, וואָס מ'רופֿט געוויינלעך אָן אינטערפּרעטאַציע, קען מען אויך קיין היסטאָריקער נישט זיין; מ'איז דאַן העכסטנס אַ כראָניק־שרייבער, וואָס מיט זיינע כראָניקעס שטעלט ער בלויז צו, אַזוי צו זאָגן, אַ געוויסן מין ציגל, וואָס מיט זיי וועט אַ היסטאָריקער שפּעטער אויפֿשטעלן זיינע געשיכטלעכע ווערק.

אונגער איז אַ היסטאָריקער פֿון חסידיזם, ווייל ער באַהערשט אָט דעם געביט, ווי אַ וויסנשאַפֿטלער, סוווערען, און ווייל ער האָט וועגן אָט דער היסטאָרישער דערשיינונג אין יידישן לעבן, ווי איר אויסטייטשער, זיין אייגענעם, אויסגעשפּראָכענעם שטאַנדפּונקט. ער געהערט צו דער „שול", וואָס איז קעגנגעזעצט צו דער ביז דאָ נישט לאַנג צוריק כמעט אַליין־הער־

שנדיקער אינטערפרעטאַציע, וואָס איז פאַרקערפערט אין שמעון דובנאָווס „געשיכטע פֿון חסידיזם". ער האָט אַ גרויסע פלוגתא מיט דעם באַרימטן יידישן היסטאָריקער; אַ מיינונגס־פאַרשידנהייט נישט וועגן דער אָדער יענער איינצלהייט, נאָר טאַקע פון אַ פונדאַמענטאַלן כאַראַקטער. פונקט אַזוי ווי דובנאָוו איז בנוגע חסידות און די חסידישע באַוועגונג אויסגעשפּראָכן נעגאַטיוו, איז ער, אונגער אויסגעשפּראָכן פּאָזיטיוו.

אָט דער גרונט־צוגאַנג זײַנער האָט געקראָגן זײַן אויסדרוק אין דעם מערקווירדיקן בוך, וואָס איז אויך פֿון ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט אַ פּרעכטיק ווערק: „חסידות און לעבן", און ווערט איצט נאָך אַ מאָל באַקרעפֿטיקט אין די געשיכטלעכע עסייען וועגן זעקס רעפּרעזענטאַטיווע פֿיגורן פֿון חסידות אין פּוילן, וואָס שטעלן צוזאַמען זײַן נייסטן בוך, פֿון ערשט־קלאַסיקער וויכטיקייט: „די חסידישע וועלט". וועגן אָט די גרויסע חסידישע רביים, וואָס אונגער האָט אין אָט דעם ווערק זיי געגעבן זייער געשיכטלעכן תיקון, קען געזאָגט ווערן, אַז זיי זענען געווען בבחינת פּיראַנדעלאָס זעקס פּערסאָנאַזשן, וואָס האָבן געזוכט זייער מחבר, ביז ער האָט זיך אָפּגעפונען אין דער פּערזאָן פֿון מנשה אונגער. מיט דער געדולד און דעם אויסדויער פֿון דעם באַרופֿענעם, אַקאַדעמישן פאָרשער, וואָס האָט, אגב, איצט צו זײַן דיספּאָזיציע פֿיל מער אַרכיוו־מאַטעריאַלן ווי די, מיט וועלכע ס'האָט בשעתו אָפּערירט דובנאָוו; מיט דער וואַרעמער סימפּאַטיע־פֿולער באַציִאונג צום חסידיזם, ווי צו אַ קאָנסטרוקטיוון, שעפֿערישן עלעמענט אין דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פֿון אונדזער פאָלק, און מיט אַ הויך־ליטעראַרישער, אָבער גלײַכצײַטיק לײַכט־צוטרעטלעכער פּעדער, האָט אונגער אין די צוויי שוין דערמאָנטע ווערק, צו וועלכע עס דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן זײַן טיף גרייפנדיקע שטודיע „פּשיסכע און קאָצק", — זיך אַרויסגעוויזן ווי דער באַרופֿנסטער פאָרשטייער פֿון דער אַנטי־דובנאָוו שיטה אין דער אינטערפּרעטאַציע פון דער עפּאָכע מאַכנדיקער דערשיינונג אין יידישן לעבן: דעם חסידיזם. וואָס זײַן פאָרשונג קריגט ערשט איצט דעם אמתן שוווּנג און דעם וויכטיקן פאַרנעם.

.1955

# מנשה אונגער אין ווונדערלאַנד פון חסידות

(„חסידות און יום טוב")

כדי אָנצושרייבן אַ באמת וואָגיק ליטעראַריש ווערק, מוז דער שרייבער זיין פיל מער ווי בלויז פאַראינטערעסירט אין זיין טעמע; ער מוז אין איר, אַזוי צו זאָגן, זיין פאַרליבט. ער מוז זיך אין איר האָבן אַריינגעלעבט אָר־גאַניש; זי מוז זיין אַן אינטעגראַלער טייל פון זיין גייסטיקן לעבן.

אָן דער פאַרליבטקייט אין זיין טעמע, וואָלט מנשה אונגער ניט גע־קענט באַוויזן צו שאַפן דאָס פּרעכטיק ווערק, וואָס ס'איז „חסידות און יום־טוב". נאָר ווייל חסידות, די אידעאַלע חסידות, זינגט אין די טיפעניש פון זיין גייסטיקן וועזן, האָט אָט דעם בוך געקענט אַנטשטיין.

שוין דער טאָן, וואָס ער שלאָגט אָן אין דעם אַריינפיר — און דער טאָן מאַכט די מוזיק — איז אַ יום־טובדיקער:

„עס האָט געמוזט זיין אַ געוואַלטיקער כוח אין דער חסידישער באַ־וועגונג, וואָס האָט צוגעצויגן אַזוי פיל יידן און פאַרנומען אַזעלכע גרויסע שטחים. דער כוח פון חסידות איז געלעגן אין דעם, מיין איך, וואָס זי האָט דערהויבן די געדריקטע נשמה פון דעם יידישן פאָלק־מענטש, פון דאָרפס־ייד און בעל־מלאכה; וואָס זי האָט דערהויבן די חשיבות פון דער יידישער פאָלקס־שפּראַך, און וואָס זי האָט ווייטער געוועבט דעם גרויסן חלום פון גאולה" . . .

אָט די פאַטאָספולע רייד זענען דער אויסדרוק פון אונגערס באַדינגונגס־לאָזער אַנטציקטקייט מיטן חסידיזם. דער דאָזיקער צוגאַנג דערקלערט די פּאָעטישקייט, מיט וועלכער ס'אָטעמט אָט דאָס בוך, פונקט אַזוי ווי ס'אָטע־מען מיט איר זיינע פריערדיקע ביכער אויף טעמעס פון חסידיזם, באַזונדערס „חסידות און לעבן". די חסידות פון העכערער מדרגה ברענגט אויך איז באַשרייבער צו אַ העכערער מרגה, ליטעראַריש.

חסידות, דער אידעאַלער חסידיזם, איז פּערמאַנענטע נשמה־יתרהדיקייט. ס'איז דעריבער לייכט צו דערפילן די גייסטיקע יום־טובדיקייט, וואָס וועט הערט פון אונגערס בוך, וועלכעס דערציילט וועגן חסידות, ווי זי האָט זיך אויסגעווירקט אין יידישע ימים־טובים; וועגן דעם זין, וואָס חסידות האָט אין זיי אַריינגעלייגט; וועגן דער גייסטיקער התהוררות, וואָס חסידות האָט מיט זיי פאַרבונדן.

דאָס אַלץ לאָזט אונדז דער מחבר אויף אַ מערקווירדיק עפעקטיוון אופן זען דורך דער פּריזמע פון די גרעסטע, דערהויבנסטע גייסטער, וואָס חסידות האָט צו פאַרצייכענען אין איר עפּעס מער ווי צוויי הונדערט יאָריקער געשיכטע, אָנהויבנדיק מיט דעם בעל־שם, איר גרינדער, און ענדיקנדיק מיט די באַדייטנדיקסטע פערזענלעכקייטן צווישן די חסידישע רביים אין די „הויפן" פון פוילן און גאַליציען צווישןביידע וועלט־מלחמות.

ס'איז אין זייערע אַלעמענס אויסערונגען און האַנדלונגען, לויט ווי זיי ווערן אַרויסגעבראַכט אין „חסידות און יום־טוב", דאָ אַזוי פיל געלייטערטע לעבנס־חכמה, פון איין זייט, און עטישער פּאַטאָס, פון דער צווייטער, — אַז ווען מיר לייגן אַוועק דעם בוך נאָכדעם, ווי מיר האָבן אים דורכגעלייענט מיט שפּאַנונג און הנאה, פילן מיר זיך, גייסטיק, דערהויבענער. „חסידות און יום־טוב" איז איינס פון יענע זעלטענע ביכער, וואָס מאַכן אונדז, אויף אַ געוויסע צייט, ווייניקסטנס, מענטשלעכער, וועקנדיק אין אונדז אַ בענקשאַפט נאָך העכערע עטישע ווערטן. לייענן אָט דעם בוך מיינט זיך באַגעגענען מיט אויסדערוויילטע גייסטער, וואָס די ליבע צו דעם מענטשן בכלל, און צו דעם קאָנקרעטן, איינצלנעם מענטשן בפרט, איז אַן אָרגאַנישער טייל פון זייער אינערלעכן וועזן.

„חסידות און יום־טוב" אַנטהאַלט גאָר אַ סך שטאָף, וואָס אויב ס'זאָל אַמאָל זיך באַווייזן אין דער יידישער קינסטלערישער ליטעראַטור אַ צווייטער פּרץ, אין זין פון פאַרהערלעכונג פון דער חסידות־ראָמאַנטיק, וועט ער אין אים, אין דעם דאָזיקן שטאָף, געפינען גענוג מאַטעריאַל פאַר אַ וואַריאַציע אויף דער טעמע „אויב נישט נאָך העכער".

.1958

# „אויף די וועגן פֿון קיום“
## (אַ קאַפּיטל אברהם גאָלאָמב)

די קונסט פֿון עסיי איז גרונטזעצלעך די קונסט פֿון קענען „אַריינגאַרן“ דעם לייענער דורך דער שיינקייט פֿון פֿאָרם, כּדי אים צו מאַכן נאָכפֿאָלגן דעם מחבּרס געדאַנקען־גאַנג, וואָס שייך געדאַנקען ערנסטע און טיפֿע, אָן אָנשטרענגונג, און קומען צום סוף פֿון דעם עסיי אַזוי גייסטיק פֿריש, ווי מ׳איז עס געווען ביים אָנהויב, נישט געקוקט אויף דעם וואָס מ׳איז מיט אים מיטגעגאַנגען אַ לאַנגע שטרעקע.

אין אָט דעם זין איז אברהם גאָלאָמב אַן ערשט־ראַנגיקער עסייאיסט.

אין זיין נייסטן בוך: „אויף די וועגן פֿון קיום“ האָט ער צענויפֿגעקליבן פֿופֿצן עסייען, וואָס כאָטש, אויסערלעך, קען זיך דאַכטן, אַז דער צוזאַמענהאַנג צווישן זיי איז אַ לויזער, האָבן זיי אָבער אין אמתן עפּעס, וואָס בינדט זיי אַלע גאָר שטאַרק און גיט דעם בוך זיין גאַנצקייט, זיין אָרגאַנישע אייניקייט. דאָס איז גאָלאָמבס ווילן אַריינצודרינגען אין דעם טיפֿערן וועזן פֿון אונדזער געשיכטלעכן וועג, און טיפֿער צו באַגרייפֿן די פּראָצעסן, וואָס קענצייכענען די עוואָלוציע פֿון דער יידישער קולטור זינט די עלטסטע צייטן ביז היינטיקן טאָג. „איך זוך תּמיד דעם פֿאַרגלייך פֿון דעם היינט צו אונדזער אַמאָל, כּדי צו האָבן אַ פּסק־דין פֿון דער געשיכטע“.

היסטאָריאָזאָפֿיע רופֿט מען דאָס טיפֿערע זוכן די „פֿאַרוואָסן“ און די „ווי אַזוי“ען אין דער געשיכטע פֿון אַ פֿאָלק. אברהם גאָלאָמב איז, וואָס מען זאָל נישט דענקען וועגן דער ריכטיקייט פֿון זיין געדאַנקען־גאַנג, אַ ביז גאָר אָריגינעלער היסטאָריאָזאָף. דער לעצטער עסיי פֿונעם בוך: „אויף די וועגן צו נצח ישׂראל“, איז איינער פֿון די בעסטע יידישע קולטור־געשיכטלעכע עסייען, וואָס זענען ווען ס׳איז געשריבן געוואָרן. די אָפּטיילונג „וועגן תּקופֿות בכלל“ קען זיך פֿאַרגלייכן צו די שענסטע קאַפּיטלען אויף אָט דער טעמע אין די ביכער פֿון די באַרימטסטע נישט יידישע געשיכטע־פֿילאָזאָפֿן. פּונקט אַזוי גלענצנדיק איז אָנגעשריבן די אָפּטיילונג „קאַנ־

פּליקטן צווישן תקופות און זייערע קולטורן". צו לייענען זיי איז אַן אינ־טעלעקטועלער געניס און אַן עסטעטישער פאַרגעניגן. טיפער געדאַנק גייט אין זיי צוזאַמען מיט שפּראַכלעכער מייסטערשאַפט.

דער דאָזיקער קאַפּיטל דאַרף זיין אָבליגאַטאָרישע לעקטור סיי פאַר די תלמידים, און סיי פאַר די לערער פון אונדזערע „פּרעפּאַראַטאָריעס", און עס דאַרפן זיך מיט אים באַקענען יידישע קולטור־מענטשן און די פאָלקס־אינטעליגענץ בכלל.

אָט איז בלויז איינער פון די צאָלרייכע ביישפּילן, וואָס ס'ווילט זיך ברענגען פון דעם אופן ווי גאָלאָמב שרייבט אין דעם קלימאַקס־קאַפּיטל פון זיין פאַסצינירנדיקן בוך:

„עפּעס קאָסמישעס ליגט אין דעם כסדרדיקן בייט פון תקופות. דאָ איז די זיך ענדערנדיקע המשכדיקייט פון גאָטס באַשאַף, זיין כסדרדיקע און אייביקע מעשי בראשית. זיי זענען זיך כסדר מחדש און כסדר פאַר־ענדערן זיי זיך, און קיינער קען זיי נישט איבערמאַכן. נישטאָ קיין אַנט־רינונג פון דער נאַטורס גזר־דין. גייען אונטער די ארזי הלבנון — די מעכטיקע צעדערן באַגלייך מיט די קליינע צאַרטע עדעלווייסן פון די אַלפּן. קוים וואָס עס האַלטן זיך נאָך צו ביסלעך די שטאַרקע זוברען. אַלץ פאַרגייט און אַלץ האָט יורשים. אין דעם פאַרגאַנג איז שטענדיק דאָ דער שפּראָץ פון אויפגאַנג. אין דעם אומקום ליגט דער אויפקום. אַלטע וועלטן גייען אַוועק, נייע קומען אָן. דור הולך ודור בא.

„קינדהייט, יוגנט, דערוואַקסנקייט און אַלטקייט זענען פּעריאָדן אין לעבן פון אַ מענטשן. אין פּעריאָד ענדערט דעם פריערדיקן, אָבער ער לייקנט אים נישט אָפּ. און „גליקלעך איז דער אַלטער אין זיין אַלטקייט וואָס איז אין זיין יוגנט יונג געווען, און וואָס איז אין זיין קינדהייט געווען אַ קינד". און אַזוי גייט די געשיכטע פון דער מענטשהייט, און אַזוי גייט אויך אונדזער יידישע געשיכטע".

— 2 —

אומאָפּהענגיק פון דעם צי מען איז, נאָכן לייענען דעם בוך, איינשטימיק מיט געוויסע פון דעם מחברס טעזיסן און שלוסן, זענען דאָרט דאָ קאַפּיטלען, וואָס זייער אמת איז אַזוי טיף, און איז אַרויסגעזאָגט מיט אַזוי פיל איבער־צייגונג, אַז זיי קריצן זיך איין אין זכרון, ווי אַ צושטייער צו אונדזער וויסן און דענקען. צו זיי געהערט גאָר באַזונדערס דער קאַפּיטל „מאַסע און המון". ער איז, לויט דער אָריגינעלקייט פון דעם מחברס אויפפאַסונג, און לויט דער געלונגענקייט פון איר פאָרמולירונג, אַ בייטראָג פון באַדייט צו דער לערע פון סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע, און איז ווערט צו ווערן איבער־זעצט אין אַנדערע שפּראַכן. זעלטן ווען איז אַ פאַרשער אויפן געביט פון

סאָציאָלאָגיע אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אין דעם מהות פֿון אָט די צוויי באַזונדערע — און קעגנגעזעצטע — וועלטן, ווי דאָס האָט באַוויזן אברהם גאָלאָמב אין דעם דאָזיקן וואונדערלעכן עסיי:

„צוויי נאָענטע באַגריפֿן וואָס שפּילן אַ גרויסע ראָל אין סאָציאַלן לעבן פֿון פֿעלקער און פֿון דער מענטשהייט בכלל. אָבער זיי זענען צוויי באַזונ־דערע פֿענאָמענען, צוויי אין גרונט אויס פֿאַרשידענע און אָפֿט אפֿילו קעגנ־געזעצטע. איטלעכער יחיד קען איינצייטיק זיין אַ טייל פֿון דער מאַסע און אַ טייל פֿון דעם המון. אין ביידע פֿאַלן וועט דער אינדיווידד האַנדלען אַנ־דערש — מאַסיוו אָדער המוניש. נאָך מער — אַ מאַסע קען גאָר גיך זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ המון. פֿאַרקערט אָבער איז שוין אַ סך שווערער, אַז אַ המון זאָל זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ מאַסע, דאָס איז זעלטענער. המון איז אַ סך אַ נידעריקערע פֿאָרעם פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, און ווען אַ מאַסע „המוניזירט" זיך, איז עס אַ ירידה. אין אונדזער געזעלשאַפֿטלעכן לעבן גייט אָן אַ כסדרדיקע „המוניזאַציע", און מען דאַרף עס קלאָר זען, אפֿשר וועט זיך עטוואָס לאָזן פֿאַרהאַלטן, אָפּשטעלן דעם פּראָצעס, וואָס קען און וועט זיכער ברענגען פֿיל שאָדן".

— 3 —

אָט איז נאָך אַ פּרעכטיקער עסיי. די טעמע? „עס פֿעלן אונדז בטלנים". נישט אָפֿט קומט אויס צו לייענען אַזאַ טיפֿזיניקע אָפּהאַנדלונג וועגן דער וויכטיקייט פֿון דער אינטעליגענץ אינעם לעבן פֿון אַ פֿאָלק.

דער מחבר מאַכט, און מיט רעכט, אַן אונטערשייד צווישן דער וווּל־גאַרער און דער פֿאָלקסטימלעכער טראַדיציע וועגן דעם באַגריף „בטלן". דער וווּלגאַרער באַגריף קען אויסגעדריקט ווערן, צום ביישפּיל, אין אַזאַ פֿראַזע: „ער איז שוין צוואַנציק יאָר אין אַמעריקע און האָט נאָך נישט גע־מאַכט קיין געלט". דאַקעגן, לויט דער פֿאָלקסטימלעכער טראַדיציע, איז אַ בטלן דער „וואָס ער איז מבטל אַלע גליקן פֿון חיי שעה און איז זיך עוסק מיט חיי עולם"...

אָט איז ווי אַזוי גאָלאָמב כאַראַקטעריזירט די „בטלנים", אין איינקלאַנג מיט דער פֿאָלקסטימלעכער טראַדיציע:

„יעדעס געזונט, נאָרמאַל פֿאָלק האָט און מוז (אונטערשטראָכן דורך מיר. — ס. ק.) האָבן זיינע בטלנים. מיט זיי ווערן פֿול אַלע אוניווערזיטעטן. דאָס זענען דאָך די, וואָס פֿאַרנעמען זיך, וואָס גיבן אַוועק זייער לעבן צו שטודירן די געשיכטע פֿון דער וועלט, די אַרכעאָלאָגיעס; די, וואָס גייען אויסגראָבן אַלטע קולטורן און דעשיפֿרירן אַלטע, פֿאַרצייטיקע אויפֿשריפֿטן. דאָס זענען די פֿילאָזאָפֿן, די טעאָרעטיקער פֿון אַלע נאַטור־וויסנשאַפֿטן; וואָס גיבן אויס אַזוי פֿיל „פּראַקטישע געלטער", כדי צו שטודירן, לאָמיר

זאָגן, די עמבריאָלאָגיע פון עפּעס אַ גרעזל, פון אַ ווערימל צו ווייס איך וואָס.

„פעלקער האָלטן אויס זייערע בטלנים, מען באַזאָרגט זיי מיט שטעלעס, גרויסע פאָנדן ווערן געשאַפן דורך רעגירונגען און פּריוואַט־פּערזאָנען. מען גיט אַרויס די אַרבעטן פון די געלערנטע „בטלנים". מען ווייסט, אַז נאָר געציילטע יחידים וועלן לייענען אָט די ווערק. אָבער עס זענען קענטיק פאַראַן זאַכן וואָס זענען וויכטיקער (אונטערשטראָכן דורך מיר. — ס. ק.) ווי דער מאַרק־ווערט זייערער. צענדליקער און צענדליקער יוגנטלעכע גרייטן זיך צו קענען איבערנעמען די אַרבעט פון די בטלנים, און עס לעבט און אַנטוויקלט זיך די קולטור פון אַ פאָלק און אַלע קולטורן פון אַלע פעלקער פון דער וועלט.

„דאָס איז דער קרייזלויף פון קולטור אין לעבן פון אַ פאָלק, וואָס ס'איז פאַר זיין קאָלעקטיוון אָרגאַניזם נישט ווייניקער וויכטיק ווי דער קרייזלויף פון בלוט אין אָרגאַניזם פון אַ יחיד".

— 4 —

איך האָב געבראַכט עטלעכע כאַראַקטעריסישעביישפּילן, וואָס איך בין זיכער, אַז זיי וועלן דעם לייענער שאַפן אַפּעטיט צו לייענען „אויף די וועגן צום קיום". וואָס שייך מיין ווייניקייט, איז ביי מיינע גאַנצע חלוקי־דעות — און זיי זענען שטאַרקע — מיט גאָלאָמבן, אין פראַגן פון צוגאַנג צו יידישער קעגנוואַרט און צו צוקונפט־פּערספּעקטיוון, — בין איך, ווי אַ לייענער, אים דאַנקבאַר פאַרן דאָזיקן ווערק, וואָס, צוזאַמען מיט דעם דריטן באַנד פון זיינע געזאַמלטע ווערק: „אונדזער וועג אין די אייביקייט", פאַרדינט ער צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ אויבן־אָן אין דער געשיכטע פון יידישן געזעלשאַפט־לעכן געדאַנק.

.1960

# מאַנע כּץ, מאָדערניסט מיט יידישער טעמאַטיק

ס'איז דאָ גאָר אַ גרויסער אונטערשייד צווישן אַ קינסטלער־ייד און אַ יידישן קינסטלער. לאָמיר געבן אַ פּאָר ביישפּילן:

פעליקס מענדעלסאָן באַרטאָלדי איז געווים געווען אַ מוזיק־שאַפער פון זשעני און וועלט־באַדייטונג. איז ער געווען אַ קינסטלער־ייד; קיין יידישער קינסטלער איז ער אָבער נישט געווען. זיינע וואָרצלען ליגן אין דער נישט יידישער וועלט.

און אָט איז נאָך אַ ביישפּיל, דאָסמאָל אויפן געביט פון מאָלעריי. ס'האָט געלעבט און געווירקט אין רוסלאַנד אין פאַריקן יאָרהונדערט אַ געניאַלער פּענדזל־קינסטלער; ער האָט געהייסן לעוויטאַן און איז געווען אַ ייד. איז אויף זיינע לייוונטן ברייט צוגאָסן די מעלאַנכאָלישע שטימונג פון די רוסישע וועלדער אין האַרבסט. קיין יידישער קינסטלער איז אָבער לעוויטאַן נישט געווען.

זענען מענדעלסאָן און לעוויטאַן געווען בלויז קינסטלער־יידן, ווייל יידישע קונסט איז נאָר אַזעלכע, וואָס, דירעקט אָדער אומדירעקט, דריקט זי אויס עפּעס, וואָס ס'איז טיף פאַרוואָרצלט אין דער יידישער פאָלקס־נשמה, אומאָפּהענגיקייט פון צייט און אָרט. יידישע קונסט איז נאָר אַזאַ אין וועלכער ס'אַנטפּלעקן זיך אויף דעם אָדער אַנדערן אופן כאַראַקטער־שטריכן, וואָס מאַכן איר פּאַרן אויג אָדער פאַרן אויער אייגנאַרטיק און איינציקאַרטיק, און לאָזן אין דעם צושויער אָדער צוהערער קיין שום ספק נישט וועגן איר אור־קוואַל. אין דער מוזיק זענען דעריבער יידישע קאָמ־פּאָזיטאָרן, צום ביישפּיל, יוסף אחרון און, אין אַ סך פון זיינע ווערק, ערנעסט בלאָך.

ווער זענען יידישע קינסטלער אין דער מאָלעריי?

מיר וועלן ווענדן אונדזער בליק צום אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט,

ווען די ערשטע יידישע קינסטלער פון גרויסן פאַרנעם אויף אָט דעם געביט האָבן זיך באַוויזן, נישט פּרעטענדירנדיק צו געבן דאָ אַן אויסשעפּנדיקע ליסטע, וועלן מיר בלויז אָנרופן עטלעכע רעפּרעזענטאַטיווע נעמען; ס'האָבן אין יענע יאָרן באַרייכערט אָט די קונסט מיט זייערע ווערק הירשענבערג, ווייגליז, פּיליכאָווסקי, מינקאָווסקי, טרעמבאַטש.

אָט די פּיאָנערן פון דער יידישער קונסט אין מאָלעריי זענען געווען, אַזוי צו זאָגן, רעאַליסטן. זייער שאַפן איז געווען באַזירט אויף טרייקייט צו דער לעבנס־ווירקלעכקייט. זיי האָבן דאָס יידישע לעבן אימיטירט. זייער מאָלעריי־טעכניק איז געווען פאַרוואָרצלט אין דעם טראַדיציאָנעלן אופן, וואָס איז געווען ענג פאַרבונדן מיט די באַגריפן פון קלאַסיק.

— 2 —

אָבער אויך אין דער מאָלעריי, פּונקט אַזוי ווי אין אַנדערע געביטן פון דער קונסט, איז גילטיק דער כלל פון פאַרענדערונג, אין דעם זין פון פאָרם־אומוואַנדלונג, פּונקט אַזוי ווי ס'האָט זיך אין דער צווייטער העלפט פון פאַריקן יאָרהונדערט באַוויזן, ווי אַ רעאַקציע קעגן דער קלאַסיק און ראָמאַנטיק אין דער אַלגעמיינער מערב־אייראָפּעישער מאָלעריי, דער אימ־פּרעסיאָניזם, פאַרקערפּערט הויפּטזאַכלעך דורך דעגאַ, מאַנע, קלאָד מאָנע און רענואַר, און, שפּעטער, דער עקספּרעסיאָניזם וואָס איז אַמבעסטן געווען פּערסאָניפיצירט דורך סעזאַן, — אַזוי איז דער מאָדערניזם, אַ סך שפּעטער, אַריינגעדרונגען אויך אין דעם קעניגרייך פון דער יידישער מאָלעריי.

נישט אימיטירן דעם אַרום, נאָר אינטערפּרעטירן אים, איז, גרונטזעצ־לעך, די טענדענץ פון דער מאָדערניסטישער קונסט. די אימפּרעסיאָניסטן זאָגן: „דאָס לעבן, ווי איך זע און באַנעם עס". במילא איז אָט די קונסט ענג פאַרבונדן מיט שטימונגען. אין דער וועלט־מוזיק איז דער פאַרטרעטער „פּאַר עקסצעלאַנס" פון אָט דער ריכטונג קלאָד דעבוסי.

אויך די עקספּרעסיאָניסטן ווילן אינטערפּרעטירן דעם אַרום, אָנשטאָט אים צו אימיטירן; זיי זוכן עס אָבער צו דערגרייכן ווייניקער דורך שטי־מונגספולקייט און, במילא, דורך אַ געוויסער צעשוואומענקייט. אומגעקערט, ביי זיי זענען די קאָנטורן זייער קלאָר, די צייכנונג קומט אַרויס אין פולן רעליעף, אַ מאָל אַפילו איבערטריבן. אין דער אַלגעמיינער מאָלעריי איז איינער פון די אויטענטישסטע פאַרקערפּערער פון עקספּרעסיאָניזם דער מערקווירדיקער קינסטלער קאַנדינסקי.

ס'איז דעריבער נאַטירלעך, אַז אויך אויף דעם געביט פון יידישער מאָלעריי זאָלן נאָך די הירשענבערגס, ווייגליזס און פּיליכאָווסקיס, האָבן גע קומען די יידישע מאָדערניסטן, דאָס הייסט אַזעלכע פּענדזל־קינסטלער, וואָס זייענדיק טיף יידיש פאַרוואָרצלט וואָס שייך די קוואַלן און גרונט־מאָ־

טיוון פון זייער שאַפן, זײַנען זיי אָבער גלייכצייטיק באַהויכט פון דער
טענדענץ צו אינטערפּרעטירן דעם יידישן אַרום, אַנשטאָט אים בלויז צו
אימיטירן.

אַזוי אַרום האָבן אין די צוואַנציקער יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט
אויפגעטויכט די דריי געניאַלע יידישע מאָדערניסטן, וואָס מאַנע כץ איז
איינער פון זיי. די אַנדערע צוויי זענען: מאַרק שאַגאַל און דער פאַר־
שטאָרבענער חיים סוטין.

— 3 —

אין מאַנע כצס ווערק טריאומפירט דער עקספּרעסיאָניזם, ווי די פּענדזל־
שפּראַך, אַזוי צו זאָגן, אין וועלכער ער דריקט זיך אויס. אָבער די טעמאַטיק
פון זײַנע לייוונטן, זײַן אויסבליק צו דער וועלט, איז שטענדיק
פאַרוואָרצלט אין יידיש. און ווייל ער אינטערפּרעטירט דאָס יידישע לעבן,
וואָס אין זײַן געדעכעניש, נישט געקוקט אויף די פילע יאָרן פון זײַן וווינען
אין מערב־אייראָפּע, איז עס דאָס לעבן פון דעם יידישן שטעטל אין דער
אַמאָליקער, פאַר דעם מבולדיקער מזרח־אייראָפּע, — איז נאַטירלעך, אַז
אָט דאָס לעבן זאָל צו אונדז פון זײַנע ווערק אַראָפּקוקן אין זײַן אויס־
טײַטשונג.

ווי האָט ער עס אויסגעטײַטשט?

צוויי עלעמענטן זענען אַממערסטן כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַן קונסט:
גראָטעסקט און דראַמאַטישקייט. אויפן ערשטן בליק דוכט זיך, אַז ער
האָט בכיוון אַרײַנגעגעבן אין זײַנע בילדער אַ געוויסע אומלאָגיק. איז
עס בלויז דער ערשטער אײַנדרוק. קוקט מען זיך אָבער צו גענויער צו
זײַנע בילדער און מען ווערט צוגעוווינט צו דער אייגנאַרטיקער, אָריגינעלער
שפּראַך פון זײַן פּענדזל, ווערט דעם צושויער קלאָר, אַז דאָס האָט ער,
אונטער דער מאַסקע פון גראָטעסק, גאָר אויסגעדריקט שטאַרקע דראַ־
מאַטישקייט און, צײַטנווײַז, אויך טראַגיק, עלעמענטן, וואָס מיט זיי איז
געווען איבערפולט דאָס, שוין אין די אייביקייט אַוועקגעגאַנגענעם מזרח־
אייראָפּיש יידיש לעבן.

אין טאַקע די פאַרוואָרצלטע יידישקייט פון זײַן שאַפן, וואָס גייט האַנט
אין האַנט מיט אָריגינעלער אינטערפּרעטאַציע, עקספּרעסיאָניסטיש אויס־
געדריקט, דאָס וואָס מאַכט זײַן ווערק אַזוי אַנציענדיק פאַר קונסט־ליב־
האָבער נישט בלויז אויף דער יידישער גאַס, נאָר אויך אין דער גרויסער
און ברייטער נישט יידישער וועלט. פאַרנעמען טאַקע דערפאַר זײַנע שאַ־
פונגען אַן ערן־פּלאַץ אין די מוזייען פון די מערב־לענדער, די פאַראייניקטע
שטאַטן אַרײַנגערעכנט.

מאַנע כץ, האָט אָט דעם פּלאַץ פאַרדינט, ווייל ער האָט, ווי אַ קינסטלער,

גלייך פונעם אָנהייב פון זיין שעפערישער קאַריערע, באַגריפן דעם עלע־
מענטאַרן, גרויסן אמת, אַז ס'איז נישטאָ, און ס'קען ניט זיין, אַזאַ מין זאַך
ווי קאָסמאָפּאָליטישע קונסט, און אַז עכטע קונסט מוז וואָרצלען נאַציאָנאַל
און מוז ווירקן אַלמענטשלעך־עמאָציאָנעל. דברים היוצאים מן הלב נכנסים
אל הלב.

און אַזוי שפינט מאַנע כץ, דער יידישער עקספּרעסיאָניסט אין דער
פּענדזל־קונסט, ווייטער דעם גאָלדענעם פאָדים פון יידישער מאָלעריי, וואָס
ס'האָבן אָנגעהויבן צו שפּינען מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, אין מזרח־
אייראָפּע, די הירשענבערגס די פּיליכאָווסקיס, די וויינליזס. אויב זיי זענען
געווען די אברהם רייזענס פון דער מאָלעריי, איז ער אַ איציק מאַנגער אירער.
אברהם רייזען, איציק מאַנקער, ווער פון אונדז קען זיך אונטערנעמען צו
זאָגן וועמען פון זיי ער האָט, ווי אַ ליבהאָבער פון יידישער דיכטונג, ליבער?
האָב איך טאַקע זייביידן ליבער. פונקט אַזוי האָב איך אויך ביידן ליבער
אין דער יידישער מאָלעריי: סיי די ווערק פון די פּיאָנערן און סיי מאַנע
כצס, צוזאַמען מיט די פון מאַרק שאגאַל און פון חיים סוטין. דעריבער
קענען מיר אים באַטראַכטן סיי ווי אַ גרויסן יידישן קינסטלער, און סיי ווי אַ
בירגער אין דער וועלט פון דער אוניווערסאַלער קונסט.

1955.

# רפאל מאַנדעלצווייגס פאַרבענקטער רעאַליזם

(דערעפענונגס־רעדע אויף דער בילדער־אויסשטעלונג פון דעם איצט שוין פאַרשטאָרבענעם רפאל מאַנדעלצווייג, אין קונסט־סאַלאָן פון דער צייטונג „עקסצעלסיאָר", דעם 23־סטן יאַנואַר 1956).

רפאל מאַנדעלצווייג געהערט צו יענע פענדזל־קינסטלער, וואָס סיי ס'איז שווער און סיי עס ווילט זיך גאָרנישט אַריינבעמען זיי אין דעם באַגריף, וואָס ס'איז גאָר אָפּט פאַר אַ קינסטלער אַ סדום־ביטל, פון דער אָדער יענער „שולע", פון דער אָדער יענער טענדענץ. ווען מיר קוקן אויף זיינע בילדער — און אויף געוויסע פון זיינע שאַפונגען קענען מיר זיך גאָרנישט זאַט אָנ־קוקן — אידענטיפיצירן מיר זיך פשוט, אין גייסט, מיט דעם, וואָס דער קינסטלער וויל אונדז אויף זיין לייוונט זאָגן. דאָס וויכטיקסטע: ער האָט וואָס צו זאָגן און ער באַזיצט די מיטלען ווי עס צו זאָגן, אין דער פּאַסיק־סטער פאָרם פאַר יעדער געגעבענער סיטואַציע.

זיין, מאַנדעלצווייגס, גרויסער טאַלאַנט איז אַ טאַלאַנט פון אַ פילזייטיקער קינסטלערישער פערזענלעכקייט, און ער קומט דעריבער צום אויס־דרוק אויף פאַרשידענע אופנים. „אויב מען וויל אַ קינסטלער פאַרשטיין, מוז מען אין זיין לאַנד גיין", זאָגט אַ געטהע־אַפאָריזם. דאַרפן מיר דע־דיבער, כדי בעסער אויפצופאַסן רפאל מאַנדעלצווייגס קונסט, אים באַגלייטן אויף די פאַרשידענע געביטן פון זיין שעפערישן קינסטלערטום.

ער איז, ראשית כל, אַ גלענצנדיקער מאָלער פון יידישן לעבנס־שטייגער. אין אָט דער היבזיכט איז ער אַ ווירדיקער נאָכפאָלגער פון יענער פלעיאַדע פון קאָריפייען פון דער יידישער קונסט־מאָלעריי, וואָס האָבן איבערראַשט די גרויסע וועלט מיט זייער אַנטפּלעקונג פון דעם מזרח־אייראָפּעישן יידישן לעבן אין אָנהייב פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט, און וואָס עטלעכע פון די

פאַנען־טרעגער פון אַט דעם היסטאָרישן קונסט־אויפטו זענען געווען היר־שענבערג, ווייגליז, טרעמבאַטש, פיליכאָווסקי.

מאַנדעלצווייגס לייוונטן מיט דער אַרויסגעבראַכטער וועלט פון יידישן לעבנס־שטייגער אין די שטעט און שטעטלעך פון דער פאַר דעם מבול־דיקער מזרח־אייראָפּע, זענען נישט נאָר אַ טרייע אָפּשפּיגלונג פון יענעם יידישן פאָלקסטום, נאָר זיי אַטעמען גלייכצייטיק מיט אַ צאַרטן לירישן הויך, מיט אַ בענקשאַפט נאָך אַט דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס, ווי יעדע עכטע נאָס־טאַלגיע מאַכט זי דעם פאַרבענקטן אידעאַליזירן דעם אָביעקט פון זיין בענקעניש. יענע פון מאַנדעלצווייגס בילדער, וואָס זענען געווידמעט דעם שטייגער־לעבן — זשאַנר, זענען אַ ווונדערלכער געמיש פון רעאַליזם און ליריק. דער בעסטער אופן זיי צו כאַראַקטעריזירן איז אפשר דורך באַ־טראַכטן זיי ווי פאַרבענקטן רעאַליזם.

אַט דער פאַרבענקטער רעאַליזם קריגט ביי אים זיין עכטסטן אויסדרוק אין אַזעלכע פּרעכטיקע שאַפונגען, ווי „צוריק פון חדר" און „ליכט בענטשן". אונדזער אַנטציקונג מיט אַט די שעדעווערן האָט גאָרנישט צו טאָן מיט אונדזער עווענטועלער „וועלטלעכער" אָדער אַנדערער איינשטעלונג. זי האָט אָבער גאָר אַ סך צו טאָן מיט דעם, וואָס טאָלסטאָי האָט אויף אַזאַ קלאַסישן אופן אויסגעדריקט פאַר יעדן פון אונדז, ווען ער האָט געשריבן: „אָ, גליק־לעכע, גליקלעכע צייט פון די קינדער־יאָרן! ווי זאָלן מיר נישט ליב האָבן, ווי זאָלן מיר נישט צערטלען די דערינערונגען וועגן איר".

אָבער מאַנדעלצווייגס קונסט אין דעם שטייגער — לעבן ־ זשאַנר, איז, ווי געזאָגט, בלויז איינער פון די פאַרשידענע אַספּעקטן פון זיין שעפערישן אויסלעבן זיך ווי אַ קינסטלער. דער צווייטער אַספּעקט פון זיין פּענדזל־קונסט איז זיין טיפע סימפּאַטיע צו יעדן מין מענטשלעכע ליידן. נישט קיין סך איז פון אַט דעם זשאַנר זיינעם דאָ אין זיין היגער אויסשטעלונג; אָבער, ווי הייסט עס אין שפּאַניש, „פּאַראַ מועסטראַ קאָן און באָטאָן באַסטאַ", פון דעם פּרט קען מען אורטיילן וועגן כלל. נאָכן אַריינזאַפּן אין אונדזער גייס־טיקן „איך" דעם אינהאַלט פון אַזאַ בילד, ווי, למשל, „אין אַ הילפס־פאַר־איין", וועלן מיר זיך פון אים קיינמאָל נישט קענען באַפרייען. סיי דער מאַן און סיי די פרוי אויף אַט דעם לייוונט רעדן צו אונדז, סיי דורך זייער רעזיגנירטן שווייגן און סיי דורך דער אויסגעלאָשענער האָפנונג אין זייער מאַטן, מידן בליק, פיל עלאָקווענטער ווי ס'וואָלטן געקענט טאָן גלענצנדיקע רעדעס אָדער בליציקע, געדאַנקען־רייכע עסייען וועגן סאָציאַלער אומגערעכ־טיקייט.

און אַט איז נאָך אַ געביט פון מאַנדעלצווייגס קינסטלערישער מייס־טערשאַפט. קוקט זיך צו צו זיינע „צוויי קומושקעס"! וועגן וואָס רעדן זיי עס אַזוי שעלמיש? וועמען באַרעדן זיי עס אַזוי געשמאַק? ווען מאַנ־

דעלצוויִיג וואָלט נישט געהאַט אויפצווייזן קיין שום אַנדערע קינסטלערישע לייסטונגען, וואָלט ווערט געווען בלויז צוליב אָט דעם מייסטער־ווערק צו קומען אין דעם אויסשטעלונג־זאַל פון „עקסצעלסיאָר". דאָ האָט ער אָנגערירט פּונקט אַזוי ווי ער האָט עס געטאָן אין דעם שוין דערמאָנטן פּרעכטיקן לייוונט: „אין אַ הילפּס־פּאַראיין", אַ אוניווערסאַלע סטרונע, און זי קלינגט אָפּ מיט אַן אַל־מענטשלעכן טאָן. זענען דאָך אָט די „קומושקעס" אַ וואַריאַציע אויף דער טעמע פון דער שפּאַנישער „קאָמאַדרע", פון דער רוסישער „קומושקאַ", מיט איין וואָרט, אַן אידעאַלע פּאַרקערפּערונג פון אַלע באַרעדעווודיקע־און באַרעדנדיקע, פּלאָטקעס־טרייבנדיקע — „קומושקעס" איבער דער גאָרער וועלט. אָט דאָס בילד פּאַרדינט אָן שום ספק אַ פּלאַץ אין די גרויסע וועלט־מוזייען.

מיט אַזאַ פעאיקייט פאַר פּסיכאָלאָגישער אַריינדרינגונג, ווי מאַנדעלצוויִיג ווייזט אַרויס אין זיינע „קומושקעס", איז שוין נישט קיין וווּנדער וואָס ער איז אַזאַ מייסטער אויף „קעפּ". דער באַזוכער פון אָט דער אָפּטיילונג פון זיין אויסשטעלונג ווערט ממש איבערראַשט פון דער פאַרשידנאַרטיקייט פון יידישע פּנימער און פון זייער אויסדרוק, וואָס דער קינסטלער האָט אַנטפּלעקט אין דעם אַלגעמיינעם יידישן טיפּ. אָט די אָפּטיילונג איז ווידער אַ מאָל אַ קאַפּיטל פאַר זיך, נאָך אַן אַספּעקט, אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער, פון מאַנדעלצוויִיגס קינסטלעריש־שעפערישער פּערזענלעכקייט.

און אחרון אחרון חביב. לאָמיר נישט פאַרגעסן מאַנדעלצוויִיגן, דעם פּייזאַזשיסט! וואָס פאַר אַ טיפע פאַרשטענדעניש ער האָט פאַר פאַרב־ניואַנסן אין איינקלאַנג מיט צייט און אָרט! זיין „נאַטור" לעבט אויף זיינע לייוונטן; דערפאַר קריצט זי זיך איין אין אונדזער זכרון.

.1956

# גרויס אין קונסט, שטאַרק אין כאַראַקטער

## (שטריכן צו דער כאַראַקטעריסטיק פון זיגמונט טורקאָוו)

אין אָנהייב פון יאָרהונדערט זענען אין דער יידישער וואַרשע, דער דעמאָלסדיקער עיר ואם בישראל, געווען משפחות, וואָס זענען אין מיניאַטור, אַזוי צו זאָגן, געווען נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס. יעדע איינע פון זיי איז געווען אַ מין צענטער פון דאָרטיקן יידישן לעבן אויף אַ געוויסן געביט. מ'פלעגט, צום ביישפּיל, זאָגן „די דאַווידסאָנס", „די לעוויטעס" און מ'האָט דערביי געמיינט, אַז די מיטגלידער פון יענע פאַמיליעס זענען געווען עוסקי בצרכי ציבור באמונה אין איינעם פון די אָפּצווייגן פון דעם פאַרצווייגטן דאָרטיקן יידישן לעבן.

צווישן די נעמען פון אַזעלכע פאַמיליעס פלעגט אויך קלינגען דער נאָמען „טורקאָוו". דער ראש־המשפחה איז געווען איינער פון די טיכ־טיקסטע טוער פון יענער יידישער וואַרשע אויפן געביט פון סאָציאַלער הילף, פון דעם העלפן אַ קראַנקן ביז דעם אַרויסהעלפן אַן אָרעמען בעל־מלאָכה, ער זאָל ניט צעשמעטערט ווערן דורך די רעדער פון דער עקאָ־נאָמיק, וואָס האָט אים קעגנאיבער אָנגענומען וואָס אַ מאָל מער מאָנסטער־האַפטע פאָרמען. אין טורקאָווס הויז האָט אַלץ געאָטעמט מיט געזעלשאַפט־לעכקייט, און די אַטמאָספערע איז דאָרט שטענדיק געווען פון פיבערהאַפטער טעטיקייט; פון היום קצר והמלאָכה מרובה.

איז אָט דער הינטערגרונט נויטיק, כדי בעסער צו באַגרייפן די פּער־זענלעכקייט זיגמונט טורקאָוו, דער אַקטיאָר, רעזשיסאָר און שריפטשטעלער; ברודער פון יאָנאַס טורקאָוו, דעם בינע־קינסטלער, און פון מאַרק טורקאָוו, דעם געזעלשאַפטלעכן עסקן און קולטור־טוער, פאַרשטייער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין בוענאָס־איירעס.

פונקט ווי אין אַ סך אַנדערע פאַלן פון גרויסע יידישע פּערזענלעכקייטן, דאַרף מען אויך אין דעם פאַל זיגמונט טורקאָוו נעמען אין באַטראַכט די היים פון וועלכער זי קומט. געוויס, טאַלאַנט איז דאָס, וואָס די גרויסע

פערזענלעכקייט טראָגט אין זיך, און וואָס ס׳קען נישט באַשאַפֿן ווערן דורך אויסערלעכע באַדינגונגען; אָבער דער אופֿן פֿון אויסנוצן דעם טאַלאַנט, קען גאַנץ באַשטימט באַאײַנפֿלוסט ווערן דורך דער היים. אויב דער נאָמען זיגמונט טורקאָוו איז פֿאַרשריבן מיט גאָלדענע אותיות אין די אַנאַלן פֿון יידישער טעאַטער־קונסט און פֿון דער מזרח־אייראָפּעאישער יידישער קול־טור בכלל, איז עס אין אַ גרויסער מאָס צו פֿאַרדאַנקען דעם יידיש־באַ־פֿרוכטיקנדיקן אײַנפֿלוס, וואָס די טורקאָוו־היים האָט אים געגעבן ווי צידה לדרך פֿאַר זײַן שפּעטערדיקן לעבן אין דער גרויסער, ברייטער וועלט.

— 2 —

טיף פֿאַרוואָרצלטער נאַציאָנאַלער באַוווּסטזיין איז אַ גרונט־עלעמענט אין דער אויספֿורעמונג פֿון דער פּערזענלעכקייט זיגמונט טורקאָוו, ווי דעם גרויסן יידישן קינסטלער ,וואָס האָט זײַן אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט צו דער בינע אויסגענוצט אויף אַזאַ שיינעם אופֿן.

דער צווייטער פֿאַקטאָר, וואָס האָט בייגעטראָגן צו זײַן ווערן דאָס, וואָס ער איז שוין זינט לאַנגע יאָרן: אַן עמוד האש אין דער געשיכטע פֿון יידישן טעאַטער, איז וויזיע, טיפֿע פֿאַרשטענדעניש פֿון דער ראָלע פֿון דער היינט־צײַטיקן יידישן בינע־קינסטלער אין דער מאָדערנער יידישער קולטור.

ער האָט זיך נישט געלאָזט פֿאַרפֿירן פֿון די גלענצנדיקע פּערספּעקטיוון, וואָס ס׳האָבן זיך פֿאַר אים געעפֿנט אין פּוילישן טעאַטער, נאָכדעם ווי ער האָט די באַדייטנדיקסטע טעאַטער־קריטיקער פֿון דער וואַרשעווער פּויליִ־שער פּרעסע דערשטוינט מיט זײַן פּרעכטיקער לייסטונג בעת די שלוס־עק־זאַמענעס אין דער פּוילישער דראַמאַטישער שול, ווו ער האָט געהאַט דורכ־געמאַכט זײַן אַקאַדעמישן בינע־שטודיום. אַז לא זה הדרך, איז פֿאַר אים געווען קלאָר. ער איז אָבער געווען צו פֿיל פֿאַרכישופֿט פֿון דער רײַכקייט פֿון דער קונסט־וועלט, וואָס האָט זיך פֿאַר אים געהאַט אַנטפּלעקט אין משך פֿון די יאָרן פֿון זײַן פֿאַרברענגען אין די נישט יידישע טעאַטער־שטודיעס.

אַזוי אַרום האָט אין דעם גייסט פֿון דעם קינד פֿון דער טורקאָוו־היים און אַביטוריענט פֿון דער נאַציאָנאַל־דערציִערישער מאַגנוס קרינסקי־גימנאַ־זיע, געמוזט זיך שאַפֿן דער פּרוכטבאַרער סינטעז צווישן דעם יידישן און דעם אַלמענטשלעכן עלעמענט. ס׳איז געבוירן געוואָרן זיגמונט טורקאָוו, דער קינסטלער, וועמען ס׳איז באַשערט געווען צו זײַן פּונקט אַזוי גרויס אין דער ראָלע פֿון „טוביה דער מילכיקער״, ווי ער איז דערהויבן אַלס פֿאַר־קערפּערער פֿון הוגאָס „גלאָקן־ציִער פֿון נאָטער דאַם״.

זיגמונט טורקאָווס ווייטערדיקע קאַריערע, איינע פֿון די גלאַררייכסטע אין דער געשיכטע פֿון יידישע קינסטלער בכלל, איז אַ נאָכאַנאַנדיקע שמי־דונג פֿון אַ גאָלדענער קייט, וואָס אירע רינגען זענען גרונט־עלעמענטן פֿון

דר יידישער און פון דער אַלוועלטלעכער קולטור. אַט דאָס איז געווען דער הינטערגרונט פון יענע יאָרן פון יום־טובדיקייט אין דעם יידישן קולטור־לעבן אין פוילן וואָס ס'האָט מיט זיך געבראַכט טורקאָווס גרויסע לייסטונג, די מעשה ידי להתפאר־לייסטונג פון זיין שעפערישן גייסט: דער „וואַרשעווער יידישער קונסט־טעאַטער", דער אין דער געשיכטע פון יידי־שער טעאַטער־קונסט פאַראייביקטער „וויקט". דורך אים איז דער רעזשי־סאָר און אַקטיאָר זיגמונט טורקאָוו אויסגעוואַקסן צו איינעם פון די גרעסטע קולטור־טרעגער אין דער יידישער מזרח־אייראָפּע צווישן די צוויי וועלט־מלחמות.

— 3 —

איינע פון די זעלטנסטע קאָמבינאַציעס אין דער נאַטור, אין די פון גרויסן טאַלאַנט געפּאָרט מיט שטאַרקן כאַראַקטער. נאָר ווען אָט דיביידע גייען האַנט אין האַנט, קען מען דערוואַרטן באמת גרויסע לייסטונגען. זיג־מונט טורקאָוו איז די פּערזאָניפיצירונג פון אָט דער גליקלעכער קאָמבי־נאַציע.

דער געשיכטלער פון דער יידישער מזרח־אייראָפּעאישער קולטור וועט מיט באַוווּנדערונג פאַרצייכנען זיגמונט טורקאָווס קאַמפּס־לוסטיקייט אין זיין טעטיקייט ווי דער גרינדער, אויפהאַלטער און אַרויפברענגער פון דעם „וואַרשעווער יידישן קונסט־טעאַטער" צו דער מדרגה פון איינעם פון די בעסטע קינסטלערישע אינסטיטוציעס פון דעם מין אין אייראָפּע; וואָס די וויכטיקייט פון זיינער אַ „פּרעמיערע" פלעגט ווייט אַריבערגיין די גרע־ניצן פון לאָקאַל־יידישער אָדער אפילו לאָקאַל־וואַרשעווער באַדייטונג.

ער געהערט צו יענע געבענטשטע פּיאָנערן־נאַטורן, וואָס ערשט דאַן, ווען זיי באַגעגענען אויפן וועג צו זייער ציל שטערונגען, ווערן זיי אַלץ מער דינאַמיש, און זייער ענטוזיאַסטישע קאַמפּס־לוסטיקייט איז אין פּראָפּאָרץ צו דער שוועריקייט פון דער אויפגאַבע. מ'דאַרף זיך בלויז דערמאָנען די אַקטיוו־נעגאַטיווע באַציאונג פון דער פּוילישער רעגירונג צו אַלץ, וואָס ס'האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט פּראָגרעס פון דאָרטיקן יידישן לעבן, און אירע אומענדלעכע „שיקאַנעס" אים קעגנאיבער, כדי צו באַגרייפן טור־קאָווס וווּנדערפולן אויסדויער, זיין פעלזן־פעסטן ואף על פי כן, ווי אַ קינסטלער און טעאַטער־לייטער מיט אַ הייליקער מיסיע, די מיסיע פון אַ קולטור־און טרייסט־טרעגער אין שווערע צייטן, דורך טעאַטער־קונסט אין שענסטן זין פון וואָרט, געבראַכט צו די יידישע מאַסן פון וואַרשע און אויך צו די פון דער פּוילישער פּראָווינץ.

— 4 —

און אָט קומט אַ טראַגישע אינטערלודיע פון מער ווי אַ יאָר צענדליק

אין זיגמונט טורקאָווס קינסטלערישן לעבן. ווייט פון „זיין" וואַרשע, פון זיינע פוילישע יידן ,קומט אים אויס צו לעבן די דאָזיקע יאָרן אין בראַזיליע. קליין איז דאָרט דער יידישער קיבוץ, נישטאָ דאָרט קיין מאַסן־אָפּנעמער פאַר זיין דערהויבענער קונסט, און נאָך ווייניקער געפינט ער פאַרשטענדניש פאַר זיינע פּלענער פון באַנייטער קינסטלערישער טעטיקייט. אָבער אויף קיין קאָמפּראָמיסן קען זיגמונט טורקאָוו ניט גיין. ניט אומזיסט האָט אים די נאַטור באַשאָנקען אין אַזאַ גרויסער מאָס מיט כאַראַקטער־שטאַרקייט.

זעגען דאָס געווען יאָרן פון מער לעבן אין זיך, ווי פון דער כאַראַקטע־ריסטישער קינסטלערישער טורקאָוו־עקספּאַנסיע; יאָרן פון שטרענגן חשבון־הנפש און פון איבערשאַצן ווערטן. די בראַזיליאַנישע קינסטלער־וועלט לאָקט אים, ער מאַכט דורך אין איר עטלעכע פּרעכטיקע, געדענקבאַרע עפּיזאָדן; ער איז אָבער צו ערלעך צו זיך אַליין און באַגרייפט גוט, אַז צו ווערן אַן אינטעגראַלער טייל פון אַ געוויסער טעאַטער־קולטור, דאַרף מען זיין אין איר אָרגאַניש אַריינגעוואַקסן. די לויב־ווערטער פון די דאָרטיקע טעאַטער־קריטיקער לאָזן אים קאַלט. טעאַטער און אַקטיאָר מוזן זיין אַ כימישע פאַרייניקונג, ניט בלויז אַ מעכאַנישער צוזאַמענגוס.

— 5 —

מיר געפינען אים היינט צו טאָג אין מדינת־ישראל, ווו ער האָט, מיט זיין כאַראַקטעריסטישער פעלזן־פעסטער ווילנס־קראַפט, דורכגעמאַכט אין אַ בית אולפּן דעם נויטיקן קורס אין העברעאיש, און אָנגעהויבן אַ נייעם קאַפּיטל אין זיין גלאָררייכער קינסטלערישער קאַריערע. שוין האָט ער ווי־דער אַמאָל טריאומפירט, דאָסמאָל ווי דער רעזשיסאָר פון אַ פּיעסע אין דעם תל־אביבער „קאַמער־טעאַטער".

ערשט אין אַ קריזיס דערקענט מען דעם מענטשן מיט פּערזענלעכקייט. פון דעם גרויסן קריזיס, וואָס ס'איז פאַר אים געווען דער גלות־בראַזיליע, איז זיגמונט טורקאָוו אַרויסגעקומען מיט אַ טראַנסצענדענטאַלן באַשלוס און מיט פאַרפילפאַכטער ענערגיע. בלויז מיט דערינערונגען קען אַ קינסטלער פון זיין קאַליבער ניט לעבן; כדי צו קענען איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרגע־דיקן ביי זיך אין גייסט די „גאָלדענע עפּאָכע", וואָס ס'איז אין זיין לעבן געווען פוילן, מאַכט ער אַ רייזע אַהין, קיין פוילן פון נאָך דעם חורבן. דאָרט, אונטער דעם דערדריקנדיקן שווערן איינדרוק פון דעם — „וואָס גע־ווען, איז געווען און נישטאָ", האָט ער אָנטגילטיק פאַרשטאַנען, אַז „**אונ־זער** לעבן האָט זיך געענדיקט דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939" (הקדמה צום בוך „פראַגמענטן פון מיין לעבן").

ס'איז אים קלאָר געוואָרן, אַז „דער אַמאָל", אין וועלכן איך האָב צו־

זאַמען מיט די אומגעקומענע מיליאָנען געלעבט און זיך אויסגעלעבט, איז פֿאַרשוווּנדן אויף מער זיך נישט אומצוקערן". (דאָרט)

ער האָט פֿון אָט דער דערקענטניש געצויגן שלוסן, און זיי האָבן אים געבראַכט קיין ישראל, להשתקע.

גייט ער דאָרט איצט דורך דעם פּראָצעס פֿון זיך איינוואָרצלען. דאָס איז פֿאַר אים אַן אַלט־נייע סביבה, אין וועלכער דאָס נייע פֿאָדערט נייע גרויסע אָנשטרענגונגען; אָבער נישט זיגמונט טורקאָוו איז דער מענטש, וואָס אָנשטרענגונגען שרעקן אים אָפּ. דאָס וואָרט „אינערציע" איז נישט פֿאַר אים געשאַפֿן געוואָרן. שעפֿערישע אַרבעט איז פֿאַר אים אַ קולט און קינסטלעריש לייסטונג — אַ געבאָט.

זיגמונט טורקאָווס ביז איצטיק לעבן איז אַ טריאומף פֿון פּערזענלעכ־קייט: פֿון דעם קינסטלער און קולטור־טרעגער מיט שוואונג, וויזיע און כאַראַקטער, רייך אין טיף דראַמאַטישער לעבנס־דערפֿאַרונג, יוגנטלעך אין גייסט און פֿעסט אין זיין אַנטשלוס, אַז אויך דער נייער קאַפּיטל, זיין ישראל־קאַפּיטל, זאָל זיין אַ טריאומף פֿון פּרוכטבאַרער דינאַמישקייט, — טרעט זיג־מונט טורקאָוו אַריין אין דעם זיבעטן צענדליק פֿון זיין לעבן ניט ווי קיין באַ־זיגטער, נאָר ווי אַ זיגער, וואָס שמידט ווייטער פֿאַר זיך אַ גלענצנדיקע צוקונפֿט, ווי אַ מיטבויער פֿון טעאַטער אין מדינת־ישראל, און ווי איינער פֿון די קאָריפֿייען פֿון דערהויבנסטער טעאַטער־קונסט אין דעם יידישן היימלאַנד.

.1956

# בערטאַ זינגערמאַנס אויסגערייפטע קונסט

דאָס, וואָס פּאַבלאָ קאַזאַלס איז אויפן טשעלאָ און אַנדרעס סעגאָוויאַ אויף דער גיטאַר, איז איצט בערטאַ זינגערמאַן אין דער קונסט פון דע־קלאַמירן: איינציק און סוווערען. פּונקט אַזוי ווי דער לויף פון די יאָרן האָט דעם טשעלאָ־מייסטער פון ווענדרעל און דעם גיטאַרע־צויבערער פון לי־נאַרעס געבראַכט צו יענער קינסטלערישער אויסגערייפקייט, אין וועלכער ס'איז קיין פּלאַץ נישטאָ פאַר רייך־אויסערלעכער עפעקטפולקייט, און ווו יעדער בויג, יעדער אינפלעקסיע, אין וועזנטלעך, עסענציעל, — אַזוי איז אויך די קונסט פון דער גרויסער מוזיקערין פון דער שפּאַנישער שפּראַך אין לויף פון דער צייט אויסגערייפט געוואָרן, ווערנדיק אַלץ מער און מער תוכנדיק.

ווי באמת גוטער ווייך, וואָס די פּעולה פון דער צייט אויף אים איז אַ פּאָזיטיווע, אַזוי איז אויך די קונסט פון די באמת גרויסע אינטערפּרע־טירנדיקע קינסטלער מסוגל זיך אויסצושטיין און, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך אַלץ וואָס איז בלויז אויסערלעך און נישט קיין קאַטעגאָרישער אימפּעראַ־טיוו, דיקטירט פון די אינערלעכע, טיפערע פאָדערונגען פון די דורך זיי אינטערפּרעטירטע ווערק, ווערט זי אָרגאַניש נויטווענדיק.

עוואָלוציע מוז נישט דווקא זיין אַ לאַנגזאַמע אַנטוויקלונג אין זין פון גייען פאָרווערטס. גאַנץ אָפט איז זי אין דעם וועג פון אינטערפּרעטירנדיקע קינסטלער אַ גאַנג אויף צוריק. זיי דערגרייכן צו דעם קולמינאַציע־פּונקט פון זייער קאַריערע, ווען זיי זענען נאָך בלויז סענסאַציאָנעל, און דאָרט פאַרבלייבן זיי, איבערחזרנדיק זיך אַליין סטערעאָטיפּיש. אָבער אויך אין קונסט איז גילטיק דער כלל, אַז ווער עס גייט נישט פאָרויס, גייט אויף צוריק. „רינאָוואַרסע אָ מאָרירע" איז דער געבאָט פאַר ווידערשאַפער, דע־קלאַמאַטאָרן בתוכם.

ווען דאָס ערשטע געשעט; ווען דער געבאָט פון „רינאָוואַרסע" ווערט דורך אַן אינטערפּרעטירנדיקן קינסטלער אויסגעפירט, דאַן קומט, צוזאַמען

מיט זיין פּאָזיטיוועו קיניסטלערישער עוואָלוציע, דאָס, צו וועלכן ער שטרעבט ווי צו דער רעאַליזירונג פון דעם שענסטן חלום פון זיין לעבן, ווי אַ קינסט־לער. דאָס איז גלאָריע. סענסאַציע איז די קינסטלערישע חיי שעה; גלאָריע איז דעם קינסטלערס חיי עולם.

בערטאַ זינגערמאַן האָט דורכגעמאַכט, ווי אַ אינטערפּרעטירנדיקע קינסטלערין, אַ עוואָלוציע אין פּאָזיטיוון זין. זי האָט שוין איצט דעם סענ־סאַציאָנעלן פּעריאָד פון איר קינסטלערישער קאַריערע הינטער זיך, און זי איז אַריינגעטראָטן אין יענע פאַזע פון ווייטערדיקער אַנטוויקלונג, ווי אַ וואָרט־קינסטלערין, וואָס קען באַצייכנט ווערן ווי דער וועג צו גלאָריע, צו אַ געזיכערטן ערן־פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער קונסט פון דע־קלאַמאַציע, דאָס הייסט פון דעם דערהויבן דאָס מענטשלעכע וואָרט צו דער מדרגה פון אויסדרוק פון דעם, וואָס איז אין מענטשן פונדאַמענטאַל און איז אומאָפּהענגיק פון צייט און אָרט. בערטאַ זינגערמאַן ווערט, ווי אַ קינסט־לערין אויפן געביט פון אינטערפּרעטאַציע, קלאַסיש.

אין איר איצטיקער פאַזע האָט בערטאַ זינגערמאַן שוין אַריבערגע־טראָטן די גרעניץ פון בלויז שפּראַך־מוזיק, כאָטש דער פאַקט פון זיין די גרעסטע היינטצייטיקע מוזיקערין פון דער גערעדטער שפּאַנישער שפּראַך, איז אויך אַ געוואַלטיקער אויפטו. ער וואָלט אָבער נישט געקענט זיין אַלץ אין איר קינסטלערישער קאַריערע. איר קינסטלעריש וועזן האָט נישט גע־קענט זיין פולקאָמען בלויז מיט דער פּרעכטיקער מוזיק, וואָס ס׳זענען יאָרן־לאַנג געווען פאַר אירע צוהערער אירע גלאָריפיצירונגען פון די קאַריפּייען פון דער שפּאַנישער און שפּאַניש־אַמעריקאַנישער פּאָעזיע. ערגיץ ווו האָט איר געפעלט דער שליסל צו דעם רזון דרזון פון אָט דער פּאָעזיע: דער טיפערער אַלמענטשלעכער עלעמענט. דערפון האָבן זיך אויך געגומען גע־וויסע „מאַנעריזמאַס״, וואָס האָבן פון צייט צו צייט געקענטצייכנט אירע אינטערפּרעטאַציעס. איר דעקלאַמירן פלעגט נישט זעלטן זיין די שענסטע מוזיק פאַרן אויער, אַ פּרעכטיקער ספּעקטאַקל פאַרן אויג; ס׳פלעגט אָבער מאַנכמאָל בלייבן אַ געוויסער דעפיציט אויפן געביט פון אויטענטישער עמאָציע. מ׳פלעגט אָוועקגיין מיטן איינדרוק פון אַ גרויסער אינטעלעקטועל־דעקלאַמאַטאָרישער לייסטונג. ס׳איז געווען ווי אַ שיינע בלום, וואָס האָט זיך נאָך נישט אינגאַנצן געעפנט, זיך נאָך נישט אינגאַנצן צעבליט. און ליבהאָבער פון דער דעקלאַמאַציע־קונסט האָבן געוואַרט אויף העכערן שטאַפּל, דעם העכסטן, אין דער אַנטוויקלונג פון אָט דער גאָט געבענטשטער קינסטלערין. זיי האָבן געוואַרט אויף דעם דערוואַכן פון דעם צווייטן קינסט־לערישן עלעמענט, וועלכער האָט געדאַרפט מאַכן איר דעקלאַמירן פולקאָם; וואָס האָט געדאַרפט דערברענגען אירע לייסטונגען אויף דער עסטראַדע צו דער הויך פון קלאַסישער קונסט. זיי האָבן געוואַרט אויף דעם מאָמענט,

ווען די דראַמאַטישע קינסטלערישקייט, וואָס האָט אין איר געשלומערט, וועט, ווי די פּאַרכישופטע פּרינצעסין פון דער פאָלקס־לעגענדע, אויפוואַכן און זיך אַנטפּלעקן אין איר גאַנצער נישט פאַרוועלקלעכער פּראַכט.

אָט דאָס, אויף וועלכן פאַרערער און באַוווּנדערער פון בערטאַ זינגער־מאַנס גרויסער קונסט האָבן געהאָפט און געוואַרט, איז איצט אין פולן פּראָצעס פון רעאַליזירונג. און בערטאַ זינגערמאַן איז מיט דעם ווייט אַוועק אויפן וועג צו גלאָריע, צו אומשטערבלעכקייט, ווי אַ קינסטלערין. ס'האָט זיך אין איר פאַל איבערגעחזרט דער „לע רואַ ע מאָרט, וויוו לע רואַ". די בערטאַ זינגערמאַן פון בלויז שפּראַך־מוזיק און פון מער אויסערלעכער ווי אינערלעכער עפעקטפולקייט, פאַרוואַנדלט זיך אין אַ ערשטקלאַסיקע דראַ־מאַטישע קינסטלערין, וואָס באַנוצט זיך מיט איר אומפאַרגלייכלעכער שפּראַך־מוזיק, צו דערגרייכן העכערע צוועקן: דאָס אַרויסברענגען דעם מענטשן, דעם אנוש אין זיין אוניווערסאַלן פּאַרנעם. היינט צו טאָג שטעלט בערטאַ זינגער־מאַן מיט זיך פאָר די אָרגאַנישע פאַרייניקונג פון דער מוזיקערין און דראַ־מאַטיקערין, וואָס צוזאַמען שאַפן זיי די קלאַסיקערין אויף דעם געביט פון דער וואָרט־קונסט.

בייצוווינען איצט בערטאַ זינגערמאַנס אַ רעציטאַל, מיינט דערגרייכן יענע שבת־יום־טובדיקייט, וואָס בלויז געלייטערטע קונסט קען מיט זיך ברענגען; קונסט, וואָס איז פריי פון ריין אויסערלעכע עפעקטן, פון אַלץ וואָס איז נישט וועזנטלעך, און איז קאָנצענטרירט בלויז אויף דעם, וואָס איז נישט פאַרגענגלעך אין מענטשן, און ווירקט דערפאַר אויף אונדזער געפיל און פאַנטאַזיע מיט דער קראַפט פון עלעמענטאַרע נאַטור־דערשיי־נונגען.

איר ווונדערלעך בייגזאַמע שטימע, וואָס אָט דאַכט זיך, אַז ס'זינגט אַ וויאָלאָנטשעל, אָט איז זי אַ פידל און אָט גאָר די נידעריקע טענער פון אַ קאָנטראַבאַס, און וואָס איז אין זיך אַליין אומפאַרגעסלעך; איר קינסטלע־ריש ראַפינירטע זשעסטיקולאַציע, וואָס גאָר אַ סך אַקטריסעס פון דראַמאַ־טישע טעאַטערס וואָלטן זיך עס געוווּנטשן; און איר אויסדרוקספולע מי־מיק, אין וועלכער זי דערגרייכט ווירטואָזיטעט, — זיי שטייען איצט צו דינסט פון אַ נייער האַרינטע: בערטאַ זינגערמאַן, די גרויסע דראַמאַטי־קערין.

ווי אַ אינטערפּרעטירנדיקע קינסטלערין אויפן געביט פון דעקלאַמאַ־ציע, האָט זי דערגרייכט יענע שווער דערגרייכבאַרע רייפקייט, וואָס בלויז יחידי סגולה אין דער וועלט־געשיכטע פון קונסט בכלל זענען צו איר דערגאַנגען, ווי, צום ביישפּיל, אַנאַ פּאַוולאָוואַ, איסידאָראַ דונקאַן און „לאַ אַרכענטינאַ", אויף דעם געביט פון קינסטלערישן טאַנץ; אָדער סאַראַ בערנאַרד און לעאָנאָראַ דוזע, אויפן געביט פון דער קונסט פון דראַמאַ. אויף

בערטאַ זינגערמאַן קען איצט געזאָגט ווערן, אַז מיט אירע קינסטלערישע לייסטונגען שאַפט זי „דראַמאַ פער מוזיקאַ". דערהויבנדיק די שפּראַך פון סערוואַנטעס צו דער מדרגה פון דער שענסטער מוזיק, ברענגט זי, איבערפרעטאַטיוו, אַרויס די אייביקע מענטשלעכע דראַמע, ווי זי איז פאַרקערפּערט אין דער פּאָעזיע פון די גרויסע דיכטער פון איבעריע און איבעראַמעריקע.

.1956

# בערטאַ זינגערמאַנס גלאָריפיצירונג פון יידיש

ווי שיין ביזטו יידיש לשון! ווי פּרעכטיק איז דיין קלאַנג! וואָס פאַר אַ הערלעכע מוזיק איז פאַרבאָרגן אין יעדן קנייטש פון דיין פּראָזע, אין יעדן בויג פון דיין פערז! ס'דאַרף נאָר קומען דער קינסטלער, וואָס זאָל געפינען דעם שליסל צו דיינע אוצרות, און אַ וועלט פון שכולו קינסטלע־רישן שבת אַנטפּלעקט זיך פאַרן צוהערער.

אָט דעם שליסל האָט בערטאַ זינגערמאַן.

ווער האָט עס אויסגעטראַכט, אַז ביי דער פון גאָט געבענטשטער קינסט־לערין פון דעם דיכטערישן וואָרט אין שפּאַניש, איז יידיש־לשון אַ נעבן־זאַך, עפּעס וואָס איז כלומרשט פאַר איר, וואָס שייך קינסטלערישער אַנט־פּלעקונג, פון צווייט־קלאַסיקער באַדייטונג. קיינמאָל איז נאָך קיין גרעסערער טעות נישט געמאַכט געוואָרן און קיין גרעסערער נישט אמת נישט געזאָגט געוואָרן.

אַ רעציטאַל פון בערטאַ זינגערמאַן אין יידיש מאַכט דעם צוהערער צו וועלן פאַראַפראַזירן דעם באַרימטן פרץ־אויסדרוק אין דער איינלייטונג צו זיין „מאָניש": „אַנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען, ווען איך וואָלט פאַר גויים גוייש זינגען"; ווען מ'הערט זיך צו צו איר דעקלאַמירן אויף יידיש, ווילט זיך זאָגן: „ווי אַנדערש וואָלט איר ליד געקלונגען, ווען זי וואָלט פאַר שטענדיק יידיש זינגען".

ס'איז קיין ספק נישט: דאָס וואָס אַלגאַ קניפּער־טשעכאָוואַ איז געווען פאַר דער גלאָריפיצירונג פון דעם רוסישן קינסטלערישן וואָרט, און דאָס וואָס חנה ראָווינאַ פאַרקערפּערט מיט זיך וואָס שייך העברעאיש, האָט גע־קענט ווערן פאַר דער קונסט פון דעם יידישן וואָרט בערטאַ זינגערמאַן. איז עס אָבער דער יידישער שפּראַך נישט באַשערט געווען, און דער גרוי־סער פאַרלוסט פון יידיש איז דער אומגעהויערער געווינס פון שפּאַניש.

ס'איז דאָ אַזאַ זאַך ווי שפּראַך־אינטואיציע. ביי קינסטלעך פון בערטאַ זינגערמאַנס קאַליבער קומט זי צו איר שטאַרקסטן אויסדרוק. ז י, די שפּראַך־אינטואיציע, איז נישט עפּעס אַזוינס, וואָס מ'קען זיך אויסלערנען. נישטאָ יענע היוכשול אָדער אַקאַדעמיע, אין וועלכער מ'זאָל זיך קענען אין דעם, פאַכלעך, אויסבילדן. האָט איר אַמאָל געהערט לאָורענס אָליוויע רעציטירן שעקספּיר־פּאָעזיע; אַלעקסאַנדער מאָיסי — געטהעס געדיכטן, אָדער סטעפאַן יאַראַטש — ווערק פון מיצקיעוויטש. פאַר זיי האָבן אָט די שפּראַכן זיך באַוויזן אין אַזאַ מוזיקאַלישער געשטאַלטונג, וואָס איז פאַר גאָר אַ סך קינסטלער אין אָט די זעלבע שפּראַכן בלויז אַ אידעאַל, וואָס זיי וועלן קיינמאָל נישט דערגרייכן.

אָט די געניאַלע אינטואיציע פאַר שפּראַך־מוזיק האָט בערטאַ זינגערמאַן אין דער פולסטער מאָס אין באַצוג צו יידיש.

— 2 —

אין יעדן אויפטריט פון אַן אינטערפּרעטירנדיקן קינסטלער, צי דאָס איז אַ רעציטאַל פון אַן אינסטרומענטאַלן ווידער־שאַפער, צי דאָס איז פון אַ זינגער, צי ס'איז אַן אָוונט פון אַ וואָרט־קינסטלער, — איז דאָ אַ געוויסער נומער אין דער פּראָגראַם, וואָס זיין דורכפירונג איז דער קינסטלערישער קלימאַקס, און וואָס ער אַליין גיט דעם רעציטאַל זיין עקזיסטענץ־באַרעכ־טיקונג ווי אַ קינסטלערישע געשעעניש. פאַראַפראַזירנדיק דעם פראַנצויזישן, קלאַסיש געוואָרענעם אויסדרוק „ל'עטא סע מוא”, קען ער וועגן זיך זאָגן: „די קינסטלערישע קווינטעסענץ פון דעם רעציטאַל בין איך געוועזן”.

אין דעם פאַל פון בערטאַ זינגערמאַנס יידיש־רעציטאַל איז עס איר אינטערפּרעטאַציע פון דעם פאַלקס־מאָטיוו „קיין קאָצק פאָרט מען נישט”.

ווען ס'וואָלט נויטיק געווען אַ ליטעראַריש־קינסטלערישער קאָמענטאַר, אַ פּלאַסטישע אילוסטראַציע צו די דערציילונגען, וואָס שטעלן צענויף פּרצעס „חסידיש”, וואָלט בערטאַ זינגערמאַנס פאַרקערפּערונג פון אָט דעם פאָלקס־מאָטיוו געווען דער אידעאַל פון אַזאַ מין זאַך. דער פאַרגאַפטער, אַנטציקטער צוהערער, נאָכדעם ווי אָט דער נומער איז פאַרענדיקט און דער ענטוזיאַסטישער אַפּלויז האָט זיך איינגעשטילט, פרעגט זיך אַליין מיט שטוינונג: ווי אַזוי האָט די אין אַרגענטינע דערצויגענע און אויפגע־וואָקסענע קינסטלערין געקענט באַווייזן אַזוי זיך דורכצוזעמען מיט דער פּלאַמיקייט, מיט דעם הייליקן פּאַטאָס פון חסידות, ווי פּרצעס זשעני האָט עס אויפגעפאַסט? פון יענער אמתער, אויפריכטיקער חסידות, מיט וועל־כער ס'אָטעמען די מעשיות פון נחמן בראַסלאַווער, וואָס מאַרטין בובער

האָט זייער קינסטלערישן צויבער אַרויסגעבראַכט פֿאַר דער גרויסער נישט יידישער וועלט.

נישטאָ אויף דעם קיין אַנדער ענטפֿער ווי אַז אָט דעם וווּנדער האָט בלויז די געניאַלע אינטואיציע פֿון בערטאַ זינגערמאַן געקענט אויפֿטאָן.

אויב ס'איז דאָ אַזאַ זאַך ווי פּערפֿעקציע אין קינסטלערישן ווידער־שאַפֿן, דערגרייכט עס בערטאַ זינגערמאַנס אינטערפּרעטאַציע פֿון דעם פֿאָלקס־מאָטיוו „קיין קאָצק פֿאָרט מען נישט". דאָס איז איינער פֿון יענע הויכפּונקטן אין דער דערפֿאַרונג פֿון אַ קונסט ־ ליבהאָבער, וואָס קריצן זיך איין אין זכרון, צו פֿאַרנעמען דאָרט אויף שטענדיק אַ פּלאַץ ביי דער מזרח־וואַנט.

.1956

# שפּראַך־מוזיק ביי בערטאַ זינגערמאַן

ווען מיט יאָרן צוריק איז אין דעם פאַרן מבולדיקן ווילנע, דאָס הייסט אין דעם ווילנע, וואָס פאַרן היטלער־חורבן, אַנטשטאַנען ביי אַ גרופּע אָר־טיקער אינטעליגענץ די אידייע, וואָס איז שפּעטער אַ ביסל, בעת גאָר אַ קורצער צייט רעאַליזירט געוואָרן: די אידייע פון אָפּערע־פאָרשטעלונגען אין יידיש, — האָבן נישט וויניקע „פיינשמעקער" ביי אונדז געקרימט מיט די נעזער: וואָס, אָפּערע אויף יידיש? יידיש איז צו **אומ**מוזיקאַליש, נישט גענוג וווילקלינגענדיק, אַז מ'זאָל אויף אָט דער שפּראַך קענען זינגען עפּעס מער ווי ריין פאָלקלאָרישע שאַפונגען. „קענט איר זיך פאָרשטעלן", האָבן יענע, מיט די נעזער קרימענדיקע „פיינשמעקער" געטענהט, „מ'זאָל אויסזינגען „דאָננאַ אימממאָבילע", פון „ריגאָלעטאָ", אויף יידיש?"

סנאָביזם איז אַ מכה, וואָס די, וואָס ווערן פון איר געשלאָגן, ליידן סיי אויף טויבקייט און סיי אויף בלינדקייט קעגנאיבער די לעבעדיקע פאַקטן; און די ערגסטע בלינדקייט איז דאָך פון יענע מענטשן, וואָס ווילן נישט זען; די ערגסטע טויבקייט איז די פון אַזעלכע, וואָס ווילן נישט הערן.

— 2 —

דער אמת איז, אַז יידיש איז נישט נאָר אַ שיינע שפּראַך, נאָר אַז זי איז טאַקע, אין העכסטן זין, אַ מוזיקאַלישע שפּראַך, דאָס הייסט, אַ שפּראַך, אין וועלכער ס'קענען אַרויסגעבראַכט ווערן מוזיקאַלישע ווערק נישט נאָר פון דעם באַגרענעצטן פאָלקלאָרישן געביט, נאָר טאַקע אויך פון מוזיק אין אירע העכסטע קינסטלערישע אויסדרוקן, ווי אָפּערע, און גאָר באַזונדערס דאָס קינסטלערישע ליד פון אַ מאָצאַרט, היידן, בעטהאָווען, שובערט, שומאַן, בראַהמס, הוגאָ וואָלף און ריכאַרד שטראַוס, טשייקאָווסקי און ראַכמאַנינאָוו.

יידיש איז, פון שטאַנדפּונקט פון דער פעאיקייט צו זיין די טרעגערין פון טיפערן מוזיקאַלישן אויסדרוק, אַ סאַמעט־ווייכע שפּראַך, עלאַסטיש,

און צוגעפּאַסט פאַרן אויסדרוק פון דער פולסטער גאַמע פון עמאָציעס און פון בילדלעכקייט.

ווער האָט עס געקענט וואַגן צו מאַכן קעגן יידיש אַ בלבול, אַז זי איז, פון קינסטלעריש־מוזיקאַלישן שטאַנדפּונקט, נישט „סאַלאָן־פיאיק"?

ווי אַ גלאָריפיצירונג פון דער מוזיקאַלישקייט פון דער יידישער שפּראַך, דאַרפן באַטראַכט ווערן בערטאַ זינגערמאַנס אויפטריטן אין יידיש.

אַן אויפטריט פון בערטאַ זינגערמאַן איז ראשית כל אַ מוזיקאַלישע געשעעניש. אַ מוזיקאַלישע באַדייטונג קען אָבער נאָר דאַן דערגרייכט ווערן, ווען די שפּראַך, וואָס ווערט דורך דער קינסטלערין באַנוצט, האָט אין זיך די נויטיקע בויגיקייט, וואָס ס'איז אַ „סינע קווא נאָן" אַרויסצוברענגען מוזיקאַלישקייט. יידיש, מיט אירע אָפענע, ברייטע וואָקאַלן, וואָס אין לעצטן סך־הכל, זענען זיי דאָך די, וואָס דעצידירן וועגן דער מוזיקאַלישקייט פון אַ שפּראַך, — גיט דער קינסטלערין זינגערמאַן נישט קיין קלענערע געלעגנהייט, אויב נישט קיין גרעסערע, זיך אַריינצוזעלבן אין דעם מוזיקאַלישן ווילקלאַנג פון דער שפּראַך פון אירע רעציטאַציעס, און אים אַרויסצוברענגען.

— 3 —

אויב מיר ווילן האָבן אַ ביישפּיל פון דעם, וואָס ס'איז געמיינט מיט דעם, אַז יידיש איז אַ העכסט מוזיקאַלישע שפּראַך, לאָמיר זיך צוהערן ווי אַזוי בערטאַ זינגערמאַן רעציטירט דעם פאָלקס־מאָטיוו: „קיין קאָצק פאָרט מען נישט".

די יידישע שפּראַך פּערלט זיך אין מויל פון דער גרויסער קינסטלערין, ווען זי גיט איבער די גרענעצלאָזע התלהבות פונעם חסיד, פאַר וועמען קאָצק איז אַ סך מער ווי בלויז נאָך אַ שטעטל אויף דער מאַפּע פון פוילן; ס'איז פאַר אים לעבנסזין און לעבנסאינהאַלט.

אַ שפּראַך, וואָס איז מסוגל, אַז מ'זאָל אויף איר קענען אַרויסברענגען אַזוי פיל ניואַנסן, ווי דאָס טוט, דורך איר רעציטירן אָט דעם פאָלקסמאָטיוו, בערטאַ זינגערמאַן, איז, אין איר גרונטזאַך, אַן העכסט מוזיקאַלישע שפּראַך. די ניואַנסן זענען דאָ אַזוי פאַרשידנאַרטיק ווי די פאַרבן פון אַ רעגנבויגן.

יידיש איז פאַר דער מוזיקאַלישער קינסטלערין, וואָס בערטאַ זינגערמאַן איז עס „פאַר עקסצעלאַנס", אַן ערשטקלאַסיקער מוזיקאַלישער אינסטרומענט, מיט וועלכן זי באַנוצט זיך אויף איר אייגענעם אופן פון אַ ראַפינירטער קינסטלערין, פאַר וועמען די מוזיק פון דער יידישער שפּראַך אַנטפּלעקט אירע פאַרבאָרגנסטע סודות.

וואָס עס מיינט בערטאַ זינגערמאַן, ווי אַ מוזיקאַלישע קינסטלערין, דערקלערן אויף אַ בולטן אופן אויך עטלעכע פון אירע נומערן אין שפּאַניש.

אָט נעמט, צום ביישפּיל, איר אינטערפּרעטאַציע פון דעם אור־טראַפּי־קאַלישן ווערק „עסטאַ נעגראַ פּולאַ״.

מוזיק איז ביי בערטאַ זינגערמאַן אַן אינסטינקט, און, נישט זייענדיק קיין פּראָפעסיאָנעלע „לידעריסטין״. — ווירקט זי אין אָט דעם געדיכט, ווי אַן ערשטקלאַסיקע זינגערין פון קינסטלערישן „ליד״. איר שטימע האָט אַלערליי ראַפינירטע ניואַנסן, און אירע שטימלעכע איבערגאַנגען קענען אַנטציקן אפילו דעם שטרענגסטן מוזיק־קריטיקער. איר שטימלעכע עלאַס־טישקייט וואָלט געקענט זיין אַ טעמע פאַר אַ באַזונדערער מוזיק־קריטי־שער אָפּהאַנדלונג.

דאָס איז, צווישן אַנדערס, אויך דערפאַר, וואָס זי, ביי איר מייסטער־שאַפט אין דער באַהערשונג פון די וואָקאַלן, פאַרגעסט קיין איין מאָמענט נישט, אַז די קאָנזאָנאַנטן זענען אויך וויכטיק. זיי זענען דאָך אַ טייל פון גערעדטן וואָרט. גיט זי זיי, אין אויפמערקזאַמקייט, אַלץ, וואָס ס׳קומט זיי, ווי אַ באַשטאַנד־טייל פון עם וואָרט, און זיי, די קאָנזאָנאַנטן, ווי, צום ביי־שפּיל די „בית״ן, די „דלד״ן, הערן זיך ביי איר זאַפטיק און ווילקלאַנגיק.

צו דעם אַלעם קומט נאָך צו, די שטענדיק געמאָסטענע שטאַרקייט פון אירע לאָגישע און פאָנעטישע אַקצענטן, אויפן גרונט פון אַ טיפער פאַר־שטענדניש פון דעם פּסיכאָלאָגישן זין פון אַ פּעריאָד, פון דער לאָגיק פונעם זאַץ, און פון דער באַדייטונג פונעם איינצלנעם וואָרט.

דאָס אַלץ צוזאַמען פאַרוואַנדלט בערטאַ זינגערמאַנס אַ רעציטאַציע־אָוונט, סיי אין שפּאַניש און סיי אין יידיש, אין אַן אומפאַרגעסלעכע קלאַנג־לעכע סימפאָניע.

.1958

# אין צוויי קולטורן

## (אַ בריוו צו אַ מעקסיקאַנער אינטעלעקטואַל)

אין זיין פיל געלייענט אָפּטיילונג: „לאַ נאָטאַ קולטוראַל" אין דער היגער טעגלעכער צייטונג „על נאַסיאָנאַל", האָט דער באַוווסטער מעקסיקאַנער שריפטשטעלער און ליטעראַטור־קריטיקער, ליס. אַנדרעס הענעסטראָסאַ (איצט פאַרלאַמענט־דעפּוטאַט) פאַרעפנטלעכט, שוין נישט צום ערשטן מאָל, אַ זייער גינסטיקן אָפּרוף וועגן דעם היגן חודש זשורנאַל „טריבונאַ איזראַעליטאַ".

דעם פאָלגנדיקן בריוו צו אים האָב איך געשריבן אין פאַרבינדונג מיט אַ געוויסן טייל פון הענעסטראָסאָס אָפּשאַצונג.

⁂

זייער חשובער פריינט הענעסטראָסאַ!

אין אייער קאָמענטאַר וועגן דעם אינהאַלט פון דעם נייסטן נומער פון „טריבונאַ איזראַעליטאַ", האָט איר, באַציענדיק זיך אויף מיין ווייניקייט, געזאָגט עפּעס, וואָס ס'האָט מיר געגעבן אַ טיפע באַפרידיקונג. איך מיין אייערע פאָלגנדיקע שורות:

„רעדנדיק וועגן די אַרטיקלען פון מעקסיקאַנער מיטאַרבעטער, ווילט זיך מיר אַריינגעמען צווישן זיי אויך דעם נאָמען סאַלאָמאָן קאַהאַן, דעם מחבר פון דער אַרבעט וועגן דער „קעניגין פון די קלאַוועסין־קינסטלער, וואַנדאַ לאַנדאָווסקאַ"; ווייל, גלויבן דען נישט מיט מיר צוזאַמען מיינע לייענער, אַז אַ מענטש, וואָס האָט מיטגעלעבט מיט אונדז אַזוי פיל יאָרן, און זיך אין משך פון דער גאַנצער צייט געווידמעט צו שעפערישער טעטיקייט לטובת דער נאַציאָנאַלער מעקסיקאַנישער קולטור, פאַרדינט כשר באַטראַכט צו ווערן אַלס אַ מעקסיקאַנער?"

איז דאָס אַ קאָמפּלימענט, וואָס איך נעם אָן מיט גרויס סאַטיספאַקציע. איך וויל אָבער גלייכצייטיק אייך אויפמערקזאַם מאַכן, פריינט הע־

נעסטראַסאַ, אַז איך משך פון די אַכט און דרייסיק יאָר פון מיין ביז איצטיקן לעבן דאָ אין מעקסיקע, האָב איך, אויסער מיינע לייסטונגען פאַר דער מעקסיקאַנישער קולטור, וואָס איר שטרייכט אַזוי ליבנסווירדיק אונטער אין אייער „נאָטאַ קולטוראַל", נאָך עפּעס געטאָן דאָהי; און געטאָן האָב איך עס אַלס ייד, בעסער געזאָגט, ווי אַ יידישער אינטעליגענט.

ווי אַזעלכער האָבן איך זיך דאָ אין מעקסיקע אינטעגרירט אָבער בשום אופן זיך נישט אַסימילירט. אַסימילירן זיך הייסט זיך אויפלייזן אין אַ גע־וויסער נאַציאָנאַלער סביבה, אויפגעבנדיק אייגענע קולטורעל־היסטאָרישע טראַדיציעס; מיט איין וואָרט, נאַציאָנאַל, באַגיין כאַראַ־קירי.

דאָס קען אַ מענטש מיט אַ קולטור־באַגאַזש און מיט נאַציאָנאַל־קול־טורעלן באַוווסטזיין, נישט טאָן.

דערפאַר: אויב איר נעמט מיך, אין אייער ציטירטן אַרטיקל, אַריין אין דער מעקסיקאַנישער משפחה, מוזט איר מיך אַריינגעמען, ווי אַ מעקסיקאַ־נישן יידן.

און דאָס ברענגט מיך צו אַן אַנדער געדאַנק, פון ברייטערן, מער אַל־געמיינעם כאַראַקטער.

ווי אַ יידישער אינטעליגענט, וואָס פילט זיך ווי בלוט פון דעם בלוט און פלייש פון דעם פלייש פון זיין פאָלק, פון דעם יידישן פאָלק, האָב איך אין משך פון די אַלע יאָרן פון מיין ביז איצט דורכגעלעבטן לעבן דאָ אין מעקסיקע, דאָס לאַנד, פון וועלכן איך בין שוין דריי און דרייסיק יאָר אַ ביר־גער, זיך באַמיט צו ווירקן אויף די היגע יידן, אַז זיי זאָלן זיך נישט אַסימילירן, נאָר זיך אויסלעבן אין ביידע קולטורן: אין דער ייִדיש־העברע־אישער און אין דער מעקסיקאַנישער. מיין אידעאַל איז אין אָט דער היג־זיכט שטענדיק געווען, און בלייבט אויך ווייטער, אַז יידן דאָהי זאָלן זיך דאָ אין לאַנד, קולטורעל, אינטעגרירן, אָבער נישט אַסימילירן זיך, דאָס הייסט נישט אויפגעבן זייער קולטור־היסטאָרישע טראַדיציע, זייער נאַציאָ־נאַלן פּרצוף.

דאָס איז דאָך אויך דער טיפערער זין פון אונזער אייגענעם שול־וועזן דאָהי, וואָס די מעקסיקאַנישע רעגירונג, דורכן בילדונגס־מיניסטעריום, אָנערקענט, און גיט אים איר פולסטע מאָראַלישע שטיצע, דורך דער „אינ־קאָרפּאָראַציע".

מיר זענען איבערצייגט, אַז וואָס טיפער ס'וועט אין אונדזערע קינדער זיין דאָס יידישע באַוווסטזיין, וואָס נאַציאָנאַלער זיי וועלן זיין אין זייער גייסט, ווי יידן, אַלץ בעסערע, מער לאָיאַלע בירגער פון מעקסיקע וועלן זיי זיין. אונזער פאָרמולע איז: וואָס מער ייד, אַלץ אַ בעסערער בירגער פונעם לאַנד.

נישטאָ קיין מער גייסטיק־אָרעמער מענטשן־טיפּ, ווי דער, נאַציאָנאַל,

אויסגעוואָרצלטער. ער איז אין ערגעץ נישט דערגאַנגען, און אויב ער איז „מעקסיקאַניזירט", איז זיין „מעקסיקאַנישקייט", אין דעם זין פון דעם מעקסיקע של מעלה, פון דעם מעקסיקע פון ליטעראַטור און די פאַרשידענע קונסטן, ווערט אַן אויסגעבלאָזענע איי.

האָב איך דערפאַר אין די גענויע פיר יאָרצענדליק פון מיין לעבן דאָ אין לאַנד, מיט אייפער צוגעטראָגן מיין „זעמדעלע" צו דער באַמיאונג, אַז דער יונגער יידישער דור אין מעקסיקע זאָל, זייענדיק איינגעגלידערט, אָבער בשום אופן נישט אויפגעלייזט אין דער מעקסיקאַנישער קולטור, זיין אירער אַ „קאָנסומענט", אַ געניסער, זיך אויסלעבנדיק גלייכצייטיק אין יידיש־נאַציאָנאַלער, יידיש־גייסטיקער פאַרוואָרצלטקייט.

ס'איז אַ היסטאָרישער שיקזאַל פון יידישן פאָלק אין זיין דורות־לאַנגער צעשפרייטקייט, זיך אויסצולעבן אין צוויי קולטורן: אין זיין אייגענער, היסטאָריש־נאַציאָנאַלער קולטור, און אין דער קולטור פון דעם געבורט־לאַנד.ביידע שאַפן זיי דעם יידנס פולע גייסטיקע פערזענלעכקייט, נאַטירלעך, מיט דעם צוגאָב פון אַ גאַנצער רייע וויכטיקע פאַקטאָרן פון אַלגעמיין־קולטורעלער באַדייטונג.

וויל איך האָפן, אַז איר וועט באַגרייפן דעם „פאַרוואָס" פון מיין שרייבן צו אייך די דאָזיקע שורות. איך וויל נישט, איר זאָלט בלייבן אונטער דעם פאַלשן איינדרוק, אַז אַרבעטנדיק, ווי איר אָנערקענט עס, פאַר דעם ווויל און בעסטן פון דער מעקסיקאַנישער קולטור, האָב איך אויפגעגעבן אפילו אַ קוצו של יוד פון מיין גייסטיקן מהות, ווי אַ ייד. איך האָב בלויז דערפילט, לויט די באַגרעניצטע פעאיקייטן, וואָס די נאַטור האָט מיר געשענקט, מיין פליכט צו מיין אַדאָפּטירטן לאַנד, ווי אַ מעקסיקאַנישער ייד.

אייער, מיט קולטור־גרוס,

סאַלאָמאָן קאַהאַן

.1959

# יידישע זשורנאַליסטיק אין מעקסיקע

אויסצוג פון אַ רעפעראַט, געהאַלטן אויף דער אויסשטעלונג פון יידישן בוך, אין „קדימה", איינגעאָרדנט דורכן יוגנט־דעפּאַר־טאַמענט ביי דער אשכנזישער קהילה, דעם 7־טן נאָוועמבער 1960.

⁂

מיט דער טעמע „יידישע זשורנאַליסטיק אין מעקסיקע", מיין איך די צוויי פאָלגנדיקע פונקטן:

א.—ווי איז דער ניוואָ פון דער היגער יידישער זשורנאַליסטיק? אויף וואָס פאַר אַ הויך שטייט דאָס וואָרט, וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט דורך די, וואָס פּרעטענדירן צו שאַפן די היגע יידישע עפנטלעכע מיינונג?

ב.—שאַפן אונזערע היגע יידישע זשורנאַליסטן עפנטלעכע מיינונג? באַאיינפלוסן זיי דאָס דענקען פון דעם דורכשניטלעכן היגן יידן?

איצט, אַז איך האָב שוין דעפינירט די טעמע, אין דעם זין ווי איך פאַס איר אויף, ווייל איך איר באַגרענעצן בלויז צו דעם געביט פון דער יידיש־יידישער זשורנאַליסטיק. דאָס איז ראשית כל, און צווייטנס, וועל איך זיך נישט אַריינלאָזן אין געשיכטלעכע דיגרעסיעס. איך קלייב זיך דאָ נישט צו געבן, אפילו אין קורצן, אַ געשיכטלעכן איבערבליק פון דער יידישער זשורנאַליסטיק דאָ אין לאַנד. מיין אויפגאַבע איז בלויז צו פּרווון געבן אַ בילד פון דער היגער יידישער זשורנאַליסטיק, לויט ווי איך זע איר אין דער קעגנוואַרט, אין דעם איצטיקן מאָמענט.

און נאָך איין פאָרבאַמערקונג: איידער איך הויב אָן מיינע באַטראַכטונ־גען, דאַרף קלאָר פאַרשטאַנען ווערן וואָס איך מיין מיטן באַגריף „יידישע זשורנאַליסטיק אין מעקסיקע".

איך מיין מיט דעם אויסשליסלעך פּובליציסטיק, דאָס הייסט, דאָס וואָס ווערט דורך היגע יידישע זשורנאַליסטן געשריבן, ערשטנס, צו קאָמענטירן פאַקטן, דערשיינונגען און טענדענצן אין די פאַרשידנסטע געביטן פון דעם

היגן ייִדישן לעבן, און אַרויסזאָגן וועגן דעם אַלעם אַ קלאָר אויסגעדריקטע מיינונג, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די אַלגעמיינע איינשטעלונג פון דעם אָדער יענעם שרייבער צו אונזער היגער ווירקלעכקייט; צווייטנס, אַלץ וואָס ווערט דורך היגע ייִדישע זשורנאַליסטן געשריבן, צו קאָמענטירן פאַקטן, דערשיינונגען און טענדענצן אין דעם ייִדישן לעבן אין דער גרויסער וועלט, מיט אַ ספּעציעלן אַקצענט אויף מדינת־ישראל; און דריטנס, אַלץ, וואָס ווערט דורך זיי געשריבן, אינטערפּרעטאַטיוו, וועגן פאַקטן, דערשיינונגען און טענדענצן אין דער גרויסער וועלט, אין שייכות מיט זייער פאַקטישער אָדער פּאָטענציעלער ווירקונג אויף אונזער היגן ייִדישן לעבן, אָדער אויפן לעבן פון דעם ייִדישן וועלט־פאָלק.

מיט דעם אַלעם וויל איך זאָגן, אַז „ייִדישע זשורנאַליסטיק אין מעקסיקע" מיינט פאַר מיר נישט אינפאָרמירנדיקע, נאָר אינטערפּרעטירנדיקע זשורנאַליסטיק. נאָר וועגן איר וועט דאָ זיין די רייד.

— 2 —

וואָס איז דער ניוואָ פון דער היגער ייִדישער זשורנאַליסטיק; דערפילט זי אירע אויפגאַבן, אין דעם זין ווי מיר האָבן עס דעפינירט?

צו אונזער אַלעמענס גרויסער צופרידנהייט, קענען מיר אויף דער דאָזיקער, גרונטלייגנדיקער פראַגע, ענטפערן פּאָזיטיוו. איך קען עס טאָן סיי אין רעלאַטיוון, און סיי אין אַ אַבסאָלוטן זין.

ווען מיר נעמען אין באַטראַכט, אַז אונזער היגע ייִדיש־ייִדישע פּרעסע דערשיינט אין אַ ייִדיש רעדנדיקן ישוב, וואָס דערגרייכט אפילו נישט די צאָל פון צוואַנציק טויזנט נפשות, און ווען מיר באַטראַכטן די צאָל און די אָפּטקייט פון אַרטיקלען, אין דעם זין, ווי איך האָב עס פריער אַרויסגעבראַכט, וואָס זענען ווערט געלייענט צו ווערן, ווי גוטער אינטערפּרעטאַטיוו־זשורנאַליסטישער שטאָף, מוז אונזער מיינונג וועגן אונזער היגער ייִדישער זשורנאַליסטיק זיין אַ געהויבענע. כדי מיינע ווערטער זאָלן נישט קלינגען ווי „לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם", וועל איך נישט זאָגן, אַז מיר מעגן מיט איר שטאָלצירן; איך וועל אָבער יאָ באַהויפּטן, אַז מיר האָבן מיט אונזער היגער ייִדישער זשורנאַליסטיק, זיך גאָרנישט וואָס צו שעמען.

איז אָט דאָס אַלץ, וואָס שייך איר רעלאַטיוון ווערט, דאָס הייסט ווען מיר פאַרגלייכן איר, למשל, מיט דער ייִדישער זשורנאַליסטיק פון אַזאַ ישוב, וואָס איז פיל צאָלרייכער פון אונזערן, ווי דאָס איז דער ישוב פון אורוגוואַי.

און וואָס איז וועגן איר ווערט אין אַבסאָלוטן זין?

מיט אַ רואיקן געוויסן קענען מיר מאַכן די באַהויפּטונג, אַז גאָרנישט זעלטן דערשיינען אין אונזער היגער ייִדיש־ייִדישער פּרעסע אינטערפּרע־

טאַטיווע אַרטיקלען, וואָס וואָלטן געמעגט איינשטיין אויך אין אַזעלכע גרויס־שטעטיקע פּרעסע־אָרגאַנען, ווי דאָס זענען די צוויי גרויסע יידישע צייטונגען פון ניו־יאָרק, אָדער די צוויי רעפּרעזענטאַטיווע יידישע צייטונגען פון בוענאָס־איירעס; אַרטיקלען מיט שווונג, פאַרנעם און וויזיע.

לאָמיר נישט מאַכן קיין טעות וועגן אַ געוויסן פּונקט: דאָס יידישע מעקסיקע איז קעגנאיבער דעם יידישן ניו־יאָרק אָדער קעגנאיבער דעם יידישן בוענאָס־איירעס, וואָס שייך דעם נומערישן אַספּעקט פון דעם ישוב, פּראָווינץ, דאָס מיינט אָבער נישט, אַז יידישע זשורנאַליסטיק אין אַ, נומעריש, פּראָווינציעלן ישוב, מוז אויך זיין, לויט איר כאַראַקטער, פּראָווינציעל.

פון דער אַנדערער זייט, איז גאָרנישט אַזוי זעלטן צו באַגעגענען אין דער גרויסשטאָטיקער, ניו־יאָרקער אָדער בוענאָס־איירעסער יידישער פּרעסע, אַרטיקלען אָדער פעליעטאָנען, וואָס זענען אַ היפּש ביסל פּראָווינציעל.

מיט צופרידנקייט קענען מיר פעסטשטעלן, אַז גאָרנישט אַזוי זעלטן דרוקט די יידישע פּרעסע פון די ביידע אויבנדערמאָנטע מעטראָפּאָליעס (סיי צייטונגען און סיי זשורנאַלן), אַרטיקלען פון אונדזערע היגע, „פּראָווינציעלע" זשורנאַליסטן. גאַנץ אָפט ווערן אַרטיקלען פון אונדזערע היגע יידישע זשורנאַליסטן, דאָרט ציטירט אָדער איבערגעדרוקט, אינגאַנצן אָדער טיילווייז.

סיי רעלאַטיוו און סיי אַבסאָלוט, שטייט אונזער היגע יידישע זשורנאַליסטיק אויף אַ הויכער ניוואָ.

— 3 —

שאַפט די יידישע זשורנאַליסטיק אין מעקסיקע עפנטלעכע מיינונג? באַאיינפלוסט זי דאָס דענקען פון דעם דורכשניטלעכן היגן יידן?

יאָ, זי טוט עס, און אין אַ פיל גרעסערן מאַסשטאַב, ווי מיר גלויבן עס; אָבער בלויז ווען זי, די היגע יידישע זשורנאַליסטיק, שטייט אויף דעם היגן באָדן, אויף דעם ספּעציפישן באָדן פון דער יידיש־מעקסיקאַנישערווירקלעכקייט.

גערעכט, צי ניט גערעכט, דער פאַקט איז, אַז וועגן וועלט־פּאָליטיק און וועלט־פּראָבלעמען, וועט אַ דורכשניטלעכער היגער ייד גיכער לייענען אין „טאָג" אָדער אין „פאָרווערטס". אַ קלענערע צאָל וועט וועגן דעם לייענען אין „צוקונפט" אָדער אין „יידישן קעמפער", אָדער גאָר אין דער גרויסער מעקסיקאַנישער פּרעסע פון דער הויפּטשטאָט.

ווען אונדזערע היגע יידישע זשורנאַליסטן שטעלן זיך מיטן פּנים צו דער יידישער ווירקלעכקייט דאָ אין לאַנד, און איבערהויפּט ווען זיי טוען

עס אין די ראַמען פון דער אַלגעמיין־מעקסיקאַנישערווירקלעכקייט, דאָן איז קיין שום ספק נישט, אַז זיי זענען אַן ערשטראַנגיקער פאַקטאָר, וואָס פורעמט די היגע יידישע עפנטלעכע מיינונג. ס'איז געגוג זיך דורכצוגיין אַ זונטיק אין דער פרי אין „פּאַרקע היפּאָדראָמאָ" און זיך צוהערן צו די לעבהאַפטע דיסקוסיעס וועגן דעם אָדער יענעם אַרטיקל, וואָס איז דערשי־נען מיט אַ טאָג צוריק, אין דעם שבת־נומער פון איינער פון די היגע יידי־שע צייטונגען, — כדי צו זען, אַז נישט נאָר ווערט דאָס שרייבן פון די היגע יידישע זשורנאַליסטן גענומען אין אַכט, נאָר אויך אַז זייערע אַרטיק־לען רופן אַרויס אַ געוויסע גייסטיקע אומרו, וואָס דאָס איז דאָך אייגנטלעך איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון גוטער זשורנאַליסטיק.

נאָכמער: געוויסע היגע יידישע זשורנאַליסטן האָבן באַוויזן, אין לויף פון די יאָרן, צו שאַפן זיך גרעסערע אָדער קלענערע גרופּעס „חסידים", וואָס וואָלטן פאַר זייער באַליבטן פּובליציסט, ווי מ'זאָגט עס פאָלקסטימלעך, „קיין טאָפּ באָרשטש נישט אָוועקגעגעבן"; לייענער, וואָס וואַרטן נישט נאָר מיט אינטערעס. נאָר טאַקע מיט אַ געוויסער אומגעדולד, אויף דעם שבת־אַרטיקל פון „זייער" פּובליציסט, און וואָס נישט זעלטן רופן זיי אים אָפּ טעלעפאָניש נאָך דעם זעלבן טאָג, אָדער אין אַ טאָג צוויי אָדער דריי אַרום, כדי אויסצודריקן זייער צופרידנקייט מיט זיין אַרטיקל, אָדער — אויך דאָס פּאַסירט — אים אויסצודריקן אַ געוויסע אַנטוישונג, און אַביסל פּאָלעמי־זירן מיט אים.

אַט דער קאָנטאַקט מיט די לייענער, כאָטש ער איז געוויס נישט קיין אַלגעמיינע דערשיינונג, דערציילט אָבער נישט ווייניק וועגן דעם אומבאַ־שטרייטבאַרן פאַקט, אַז די יידישע זשורנאַליסטיק דאָהי, ווען זי שטייט מיט ביידע פיס אויפן באָדן פון דער היגער יידישער ווירקלעכקייט, און האַלט זיך אין די ראַמען פון דער אַלגעמיין־מעקסיקאַנישער רעאַליטעט, איז אַ ווירקנדיקער כוח, אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דעם פּראָצעס פון דעם פורע־מען דעם ישוב.

וועגן דעם אַלעם קענען גאָר אַ סך דערציילן אונזערע גרויסע געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן, וואָס די היגע יידישע זשורנאַ־ליסטיק האָט אויסגעוואַרעמט פאַר זיי די נויטיקע אַטמאָספערע, וואָס אָן איר וואָלטן זיי נישט געקענט אָטעמען, נישט מאַטעריעל און נישט גייסטיק. די ראָלע פון אונזער היגער יידישער פּובליציסטיק אין דעם פּראָצעס פון דעם אַנטוויקלען זיך פון אונזער ישוב, וואַרט נאָך אויף איר געשיכטלער, און ס'איז קיין ספק נישט, אַז דער דאָזיקער קאַפּיטל וועט אין דער אַלגע־מיינער געשיכטע פון יידישן מעקסיקע פאַרנעמען אַן ערן־פּלאַץ.

.1961

# בלעטערנדיק אין יצחק בערלינערס פּאָעזיע

בלעטערן אין די לידער פון אַן עכטן דיכטער, איז פאַר אַ ליבהאָבער פון פּאָעזיע שטענדיק אַן אַנגענעמע דערפאַרונג; אָבער ווען די געלעגנהייט דערצו איז אַ וויכטיקע דאַטע אָדער געשעעניש אינם לעבן פון פּאָעט, ווערט די אָנרעגונג עס צו טאָן אַן אַנגענעמער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו.

דאָס איז געווען דער פאַל מיט מיר, ווען איך האָב דאָ נישט לאַנג צוריק אַריינגעקוקט, דאַן זיך אַריינגעלייענט אין די דריי פריערדיקע ביכער פון יצחק בערלינער. און כדי דער איינדרוק זאָל זיין אַ פולערער, האָב איך ווידער אַ מאָל דורכגעלייענט זיינע לידער אין „דריי וועגן". דאָס ביכעלע, וועלכן ס'איז באַשערט געווען, ווי עס האָבן זיך עס געווונטשן בערלינער, גלאַנץ און גליקאָווסקי, די מחברים פון „דריי־וועגיקער שאַפונג", צו ווערן „דער ערשטער ציגל פאַר אַ יידישן קולטור־בנין אין מעקסיקע".

איז דאָס, וואָס איך וויל דאָ איצט אַרויסברענגען, אַן אַלגעמיינער איינדרוק פון דעם קאָנטאַקט מיט בערלינערס מוזע; אַן ענטפער אויף מיין פראַגע צו זיך אַליין: אין וועלכע פון זיינע דריי ביכער, וואָס זענען דערשינען פאַר זיין איצט געפייערטן ווערק: „געזאַנג פון מענטש" (וועגן וועלכן איך רעד אויספירלעך אין מיין אָפּהאַנדלונג: „אַ הימן צום צוריקגעווונענעם לעבן"), אַנטפּלעקט זיך מיר אָט דער דיכטער ווי דער סענסיטיוו־סטער, פון שטאַנדפונקט פון עמפּינדונג, און ווי דער טיפסטער, וואָס שייך געדאַנקלעכן אינהאַלט.

ווייל „שטאָט פון פּאַלאַצן", „עד מתי" און „שטיל זאָל זיין" זענען נישט קיין ביכער, וואָס די געדיכטן, וואָס זיי אַנטהאַלטן זענען בלויז כראָנאָלאָגיש צוזאַמענגעבונדן. זיי קומען מיר פאַר מער ווי אָפּגעשלאָסענע, פאַררונדעטע איינהייטן. אין יעדן פון זיי הערט זיך אַרויס אַ גרונט־טאָן, אַ לייט־מאָטיוו, עפּעס, וואָס גיט דעם בוך זיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג ווי אַ בוך.

לייען איך „שטיל זאָל זיין", און גאַנץ אָפט ווער איך מיטגעריסן פון דעם פּאַטאָס, פון דער „ממעמקימדיקייט", וואָס רייסט זיך אַרויס פון גע־וויסע זייטלעך. פיל איך אין דעם אַן אָפּקלאַנג פון קאָלעקטיוון צער, פון קאָלעקטיווער פאַרצווייפלונג אין אַ צייט, ווען ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דער אָפּגרונט וועט איינשלינגען די וועלט, און ראשית כל אונדזער פאָלק.

קענען אָפּשפּיגלען דיכטעריש קאָלעקטיווע געפילן וואָס זענען אַרויס־גערופן געוואָרן אין אַ צייט פון שטורעם, איז אַ הויכע מדרגה, און יצחק בערלינער האָט איר דערגרייכט. „שטיל זאָל זיין" איז אַ ווערטפולער בייַ־טראָג צו דער יידישער דיכטונג פון דער חורבן־צייט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

און „עד מתי"?

איך זוך זיך צו פאַרטיפן אין דעם, וואָס ס'איז אין אָט דעם בוך דאָס וועזנטלעכסטע, דער תמצית פון קינסטלערישער איבערלעבעניש און דאָס פיינסטע פון קינסטלערישן אויסדרוק. געפין איך, אַז דאָס, וואָס דאַרף געבן אָט דעם בוך זיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג ווי אַ קינסטלערישע איינהייט, זענען יענע לידער, אין וועלכע דער דיכטער האָט זיך פאַרנומען אויף איי־נעם פון די שווערסטע וועגן, וואָס זענען איבערהויפּט דאָ אין פּאָעזיע: דער וועג פון פילאָזאָפישער ליריק.

טאַקע צוליב זיין אויסערגעוויינלעכער שוועריקייט, ווי אויך דערפאַר וואָס ער פאָדערט אַ ספּעציעלן טעמפּעראַמענט, פון וועלכן אינסטראָספּעקציע איז איינער פון זיינע קען־צייכנס האָט אָט דער זשאַנר גאָר ווייניק פאַר־שטייער אין דער וועלט ליטעראַטור. אַ פּאָר נעמען קומען מיר אויפן זכרון: וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו, אין דער רוסישער פּאָעזיע ;יאַן קאַספּראָוויטש, אין דער פּוילישער.

בערלינער איז אין אָט די געדיכטן פון „עד מתי" מער מייסטער פון דער שפּראַכלעכער פאָרם, ווי אויסדריקער פון פילאָזאָפיש־לירישן איינ־האַלט, אין דעם זין ווי ער עקזיסטירט אין די מוסטערן פון אָט דעם זשאַנר אין דער וועלט־פּאָעזיע. עס איז אַן אינטערעסאַנטער עקספּערימענט וואָס זאָגט עדות וועגן דעם ברייטן גייסטיקן אינטערעסן־קרייז פון אונדזער דיכטער.

איך עפן זיין ערשטן בוך: „שטאָט פון פּאַלאַצן", און שוין גלייך פון אָנהייב, פון די ערשטע עטלעכע לידער, ווערט מיר מיין פראַגע: „אין וועלכן פון בערלינערס ערשטע דריי ביכער איז ער דער עכטסטער, סענ־סיטיווסטער, פערזענלעכסטער דיכטער?", פולשטענדיק פאַרענטפערט.

אויב אין „שטיל זאָל זיין" שרייט יצחק בערלינער אויס דעם אָפּגרונט־טיפן צער פון יידישן פאָלק אין דער צייט פון זיין גרעסטן חורבן; אויב אין „עד מתי" איז ער מער פון אַלץ אַן עקספּערימענטירער מיט נייע

אינהאַלט־מעגלעכקייטן פון דיכטערישן פילן און דענקען, — איז ער אָבער אין „שטאָט פון פּאַלאַצן", ווי אין קיין שום אַנדערן פון אָט די זיינע דריי ביכער אין אַזאַ גרויסער מאָס ער אַליין.

אין אָט דעם וווּנדערלעכן בוך, וועלכן ס'איז, לויט מיין טיפער אי־בערצייגונג, באַשערט צו פיגורירן צווישן די מייסטער־ווערק פון דער מאָ־דערנער יידישער פּאָעזיע, פילן מיר אַלע קנייטשן פון דעם דיכטערס נשמה, אַלע אינטימסטע אויפציטערנישן פון זיין האַרץ. אויף דעם מער באַגרע־ניצטן געביט פון קאָנקרעטע סאָציאַלע מאָטיוון, איינגעזאַפּט דורך דעם קינסטלערס אינטואיציע אין אַ באַשטימטער, אים נאָענטער סביבה; אין די שטאַרקע סאָציאַלע קאָנטראַסטן פון מעקסיקע, מיט דעם מעקסיקאַנישן נאַ־טור־פּייזאַזש ווי אַן הינטערגרונט, אַנטפּלעקט זיך בערלינערס דיכטערי־שער טאַלאַנט אין זיין גאַנצן, גרויסן פאַרנעם.

יצחק בערלינער איז אַ גאָט־געבענטשטער דיכטער פון סאָציאַלן צער און צאָרן. אויב אין זיינע אַנדערע געדיכטן דערקענט מען דעם עכטן פּאָעט, איז ער אָבער אין „שטאָט פון פּאַלאַצן" דער דיכטער „פּאַר עקסצעלאַנס". צווישן „טעפּיטאַ" (מעקסיקעס „באָוערי", מיט געכופּלטער אָרעמקייט) אין די פּאַלאַצן פון מעקסיקע, בעסער געזאָגט, צווישן די „טעפּיטאָס" און די פּאַלאַצן פון גאָר דער וועלט, געפינט זיין מוזע איר מקום מנוחה און גע־דייט ווי אין קיין שום אַנדערן געביט.

מיט די „מעקסיקאַנישע מאָטיוון", ווי אויך מיט זיינע „אינדיאַנישע מאָטיוון", ווי אַן הינטערגרונט, בלייבט פאַר מיר יצחק בערלינערס „שטאָט פון פּאַלאַצן" זיין שעדעווער, וואָס געוויסע געדיכטן פון צווישן זיינע טאָוו־לען זענען ווערט צו פיגורירן אין אַנטאָלאָגיעס פון דער מאָדערנער וועלט־פּאָעזיע.

.1953

# יצחק בערלינערס „הימן צום ווידער גענוונענעם לעבן"

אין דער געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראַטור געפינען מיר מערערע פאַלן, ווען גרויסע שריפטשטעלער און דיכטער האָבן פאַרפיקסירט אין ווערק גרויסע קריזיסן, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אין זייער לעבן. זייער דראַמאַטישער אָדער גאָר טראַגישער גורל האָט זיי געצוווּנגען דורכצולעבן, ווער קירצערע און ווער לענגערע לעבנס־פּעריאָדן אין באַזונדערס שווערע אומשטענדן; אין אַזעלכע, וואָס אויף זיי באַציט זיך עס דער אום־שטערבלעכער פּאָעט פון תהילים, ווען ער רופט אויס פון טיפן, צעקלעמטן האַרצן: „ממעמקים קראָתיך יהוה, יהוה שמע לקולי".

צוויי כאַראַקטעריסטישעביישפּילן פון אָט דעם אַרויפשרייבן אויפן פּאַפּיר די איבערלעבענישן פון אַזאַ מין צייט, זענען דאָסטאָיעווסקיס „פאַר־צייכנונגען פון דעם טויטן־הויז" און אָסקאַר וואַילדס „באַלאַדע פון דער תפיסה פון רידינג".

אין אַזעלכע פאַלן לייענען מיר אַרויס פון די ווערק, מיט וועלכע די פּיל דורכגעליטענע מחברים האָבן שפּעטער מזכה געווען די קולטור־וועלט, עפּעס, וואָס איז אָט די אַלע מחברים געמיינזאַם: זיי ווייזן זיך אונדז אין אַ נייער, געלייטערטער געשטאַלט. מ'קען זאָגן אַז סיי דאָסטאָיעווסקי און סיי וואַילד, וואָס מיר האָבן זיי גענומען ווי ביישפּילן, אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדז אין די אַנגערופענע ווערק נישט אין קיין פאַרגלייך רייפער, מיט אַ סך אַ גרעסערער און טיפערער לעבנס־חכמה, ווי אין זייערע שאַפונגען פון פ אַ ר זייער ממעמקים־פּעריאָד.

טיף־דראַמאַטישע איבערלעבונגען פון גרויסע שריפטשטעלער און דיכ־טער עפענען זייער גייסטיק אויג אויף פּייזאַזשן, וואָס זיי האָבן קיינמאָל פריער נישט געאָנט, און מאַכן זייער גייסטיקן אויער זיך שטאַרק צוצו־הערן צו געדאַנקען און אידייען, וואָס זענען גאָר אפשר פריער אַמאָל גע־

ווען פאַר זיי „טאַבו". גאָר אָפט באַנעמען זיי טאַקע די וועלט אויף אַ נ י י ע ם אופן.

— 2 —

יצחק בערלינער איז אַ גרויסער פּאָעט. ווען ער וואָלט בלויז געהאַט געשאַפן זיין „שטאָט פון פּאַלאַצן", אָדער אפילו בלויז געוויסע טיילן פון זיין בוך „שטיל זאָל זיין", וואָלט ער מיט דעם אַליין זיך געהאַט געזיכערט אַ גאָר אַנגעזעענעם פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער יידישער דיכטונג.

יצחק בערלינער האָט זינט דעם דערשיינען פון זיין לעצטן בוך („שטיל זאָל זיין") דורכגעלעבט אַ קאָשמאַר־פּעריאָד אין זיין לעבן, וואָס זיין הויפּט־קאַפּיטל זענען געווען די וואָכן און חדשים אין אַ שפּיטאָל אין פילאַדעל־פיע. דאָס זענען געווען לאַנגע חדשים פון שוועבן צווישן לעבן און טויט; ס'איז געווען אַ צייט פון אַזעלכע ליידן, וואָס זענען מסוגל אַריינצוברענגען אַ מענטש מיט דעם ש ט אַ ר ק ס ט ן כאַראַקטער און מיט דער ג ר ע ס ט ע ר אויסדויער־פייאיקייט, אין יענעם געמיט־צושטאַנד, וואָס האָט געמאַכט איובן אויסצושרייען: „אָרור יום אולד בו ולילה אָמרה הורה גבר".

אָבער דער קאַמף פאַרן חולהס לעבן, איז ענדלעך ג ע ו ו ו נ ע ן געוואָרן. דער קאָשמאַר פון דעם טויט־פּחד האָט זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז אַוועקצורוקן. יצחק בערלינער איז צוריק געוווּנען געוואָרן פאַרן לעבן.

דער צוריק צום לעבן געוווּנענער דיכטער האָט געוואָרפן אַ רעטראָס־פּעקטיוון בליק אויף זיינע שפּיטאָל־איבערלעבענישן, און ס'איז אַרויסגע־קומען דאָס בוך „געזאַנג פון מענטש", וואָס די קאַפּיטלען, אין וועלכע ס'ווערט אַרויסגעבראַכט די יסורים־צייט אין דעם שפּיטאָל־צימער, זענען זיין רוקן־ביין און גיבן אים זיין הויפּט־באַרעכטיקונג ווי אַ ווערק, וואָס זיין באַדייטנוג איז ניט אָפּהענגיק פון לאַנד, פאָלק אָדער שפּראַך.

ווען מיר וואָלטן איבער דעם הויפּטטייל פון „געזאַנג פון מענטש" געוואָלט אַוועקשטעלן אַ „מאָטטאָ", וואָלטן מיר נישט געקענט געפינען קיין בעסערן ווי, ווידער אַמאָל, אַן אויסדרוק פון דעם אומפאַרגלייכלעכן תהילים־דיכטער: „לאָ אָמות כי אחיה ואספר מעשי יה".

אין מערערע געדיכטן פונעם בוך איז דאָ אַן אָטעם פאַרכאַפּנדיקע לעבנס־פרייד, ווי אויך אַ לעבנס־באַיאָונג, וואָס גייט האַנט אין האַנט מיט אַ קאָסמיש־רעליגיעזן געפיל, וואָס דער דיכטער ברענגט אַרויס מיט אַ באַזונדערס גרויסן פאַרגעניגן (און וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט אָפּי־ציעלער, שוהל־רעליגיעזיטעט).

אין אָט דעם דערהויבענעם געמיט־צושטאַנד רופט עס אויס: „גע־לויבט איז גאָט!":

„געלויבט איז גאָט, וואָס כיקען דערשפּירן די יסורים,
און אויך פאַר רגעס רו, געלויבט איז דער באַשעפער".

פון דער „דע פּראָפונדיס"־טראַגיק פון זיינע איבערלעבענישן אויפן שפּיטאָל־בעט, איז דער דיכטער אַרויס באַרייכערט מיט אַ נייעם אויסבליק אויף דאָס וועזנטלעכסטע אין לעבן, וואָס ס'איז דער באַגריף וועגן מענטש אין קאָסמאָס. אָט דער נייער אויסבליק האָט אויך באַרייכערט זיין טעמאַטיק. זיין ליריק האָט צובאַקומען דעם אַספּעקט פון באַטראַכטונג:

„איך ביז דאָ און בין גרייט צו עבודת הבורא, מיין קול ווי אויף הוידעס
צעוויגט זיך, מיין תפילה — אַ קוואַל,
איך באַנעם ניט דער וועלטס אַלע סודות,
און כורעים, מיין גאָט, פאַר דיר כיפאַל".

אָט די באַקענטניש צו נישט וויסן „דער וועלטס אַלע סודות" איז גאָר אַ הויכע מדרגה. צו איר איז דער דיכטער דערגאַנגען אין די לאַנגע שלאָפלאָזע נעכט, בעת דעם „על משכבי בלילות"; אין יענע נעכט, וואָס ער באַשרייבט זיי רעטראָספּעקטיוו אָט אַזוי:

„ווי שטיל, ווי מיד, קיין שאָרך, קיין קרעכץ,
עס לייגן זיך שאָטנס אין סטויגן,
דער שכן פונעם בעטל רעכטס,
ער ליגט מיט אָפענע אויגן.
דער שומר־ווינט — ער זינגט און וואַכט.
נאָר כיקען זיין קול ניט דערהערן,
אויך הימל שלאָפט אַ מידע נאַכט
מיט אויסגעגאַנגענע שטערן".

(„אויסגעגאַנגענע שטערן")

— 3 —

אין אַזעלכע „מידע שעהען" איז דער דיכטער געווען באַזונדערס מסוגל צו פאַרקלערן זיך, צו פאַרטראַכטן זיך וועגן די צוויי קאַרדינאַלסטע פראַגן, וואָס איינער פון די פּרווון אויף זיי צו ענטפערן שטעלט מיט זיך פאַר דער „אָדם, אָדם" פון „ונתנה תוקף". זיי זענען: וואָס איז מענטש און וואָס איז זיין באַדייטונג אין דעם קאָסמאָס? ווען ס'

„האָט נאַכט זיך אויסגעדרייט צום דרויסן מיטן רוקן,
איר פּנים דורך מיין פענצטער פינצטערט שטומערהייט,
זי רייסט נישט אָפּ פון מיר סיעקשנותדיקע קוקן —
איר בליק — אַ רעטעניש, און ווייס נישט דעם באַדייט".
(„אַ מידע שעה")

דאַן איז לאָגיש, אַז דער דיכטער זאָל אַלץ טיפער אַריינקוקן אין זיין אייגענעם גייסטיקן איך, און זיך אַליין עטנפערן אויף עיקרדיקע פראַגן, וואָס איינע פון זיי קומט צום אויסדרוק אין דעם זעלבן געדיכט:

„איז רגע אייביקייט? — איז אייביקייט דער סוף?"

ס'איז נישט קיין צופאַל וואָס אין דער וועזנטלעכסטער אָפּטיילונג פון בוך: „ביי די שויבן פון שפּיטאָל" געפינען זיך געדיכטן מיט אַזעלכע כאַראַקטעריסטישע נעמען, ווי — „שרעק" און „אומעט", דער אומעט, וואָס „וויגט זיך אויף אַן אומזיכטבאַרער שטריק". אין אַזאַ אַטמאָספערע איז נאַטירלעך דעם דיכטערס מודה זיין זיך, אַז

„כיהאָב אַ גאַנצע נאַכט געחלומט פון לוויות
און פון מענטשן אונטערן מעסער פון כירורג".

אין אַזעלכע מאָמענטן איז אומפאַרמיידלעך, אַז דער סענסיטיווער גייסט פון דעם פּאָעט זאָל זיך ווענדן צו געדאַנקען, וואָס האָבן ווייט, ווייט געלאָזן הינטער זיך די אַלטעגלעכקייט, וואָס ווערט דאַן אַלץ איינגעשרומפּענער, ביז צו מיקראָסקאָפּישקייט, און זאָל אַריינטרעטן אין דעם געביט פון טראַנ־צענדענץ. און בערלינער טראַכט:

„אַזוי האָסטו באַשאַפן, גאָט, די וועלט —
האָסט איר פאַרשאָלטן און פאַרבענטשט, פאַרקללהט און
פאַרברכהט,
אַזוי האָסטו באַשאַפן, גאָט, די וועלט —
אַז נעבן גאָרטנס בליענדיקע, נאָך דער באָדן רוי איז,
און נאָנט פון מדברדיקער שטילקייט — שטאָט־געגרילץ און
טרערן —
פאַרפלעקט מיט בלוט ווערט גראָז און פלאַנץ, און זע, דער
הימל בלוי איז...
באַמיסטיקט מען די פעלדער, אַז די שפע זאָל זיך מערן".
(„אַזוי האָסטו באַשאַפן, גאָט, די וועלט")

אַזוי קען רעדן נאָר ווער ס'האָט אין זיך אַנטדעקט אַ קיינמאָל פריער נישט פאַרדעכטיקסטן גלויבן אין אַ העכערן, וועלט נאָרמירנדיקן ווזען. אָט דער עלעמענט, דער רעליגיעז־קאָסמישער, איז עס דער וואָס באַריי־כערט איצט וועזנטלעך יצחק בערלינערס דיכטונג און וואָס איז דער איג־טערעסאַנטסטער אין „געזאַנג פון מענטש".

— 4 —

זייט ביי זייט מיט אָט דעם געפיל גייט די גליקזעליקייט פונעם מענטשן, צו וועמען דאָס לעבן האָט ד אָ ך זיך נישט אויסגעדרייט מיטן רוקן. און מעג עס זיין אין מיטן ווינטער, מיט זיינע קעלטן און שנייען־זאַוויע־רוכעס, איז דער דיכטער ביי זיך האָפערדיק. אין אַ וווּנדערלעכן, אָפּטי־מיסטיש אָנגעהויכטן געדיכט דערציילט ער אונדז:

„ס'איז ווינטער, ס'איז קאַלט, און מיר פרילינגט אין האַרץ,
ס'איז סוף פון דעצעמבער, נאָר כ'פיל, אַז ס'איז מאַרץ,
עס ווינקט מיר דער שניי און כ'פאַרשטיי אויפן ווונק,
אַז כ'גיי נאָך נישט שטאַרבן, כ'בין אַלץ נאָך צו יונג,
דער שימער פון שניי אַזאַ צייכן מיר ברענגט,
אַז צייכנען איך וועל נאָך אין שניי מיינע טריט,
כ'וועל זעען דעם פרילינג, דעם זומער, דעם שניט.
און זאָגן וועט גאָט: כ'האָב דיר ס'לעבן געשענקט!
און בליק מיינער וועט זיך פאַרחלומען: — כ'בענק! —
און פליען ווי"א פלאַטערל, גליען אין שפּרונג —
כ'גיי נאָך ניט שטאַרבן, כ'בין אַלץ נאָך צו יונג".

(„איך גיי נאָך נישט שטאַרבן")

לא אָמות כי אחיה ואספּר מעשי יה. זעלטן ווען האָט יצחק בערלינער זיך דערהויבן צו דעם דיכטערישן פאַטאָס, מיט וועלכן ס'אָטעמט אָט דאָס געדיכט, איינס פון די שענסטע אויסדרוקן פון לעבנספרייידיקייט אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע. לאָמיר זשע ציטירן פון אים כאָטש נאָך איין סטראָפע:

„כ'האָב נאָך נישט געזונגען מיין לעצטן געזאַנג —
דו בליץ פון מיין חלום, איך הער ווי דו רעדסט: —
„אין פעלד וואַקסן אויך נישט די זאַנגען צום לעצט".
אין מיר רייפט דאָס לעבן אויפסניי, ווי דער זאַנג,

דער פלאַם פון מיין ליכט — ער דערכאַפּט זיך אין צאַנק, —
עס רופט מיך מיין ווידערגעבורט, כיהער דעם קלונג —
כיגיי נאָך נישט שטאַרבן, כיבין נאָך צו יונג".

איז שוין דערפאַר אויך נישט קיין וונדער, אַז דער פּאָעט וואַרפט זיך פריידיק אין די אָרעמס פון דעם ניי־געוווּנטענעם לעבן און באַזינגט זיין אייגענע ווידער־געבורט. ער וויל נישט פאַרלירן קיין איין איינציקן טראָפּן פון דעם צוריקגעקראָגענעם לעבנס־עליקסיר, ווייל

„יעדע רגע שווינדט, אַ לויפנדע גאַזעלע,
יעדע שעה, פאַר וויטער אייביקייט, אַ שיר איז".

לא אָמות כי אחיה. דער הימן צום ווידער־געוווּנענעם לעבן, וואָס דאָס איז, ווי שוין דערמאָנט ,דער רוקן־ביין, די קווינט־עסענץ פון יצחק בערלינערס נייסטן בוך, מאַכט לאָגיש זיין אויסקלאַנג: „עס גייט נישט אונ־טער, נאָר פאַרקערט, ס'גייט ווידער אויף אויף אונדזער ערד דאָס מאָרגנ־ליכט".

1954.

# „מײַן שבט נע־זנדער"
## (װעגן יעקב גלאַנצס אַ מײַסטער־דיכטונג)

אַז גרויסע, עפּאָכע מאַכנדיקע געשעענישן זאָלן קריגן זייער אָפּקלאַנג און אָפּשפּיגלונג אין דער ליטעראַטור, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. וואָס שייך אָט דעם פאַקט, איז אָבער דאָ אַ געוויסער אונטערשייד צווישן דעם געביט פון קינסטלערישער פּראָזע און דעם פון אייגנטלעכער פּאָעטישער שאַ־פונג. געוויינטלעך פאָדערט זיך אַ גרעסערע דיסטאַנץ אין צייט צווישן דער היסטאָרישער געשעעניש און דער שאַפונג פון דעם אַנטשפּרעכנדיקן קינסט־לערישן ווערק, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן קינסטלערישער פּראָזע. אַזוי, צום ביישפּיל, ווען מיר וואַרפן אַ בליק אויף דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, זעען מיר, אַז אַלעקסאַנדער בלאָק האָט געקענט שאַפן זיינע „צוועלף" אין סאַמע רויש פון די היסטאָרישע געשעענישן; דאַקעגן האָט מיכאַיל שאָלאָכאָוו געקענט באַוויזן אָנצושרייבן זיין „שטילן דאָן" ערשט ווען צווישן דעם שאַפן אָט דאָס ווערק און דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז שוין געווען אַ צייט־דיסטאַנץ פון אַ צוויי צענדליק יאָר.

ווען מיר קוקן זיך צו צו פּאָעטישע שאַפונגען, וואָס זענען אַנטשטאַנען אין דער אוממיטלבאַרער צייט־שכנהשאַפט מיט טראַסצענדענטאַלע היסטאָ־רישע געשעענישן, מערקן מיר, אַז אין זייער ווייט גרעסטער מערהייט זענען זיי פון אַ לירישן כאַראַקטער, און דריקן אויס די געפילן, וואָס באַ־הערשן דעם דיכטער אין אָנבליק פון דער אָדער יענער עפּאָכע־מאַכנדי־קער געשעעניש, וואָס אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן צו זיין איר מיט־צייטלער.

דאַקעגן איז זעלטן דער דיכטער, וואָס זאָל זיך דערהויבן איבער זיינע אייגענע עמאָציעס, וואָס זענען דער דירעקטער אָפּקלאַנג, אין פערזן, פון דעם, וואָס ער פילט וואָס שייך דעם „שטורם און דראַנג"־פּעריאָד, וואָס ער, זיין סאָציאַלע גרופּע, זיין פאָלק אָדער די מענטשהייט לעבט דורך.

ס׳איז זעלטן יענער דיכטער, וואָס זאָל אָנשטאָט זיך אויסצודריקן ליריש, זיך שטעלן, און דערפילן, אָט די אַנדערע אויפגאַבע: אַריינצודרינגען אין די געשעענישן, צו דערהויבן זיי צו דער קאַטעגאָריע פון סימבאָלן, און אין סימבאָליסטישער פּאָעזיע אַרויסצוברענגען דאָס נאַציאָנאַל — אָדער אוניווערסאַל — תמצותדיקע פון די היסטאָרישע געשעענישן און אַנטוויקלונגען, וואָס ער, דער דיכטער, איז זייער עדות.

איך האָב ניט צופעליק דערמאָנט אַלעקסאַנדער בלאָק. ער איז דער דיכטער „פּאַר עקסצעלאַנס" פון סימבאָליסטישער פּאָעזיע, געשריבן אין דער צייט פון עפּאָכע מאַכנדיקע געשעענישן. זיין פּאָעמע „צוועלף", וואָס אין איר געפינט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, פאַרקערפּערט אין די צוועלף אַפּאָסטאָלן, וואָס אין זייער שפּיץ מאַרשירט יעזוס קריסטוס, אַן אויסדרוק אין פּאָעטישע סימבאָלן, איז איינער פון די גלענצענדיקסטע ביישפּילן פון דעם שווערן זשאַנר פון סימבאָליסטישער פּאָעזיע, וואָס אין איר וויל דער דיכטער אויסגעפינען און אויסדריקן דעם טיפערן זין פון דעם „שטורם און דראַנג"־פּעריאָד, אין וועלכן ער אַליין לעבן און שאַפט.

צו דעם זשאַנר פון סימבאָליסטישער פּאָעזיע, וואָס מיר האָבן דאָ כאַראַקטעריזירט, געהערט יעקב גלאַנצס ביז גאָר איינדרוקספולעס ליד „מיין שבט נע־ונדער".

— 2 —

פון דעם, וואָס איך האָב ביז איצט געזאָגט, איז, גלויב איך, קלאָר, אַז ווען עס רעדט זיך וועגן אַ היסטאָרישער, עפּאָכע מאַכנדיקער געשעעניש אין אונזער אייגענעם, יידישן לעבן, וואָס דער דיכטער יעקב גלאַנץ איז איר מיטצייטלער, באַציט זיך עס אויף דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל.

איז טאַקע אין דעם טיפערן זין פון אָט דעם געוואַלטיקן היסטאָרישן פאַקט, דרינגט אונזער דיכטער אַריין אין „מיין שבט נע־ונדער", וואָס אָט דער נאָמען אַליין איז שוין כאַראַקטעריסטיש. און דאָס, צו וועלכן ער דערגראָבט זיך, גראָבנדיק טיף אין דעם מער וועזנטלעכן אינהאַלט פון פאַקטן און דערשיינונגען, קומט אין דעם דאָזיקן ליד צום אויסדרוק אין סימבאָלישער באַקליידונג.

„פאַרהאַנגען פון אייזן
און פון גאָלד
פאַרשטעלן די אַרויסגענג פון די נעכט".

אין אָט די פערזן, אַ מינימום פון ווערטער, מיט מאַקסימום פון געדאַנק איז אויסדריקט די טראַגיק פון איצטיקן ישראל, וואָס לעכצט נאָך

אַלץ גרעסערע און גרעסערע מענטשן־מאַסן, וועלכע קומען אָבער נישט צוליב די צוויי פונדאַמענטאַלע סיבות: די „פּאַרהאַנגען פון אייזן און גאָלד". די וואָס ווילן, קענען נישט, און די וואָס קענען, ווילן נישט.

באַנוצנדיק אין זיין ליד טיף יידישע טערמינען, ווי, צום ביישפּיל, אָנרופנדיק די שטערן „מזלות", גיט דער דיכטער אַן אויסדרוק צו דעם, וואָס ער הערט אַרויס פון דער שטילקייט פון די נעכט אין ירושלים (ווו דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן), און וואָס איז ריינסטע סימבאָליסטיק:

„פון יענער זייט פון צייט
דער אומזיכטיק־קריכנדיקער זייגער
דערמאָנט די שעה פון צוועלף
דעם שוין פאַרשפּעטיקטן, פאַרזאַמטן:
— זע, דער כוס פון חצות
איז איבער ראַנדן".

— 3 —

איינער פון די כאַראַקטעריסטישסטע קענצייכנס פון דער היסטאָרישער געשעעניש, וואָס ס'איז די אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה, איז בלי שום ספק דער קיבוץ גליות. פון מזרח און מערב, פון צפון און דרום, האָבן ביז דאָ נישט לאַנג צוריק געשטראָמט די אימיגראַנטן־מאַסן, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט נישט נאָר פאַרשידענע מענטשן־טיפּן, נאָר טאַקע ממש פאַרשידענע וועלטן. כמעט אַלע זענען זיך געווען באַוווסט, אַז ס'דערוואַרט זיי אין ישראל נישט קיין גן־עדן אויף דער וועלט. זייער אַלע־מענס אינערלעכן וועזן האָט דער דיכטער דורכגעדרונגען אין די פאָלגנ־דיקע, שפּראַכלעך, זעלטן שיינע פערזן:

„פון נע־ונדער מיין שבט קומט
מיט טאָרבעס בראָך
און ברכהדיקע האָרבן,
פון אויסוועלטן ער גייט,
פון סוף פון וועלטן,
און איז אין מדבר גרייט
אויפצושלאָגן די געצעלטן".

זיי די דאָזיקע אַלע איינוואַנדערער, האָבן דורכגעמאַכט „אַ וועג פון פּיין און וווּנדער". ס'איז גענוג זיך צו דערמאָנען פון איין זייט, די טראַ־געדיע פון דער שיף „סטרומאַ", כדי צו באַגרייפן דעם פּיין; און פון דער

אַנדערער זייט, דעם, ווי אַ לעגענדע קלינגענדיקן אָפּפּליען פון די פער־ציק טויזנט תימנער יידן „על כנפי נשרים” פון זייער גלות צו זייער אויס־געטרוימטן היימאַט־לאַנד, כדי צו פאַרשטיין, ווי טיף דער דיכטער האָט באַגריפן דאָס אַלץ, ווען ער האָט עס כאַראַקטעריזירט, ווי

„אַ וועג אַ גענדזנשפּאַן,
אַ וועג פון פּיין און וונדער”.

און בילדלעך, וואָס בילדלעכער קען שוין נישט זיין, זענען די אימאַזשן, וואָס דורך זיי אַנטפּלעקט פאַר אונז דער פּאָעט דאָס אַלגעמיינע, וואָס ס'פּאַר־בינדט אָט די גרויסע איינוואַנדערער־מאַסע ביים באַטרעטן דעם באָדן פון דעם אויסגעחלומטן לאַנד: אַ געמיש פון גרויליקע דערינערונגען און פריי־דיקע דערוואַרטונגען:

„עס ברענגט דער גורל־קאַראַוואַן
און יעדערער באַזונדער
אַ פונק פון וואַלד פון אָפּגעברענטן,
אַ לאָגל טרייסט
פון אַ ברודער צו אַ ברודער אַ דערקענטן”.

— 4 —

די פרייד איז נישט די דיאָניסישע, די פול־בלוטיקע און באַדינגונגס־לאָזע. ס'איז אַ פרייד, וואָס די גרעניץ צווישן איר און דעם טרויער, וואָס גייט זייט ביי זייט מיט איר, לאָזט זיך לייכט אָפּווישן. אָט די אַלע מענטשן, וועך אויף אַזאַ און וועך אויף אַן אַנדער אופן, האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אַ „טראומאַ”, פון וועלכער זיי וועלן זיך שוין דאָס גאַנצע לעבן נישט קע־נען באַפרייען, ווייל

„די בייטש פון פּחד יאָגט
מיט לשון אַ פאַרשטומטן,
און סינאָגט די פרייד
מיט אַנגעשוואָלענע געשווירן”.

און דאָך: דעם דיכטערס אויסקלאַנג איז נישט פון טרייסטלאָזן צער און פון שוואַרצער נאַכט. אומגעקערט, ער פאַרענדיקט מיט אַ רוף צו טאָט:

„די פאַרלוירענע נישט ציילט
און זאַמלט די געקומענע צוזאַמען!”

אין דער היינטצייטיקער יידישער פּאָעזיע איז יעקב גלאַנצס „מיין שבט
נע־ונדער״ אַ צענטראַלער פּונקט. זיין סימבאָליסטיק אין אָט דעם פּרעכ־
טיקן, ביז גאָר איינדרוקספולן געדיכט, געהערט צו די בעסטע מוסטערן פון
אָט דעם זשאַנר גישט נאָר אין דער יידישער דיכטונג, נאָר אין דער מאָ־
דערנער פּאָעזיע בכלל. ס׳איז אַ ליד, וואָס קען אַנטציקן אין יעדער שפּראַך.

1961.

# ייִדיש־מעקסיקאַנישער אַקצענט אין מאיר קאָראָנאַס ווערק

## (צו זיין ווערן אַ בן - שבעים)

אַז מאיר קאָראָנאַ האָט, ווי אַ דערציילער, אַ שאַרף אויג און אַן אָנ־געשפּיצט אויער צו דעם אַרום, ווו די געשילדערטע סביבה זאָל נישט זיין: אין דער אַלטער היים, צי אין זיין נייעם ווּינלאַנד: מעקסיקע, — איז אַן אַלט באַקאַנטע זאַך.

זיין „עין רואה ואוזן שומעת" באַשטעטיקט זיך אַמבעסטן אין זיינע קורצע דערציילונגען. מ'וואָלט געקענט זאָגן, אַז וואָס קירצער זיי זענען, אַלץ שטאַרקער איז דער קינסטלערישער רוח החיים, מיט וועלכן זיי אָטעמען.

זיי זענען עס טאַקע די, וואָס גיבן, פון שטאַנדפונקט פון דערציילע־רישער קונסט, די גרעסטע מאָס עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, ווי ביכער, צו זיינע „היימישע מענטשן", „צייטן" און „אין שטראָם פון לעבן".

אין אָט די קורצע דערציילונגען לייגט ער נישט זעלטן אַריין אין מויל פון זיינע פּערסאָנאַזשן געדאַנקען גאָרנישט קיין באַנאַלע. וואָס מאַכן אָפּט דעם לייענער, פון זיין זייט, נאָכצודענקען. דאָס איז אויך אַ כאַראַק־טעריסטישער שטריך פון מאיר קאָראָנאַ, דעם דערציילער.

אָט דאָס אַלץ, צוזאַמען, מאַכט אים פאַר אַ טאַלאַנטפולן דערציילער; אָדער אפשר, בעסער געזאָגט: ווייל ער איז, גרונטזעצלעך, אַ קינסטלער־דערציילער, באַזיצט ער די אַלע אויבנדערמאָנטע שטריכן, וואָס אָן זיי קען מען שרייבן קינסטלעך, אָבער בשום אופן נישט קינסטלעריש.

— 2 —

לאָמיר אַ קוק טאָן אויף דעם אַספּעקט פון זיין שאַפן אויפן געביט

פון דער קורצער דערציילונג, וואָס האָט מער אויסזיכטן צו זיכערן אים אַ פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור.

דאָס איז דער יידיש — מעקסיקאַנישער אַספּעקט.

מיט אים ברענגט מאיר קאָראָנאַ אַריין אַן עלעמענט פון לאָקאַלן קאָ־לאָריט, וואָס, ווי אַזעלכער, באַרייכערט ער אונדזער יידישע ליטעראַטור, אויסברייטערנדיק איר האָריזאָנט דורכן באַרייכערן איר טעמאַטיק.

דאָ בעט זיך אַ פּאַראַלעל צווישן יצחק בערלינער עליו השלום און מאיר קאָראָנאַ, אים צו לאַנגע יאָר. דער דיכטער פון „טעפּיטאַ" און פון „זעקס מעקסיקאַנישע לידער" האָט באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור דורכן אַרויסברענגען, דורך זיין פּאָעזיע, פאַר דעם יידיש־לייענער, מעקסי־קע, ווי זי איז דורכגעגאַנגען דורך זיין, בערלינערס, דיכטערישער פּריזמע; מאיר קאָראָנאַס אויפטו באַשטייט אין אַרויסברענגען פאַרן יידיש־לייענער דעם יידן אין מעקסיקע, אין די בראשית־קאַפּיטלען און אין דער יוגנט־צייט פון דער יידישער אימיגראַציע דאָ אין לאַנד.

צו קענען באַווייזן אָט דאָס, איז אָבער נישט גענוג געווען צו קענען דעם אימיגראַנט, דעם יידן; כדי צו קענען קינסטלעריש אַרויסברענגען דעם אימיגראַנטס איבערלעבנישן, זיינע ראַנגלענישן אין דער נייער סביבה, איז נויטיק געווען, צו קענען, און גוט קענען, די מעקסיקאַנער, די וואָס האָבן געשאַפן די אוממיטלבאַרע סביבה פון יענע אימיגראַנטן. אויך אויף דעם האָט דער דערציילער געמוזט קוקן דורך אַ קינסטלערישער פּריז־מע, דאָס הייסט, קענען זייער לעבנסשטייגער און טיף אַריינדרינגען אין זייער ספּעציפיש פּסיכאָלאָגישע שטריכן, ווי מעקסיקאַנער.

ס'איז גענוג צו לייענען בלויז עטלעכע פון מאיר קאָראָנאַס קורצע דער־ציילונגען אויף ריין־מעקסיקאַנישע טעמעס, ווי, צום ביישפּיל, „אַוואַנסן", אָדער „וואָס איז אַ יידז?", כדי גלייך צו זען, אַז דער מחבר איז אַ גוטער קענער פון דעם הינטערגרונט פון דעם לעבן פון די יידישע אימיגראַנטן פון די צוואַנציקער און אָנהויב דרייסיקער יאָרן דאָ אין לאַנד.

אין אָט דער הינזיכט איז מאיר קאָראָנאַ, אַזוי צו זאָגן, אויסער קאָנ־קורענץ צווישן היגע יידישע דערציילער.

— 3 —

מאיר קאָראָנאַ האָט גאַנץ טיף אַריינגעקוקט אין דעם פּרצוף פון דער בראשית־אימיגראַציע קיין מעקסיקע; ער האָט אָבער אויך נישט דורכגע־לאָזן די שפּעטערדיקע אַנטוויקלונג אירע. און ער האָט אונדז צו דער־ציילן עפּעס, וואָס ס'איז, ווי דער קינסטלער־דערציילער האָט עס גאָר פריי, ווייל נאָך אין די דרייסיקער יאָרן, אויפגעכאַפּט, אַן אָנזאָג אויף אַ סך פון

דעם, וואָס האָט אונדז, ווי אַ ישוב, אין די פערציקער און אין די פופציקער יאָרן פאַרשאַפט אַ היפּש ביסל קאָפּ־ווייטיק.

„יאָרן זענען געלאָפן. אין מעקסיקע האָט אַ יידישער ישוב זיך אָנגעהויבן צו פאָרמירן, און מיטן וואַקסן פון ישוב איז זיך אויך צעוואַקסן דער נאָמען פון גרויסן נדבן כאָסע מאָסס.

יאָסקע איז שוין געווען איבערגעזעטיקט מיט געלט, און ער האָט געהונגערט נאָך כבוד, נאָך אַ ביסל היימישן, באַלעבאַטישן כבוד. אין דעם דאָזיקן כבוד האָט ער געוואָלט זיך איינהילן און באַהאַלטן, אויסבאַהאַלטן יענעם „יאָסקען", דעם, וואָס ער האָט שוין געוואָלט פאַרגעסן אָבער נישט געקענט. און אַ שטענדיקער פּחד האָט אים פאַרפאָלגט, אַז אָט־אָט וועט יאָסקע אַרויסשפּרינגען און אָפּדעקן דאָס וואָס ער וואָלט אַזוי שטאַרק געוואָלט אויף אייביק צודעקן".

שפּעטער אַנטוויקלט מאיר קאַראַגאַ די דאָזיקע טעמע און ער באַקענט אונדז (אין בוך „צייטן") מיט חיים יואל דרילמאַן און זיין פרוי, פייגע־לאה. אויך ער, חיים־יואל, קען, ביי זיין גאַנצער רייכקייט, נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן „יענעם אָרעמען חיים־יואל דעם בעקער מיטן פאַרמעליקטן, קאַלטענעוואַטן געלן בערדל, מיט די גרויסע פאַרבלאָטיקטע שטיוול און לאַנגן פאַרשמאָלצענעם כאַלאַט, ווי ער האָט אויסגעזען אין זיין קליינעם, פּוילישן היים־שטעטל".

און זי, זיין ווייב? באַקענט זיך מיט דער זייער אינטערעסאַנטער פייגע־לאה:

„זי, פייגע־לאה, אַ דיקע צעגאָסענע יידענע, מיט אַ חוצפּהדיק, צעגאָסן פּנים, האָט אין מעקסיקע דערשפּירט באָדן אונטער זיך.

וואָס ווייטער זי איז געקראָכן באַרג אַרויף, אַלץ מער האָט זיך צעשפּילט אין איר די תאווה נאָך רום, נאָך פאַרנעם. אַ ווילדע גרויסקייט־מאַניע האָט געצונדן אירע בלוטן און זי צורו נישט געלאָזט. אין איר אונטערבאַוווסטזיין האָט געברענט אַ נקמה־געפיל אַזאַ, ווי זי זאָל זיך וועלן אָפּרעכענען מיט דער וועלט פאַר „יענער וויסטער, פאַרשלומפּערטער צייט, וואָס זי האָט צעפּטרט דאָרט, אינעם קליינעם שטעטל".

(„פאַרמשכנט ביים גביר")

דערקענט איר נישט אין חיים־יואל דרילמאַן און זוגתו, פייגע־לאה, אייערע שפּעטערדיקע גוטע באַקאַנטע, די שוין קלאַסיש געוואָרענע יאַנקל

פייפער און יענטע טיניפּאָצקי ? אַזוי איז עס: מאיר קאַראַנאַ האָט אַנטדעקט און אַרויסגעבראַכט אין דער געשטאַלט פון חיים־יואל דרילמאַן און זיין ווייב, פייגע־לאה, דעם עמבריאָן פון דער יאַנקל פייפער — יענטע טיני־פּאָצקי־פּאָרל; וויסבוים האָט זיי אַרויסגעבראַכט, שוין פולשטענדיק אויס־געפורעמט, אין זייער גאַנצער „פּראַכט".

— 4 —

דער בעסטער באַאָבאַכטער איז מאיר קאַראַנאַ דאָן, ווען ער קוקט זיך צו צו די ערשטע טעאַפּן פון דעם יידישן אימיגראַנטישן לעבן דאָ אין לאַנד. זיין אויג איז אָפן צו דער הויפּטשטאָט, אָבער אויך צו דער פּראָווינץ; און דער צוקונפטיקער היסטאָריקער פון אונדזער ישוב, וועט נישט קענען זיך באַגיין אָן מאיר קאַראַנאַס אָנ־געצופענע ווערק, ווייל אַזוי איז שוין די נאַטור פון גוטע, קינסטלעריש אויסגעהאַלטענע דערציילונגען: זיי ברענגען אונדז אַרויס מענטשן אמתע, פון פלייש און בלוט; און גלייכצייטיק באַלערן זיי אונדז וועגן זייער צייט און וועגן זייער סביבה־הינטערגרונט.

מאיר קאַראַנאַס קינסטלערישע שטאַרקייט ליגט אין דער קורצער דער־ציילונג אויף יידיש־מעקסיקאַנישע טעמעס. דאָ דערהויבט ער זיך אָפט ביז צו מייסטערשאַפט.

.1960

# „אין מעקסיקאַנער גן עדן“

## (אברהם ווייסבוימס געקליבענע פעליעטאָנען, הומאָרעסקעס, מאָנאָלאָגן)

דער איינדרוק, וואָס איר קריגט ביים נעמען זיך צום לייענען „אין מעקסיקאַנער גן־עדן“, איז ווי אייערס אַן אַלטער גוטער פריינט וואָלט אייך גוטמוטיק געקלאַפּט אין פּלייצע. איר פילט, אַז אַזוי טאָן קען נאָר אימי־צער, וואָס האָט אייך גערן. איר קוקט זיך אום: יאָ, אַזוי איז עס טאַקע.

זענען דאָך אַלע פעליעטאָנען, הומאָרעסקן און מאָנאָלאָגן, וואָס זענען, נאָך אַן אָפּקלייב מצד דעם מחבר, אַריין אינעם בוך, נישט קיין נייע. מיר האָבן דאָך שוין פון זיי אַמאָל הנאה געהאַט, און — פאַרוואָס עס נישט מודה זיין? — מיט מאַנכע פון זיי זיך געקוויקט.

ווי זאָגט דאָס קלוגע פאָלקסווערטל: „אַלטע ליבע זשאַווערט נישט“, און ווייסבוימס אייגנאַרטיקע שילדערונג פון געוויסע אַספּעקטן פון אונדזער היגן יידישן לעבן, וואָס מ׳וואָלט אפשר געקענט אָנרופן זיין קרומער שפּיגל, האָט ווידער אַ מאָל אויסגעאיבט איר פאַסצינירנדיקע ווירקונג. און איך בין זיך מודה: איך האָב זיין נייעם בוך געלייענט מיט נישט קיין קלענערן, און מאָמענטנווייז מיט נאָך אַ גרעסערן אינטערעס, ווי זיינע „מעקסיקאַני־שע זיגזאַגן“. דאָס איז דערפאַר, ווייל אין דעם היפּשלעך־לאַנגן צייט־אָפּשניט, וואָס טיילט אָפּביידע ביכער, איז ווייסבוימס ליטעראַרישער סטיל נאָך רייפער געוואָרן, און, פון דער צווייטער זייט, איז אויך זיין באַאָבאַכ־טער־אויג געוואָרן שאַרפער.

— 2 —

אין דעם ערשטן טייל פון בוך באַווייזט ער זיך אונדז ווי אַ מייסטער פון דער אַזוי שווערער פאָרם, וואָס ס׳איז דער מאָנאָלאָג. זענען דאָך דאָ נישט ווייניק באמת טאַלאַנטפולע דערציילער, וואָס אין דער דערציילונג

אָדער אפילו אין דער קורצער באַוועלע זענען זיי ערשט־קלאַסיק, אָבער ווען ס׳פאַלט זיי איין זיך צו באַנוצן מיט דער מאָנאָלאָג־פאָרם, הויבן זיי אָן צו שטויסן וואַסער... אין אונדזער היינטצייטיקער יידישער ליטעראַטור קען מען אָנציילן היפשע עטלעכע נעמען פון אַזעלכע העכסט־באַגאַבטע דערציילער, וואָס זענען אַ דורכפאַל, ווי מאָנאָלאָג־שרייבער.

וויסבוימס מאָנאָלאָגן זענען פערלדיק. זיי זענען עס ראשית כל דער־פאַר, ווייל ס׳מאָנאָלאָגירט אין זיי נישט וויסבוים, פאַרשטעלט אַלס דער אָדער יענער, נאָר טאַקע „דאָס פאָלק״, פאַרקערפּערט דורך דעם אָדער יענעם, וועלכער איז טאַקע אַליין אַ שטיק „פאָלק״, וואָס לעבט אין אַ באַשטימטער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אַטמאָספערע.

ס׳איז שווער אָנצווייזן אויף אַ באַשטימטן מאָנאָלאָג, ווי אויף דעם בעסטן אין בוך. דאָס ווענדט זיך אין דעם טעמפּעראַמענט און געשמאַק פון דעם לייענער. מיך, צום ביישפּיל, אַנטציקט דער מאָנאָלאָג „מיר איז גוט, איך בין אַ קבצן״, וואָס, לויט דער טיפקייט פון זיין אינהאַלט, גייט ער ווייט אַרויס פון די גרענעצן פון דעם יידישן מעקסיקע און אפילו פון מעקסיקע בכלל. נעמט אַוועק פון אָט דעם מאָנאָלאָג די שטריכן פון לאָ־קאַלן קאָלאָריט, און ס׳בלייבט אַ טיפזיניקע באַטראַכטונג אין דער פאָרם פון אַ פעליעטאָן, נישט בלויז פון יידישן, נאָר אויך פון אַלגעמיין־מענטש־לעכן ווערט.

אומאָפּהענגיק פון דעם רעשט פון דעם אינהאַלט, וואָלטן די מאָנאָלאָגן, מיט זייער אייגענער ליטעראַרישער חשיבות אים געגעבן עקזיסטענץ־באַ־רעכטיקונג צווישן צוויי טאָוולען. אָבער אויך צווישן די זייטן פון דער פאַרהעלטניסמעסיק שוואַכער אָפּטיילונג: „אַלערליי״, געפינען מיר עפּעס, וואָס איז מלמד זכות אויף איר. דאָס איז די פּרעכטיק אָנגעשריבענע סאַ־טירע אויף די נעגאַטיווע זייטן פון אונדזער יידיש לעבן דאָ אין מעקסיקע, וואָס הייסט „ס׳איז גרינג צו זיין אַ ייד...״

— 3 —

דער וויכטיקסטער טייל פון דעם בוך, זיין רוקן־ביין, אַזוי צו זאָגן, איז, נאַטירלעך, „די פאַמיליע טיניפאָצקי״; די אין אונדזער סביבה טרויעריק באַרימטע געשטאַלטן פון „יאַנקעל פייפער״, „יענטע טיניפאָצקי״ און זייע־רע צוויי צאַצקעדיקע קינדער: „סעניאָריטאַ טיניפאָצקי״ און „סאַלוואַדאָר טיניפאָצקי״. זייער „רום״ איז שוין לאַנג אַריבער מעקסיקעס גרעניצן, און זייערע פיגורן זענען שוין, אַזוי צו זאָגן, קלאַסיש, אין דער גאַנצער יידי־שער לאַטיין־אַמעריקע. באַזונדערס איז אויף דעם פאָטער אין דער טיני־פאָצקי־משפחה אָנווענדבאַר דער צונאָמען אין שפּאַניש: „על קאַוואַיעראָ דע לאַ טריסטע פיגוראַ״.

גוט האָט געטאָן דער מחבר מיט דעם, וואָס ער האָט אַריינגענומען אין בוך נישט נאָר די נייע סעריע, וואָס איז דערשינען זינט דעם דער־שיינען פון די „מעקסיקאַנישע זיגזאַגן", נאָר אויך די וואָס איז געווען גע־דרוקט אין יענעם בוך. אָט די סעריע איז די פונדאַמענטאַלע. זי איז, אַזוי צו זאָגן, די גרונט־טעמע: די נייע סעריע וואָלט מען אייגנטלעך גע־קענט אָנרופן „וואַריאַציעס אויף דער טעמע: „די פאַמיליע טיניפאַצקי".

זאָל מיר דערלויבט זיין זיך אַליין צו ציטירן אין שייכות מיט אָט דער צאַצקעדיקער משפּחה, ווי וויסבוים האָט איר — אַזוי מייסטערהאַפט — אַרויסגעבראַכט פאַר אונדז:

„ווען אַ געוויסער נאָמען, גענומען פון אַ פעליעטאָן, בירגערט זיך אַזוי שנעל איין אין דעם באַוווסטזיין פון אַ קיבוץ, און עס דערגייט אַזוי ווייט, אַז מענטשן הויבן אָן צו אידענטיפיצירן די אָדער יענע פון זייערע מיט־מענטשן מיט אָט דעם נאָמען, איז עס דער בעסטער באַווייז, אַז ער פאַר־קערפּערט מיט זיך באַשטימטע כאַראַקטער־שטריכן, וואָס זענען פעסטגע־שטעלט געוואָרן פאַר אַ גאַנצן געזעלשאַפטלעכן שיכט. דאָס איז דער פאַל מיט די טיניפאַצקיס".

אין דער נייער סעריע שטעלט אונדזער גלענצנדיקער פעליעטאָניסט אַוועק יאַנקל פייפער מיט זיין יענטע טיניפאַצקי אין פאַרשידענע נייע סי־טואַציעס, וואָס דערלויבן אונדז צו זען און „באַוואונדערן" פאַרשידענע ניו־אַנסן פון זייער גייסטלאָזיקייט. קיין גרונטזעצלעך נייע כאַראַקטער־שטריכן פון די „העלדן" געפינען מיר אָבער נישט. זיי זענען אין דער ערשטער „טיניפאַצקי־סעריע" פאַר אונדז אָפּגעמאָלט געוואָרן אַזוי פּערפעקט, אַז אפילו וויסבוים אַליין, זייער באַשאַפער, האָט גאָרנישט געקענט אין זיי אַנטדעקן, וואָס זאָל זיין גרונטזעצלעך ניי. ווי שוין געזאָגט: טעמע מיט וואַריאַציעס.

.1960

# בנימין קאָוואַלסקיס „רייזע־מיניאַטורן“

ס׳טרעפט אָפּט, אַז אַ מענטש קען זיך אַליין אינגאַנצן נישט, אָדער ער קען זיך ווייניק. יאָרנלאַנג קען ער אַמאָל אָפּלעבן און נישט וויסן, אַז אַ געוויסער שטריך פון זיין גייסטיקער פּערזענלעכקייט דרימלט אין אים און וואַרט בלויז אויף גינסטיקע באַדינגונגען און אַ פּאַסנדיקן מאָמענט, כדי „נתגלה“ צו ווערן און אָנהויבן שיינען מיט זיין פולער ליכט.

דער פאַל בנימין קאָוואַלסקי באַשטעטיקט עס.

האָט צווישן אונדז געלעבט ביז איצט אַ היבש ביסל יאָרן אַ יידישער זשורנאַליסט, וואָס מיר אַלע האָבן געגלויבט, אַז מיר קענען אים אויס־געצייכנט: אַ זשורנאַליסט מיט אַ זויבערער פּען, מיט אַ פליסיקן סטיל, מיט אַ רואיקן טאָן, מיט אַ זאַכלעכן צוגאַנג; מיט איין וואָרט, מיט גוטער זשור־נאַליסטישער פּראָזע.

וואָס ס׳איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, איז, אַז אין דעם זשורנאַליסט בנימין קאָוואַלסקי איז ערגיץ ווו פאַרבאַהאַלטן אַ פּאָעטישער פונק, אַ פּע־איקייט צו זען זאַכן דורך אַ פּאָעטישער פּריזמע.

דערפאַר אויך די אָנגענעמע איבערראַשונג ביים לייענען זיין ביכעלע „רייזע־מיניאַטורן“ (פון אַ באַזוך אין מדינת־ישראל אין 1958).

מער ווי איינמאָל ביים לייענען אָט די „מיניאַטורן“, האָט זיך, ווי־ניקסטנס, איין אויפמערקזאַמער לייענער געפרעגט: „הגם שאול בנביאים?“. איז הייסט עס בנימין קאָוואַלסקי אויך „געכאַפּט אויף דער מעשה“? ברענגט אויך אין אים דער פונק פון דיכטערישער אָנגעהויבקייט, די פעאיקייט אי־בערצולעבן פּאָעטישע שטימונגען, צו זען פּייזאַזשן דורך אַ דיכטערישער פּריזמע, און, וואָס ס׳איז נאָך וויכטיקער, צו קענען זיי אויסדריקן אין שריפט?

אָבער אַזוי איז עס, און דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות דערפילט אַ זייער אָנגענעמע פליכט עס פעסטצושטעלן. די וויטערדיקע שורות זענען געווידמעט צו דער אנגענעמער אויפגאַבע צו אילוסטרירן, אויפן גרונט פון

עטלעכעביישפּילן דעם פּאָעטישן אָנהויך, וואָס כאַראַקטעריזירט קאָוואַלס־קיס „רייזע־מיניאַטורן"; בלויז עטלעכע ביישפּילן, וואָס, צוזאַמען, האָבן זיי, ביי מיין בלעטערן זיין ביכעלע, געשאַפן דעם פּאָעטישן פּערפום, וואָס גיט די „רייזע־מיניאַטורן" גאָר אַ באַזונדערן ווערט.

— 2 —

איר וועט פון די „ רייזע־מיניאַטורן" קיין סך פאַקטן און דאַטן וועגן דעם לעבן אין מדינת־ישראל נישט אַרויסקריגן. דאָס ביכעלע וועט אָבער פאַר אייך אַנטפּלעקן אַ פּאָטענציעלן שרייבער פון קינסטלערישער פּראָזע.

איר וועט זיך אויך באַקענען מיט דעם נישט צו אָפטן טיפּ פון אַ יידן. וואָס פאַרט קיין ישראל, פּירנדיק אין זיין באַגאַזש טיפע, דורך דורות גע־פלעגטע בענקשאַפט, און וויזיטס וועגן דעם לאַנד, וואָס זענען פאַרוואָרצלט אין דער אַלט־אַלטער געשיכטע פון יידישן פאָלק און פון ארץ־ישראל. קאָוואָלסקי איז פון יענע „עולי רגל", וואָס ערגיץ ווו אין זייער נשמה איז פאַרבאַהאַלטן דער הייליקער ציטער, וואָס האָט דורכגעצומען רבי יהודה הלוין, ווען ער האָט באַטראָטן דעם ארץ־ישראלדיקן באָדן. און כאָטש דער שרייבער פון די „רייזע־מיניאַטורן" האָט שוין נישט געדאַרפט שטעלן די פּאָעטישע פראַגע פון „ציון אלי תשאלי", איז אָבער די עמאָציע, וואָס מיט איר איז ער געווען דורכגעדרונגען, ווען ער האָט באַטראָטן די יש־ראל־ערד, געווען פונקט אַזוי טיף.

„די חומש־טראַיעקטאָריע האָט באַצויבערט אונדזער געמיט, און דער גליענדיקער ביבלישער אָטעם האָט באַהויכט אונדזערע עמאָציעס, באַריי־כערט אונדזער פאַנטאַזיע און געמאַכט פיבערן אונדזער נשמה. קען מען דאָס אַלץ פאַרגעסן? קען מען אָט די אַלע זינגענדיקע ערטער, וואָס שטעלן צענויף דאָס עבורדיקע לעבן פון אַ פאָלק, אויסמעקן פון אונדזער גע־דע־צענויף דאָס עבורדיקע לעבן פון אַ פאָלק, אויסמעקן פון אונדזער געלעכ־נישן?"

דערפאַר איז אַזוי פאַרשטענדלעך פאַרוואָס, ווען בנימין קאָוואַלסקיס פיס האָבן צום ערשטן מאָל באַטראָטן דעם ארץ־ישראל־באָדן, האָט ער שטיל־תפילהדיק געשעפּטשעט אָפּגעריסענע ווערטער פון רבי יהודה הלויס אַ ציון־ליד:

„...געבענטשט איז דער, וואָס וועט דערלעבן זען
ווי סינייט אויף לויכטנדיק דיין מאָרגנשטערן,
זען גליק אויף דיינע פריינד, זיך פרייען מיט דיין פרייד,
ווען דו באַנייט און יונג וועסט ווידער ווערן".

כדי אַ באַשרייבונג זאָל זיין פּאָעטיש, איז ווייניק, אַז ס'זאָל זיך אין איר פילן עמאָציאָנעלע שפּאַנונג; ס'איז נויטיק, אַז אין דער זעלבער מאָס זאָל זי זיין אויך בילדלעך. בלויז דאַן ווען ס'זענען אין איר פאַרטראָטן ביידע עלעמענטן: עמאָציאָנעלע שפּאַנונג, פון איין זייט, און בילדלעכקייט, פון דער אַנדערער, האָבן מיר צו טאָן מיט אַ פּאָעטישער באַשרייבונג. דער לירישער אונטערטאָן און דער וויזועלער איינדרוק מוזן גיין צוזאַמען.

אָט אַזוי פאַרשטאַנענע, פּאָעטיש אָנגעהויכטע באַשרייבונגען, זענען דאָ און די „רייזע־מיניאַטורן" נישט ווייניק. אַזוי, צום ביישפּיל, לייענען מיר, אַז

„היינט צו טאָג קלינגען פון אַלט־שטאָט שווערלייביקע קלויסטער־גלעקער. און ווען אין אַ ירושלימער בין־השמשות פאַרנעמט דיין אויער דעם דאָזיקן גלעקער־געקלאַנג, דוכט זיך דיר, אַז צלם־שאָטנס נעמען זיך אויסשפּרייטן ביים ראַנד פון גוססדיקן טאָג, און ווילן פאַנגען אין זייערע פינצטערע נעצן ניי־ירושלים".

לאָמיר איצט אַרויספאָרן מיט אים פון ירושלים, און, פון שטאַנדפּונקט פון באַשרייבונג מיט אַ לירישן אונטער־טאָן, אים באַגלייטן איבער עטלעכע פּונקטן פונעם לאַנד. אָט זענען מיר מיט אים אין גליל:

„אין אָט דעם ווונדערלעכן פּייזאַזש, וואָס פאַרכאַפּט מיט זיין מאַיעסטעטישקייט דאָס האַרץ און אויג, ליגט אין רו דאָס שפּיגלדיקע כנרת, ווו קוים לאַשטשענדיקע כוואַליעס, באַזוימטע מיט פּערלדיקע שפּיצן, שלאָגן זיך אָן אין זיינע ברעגן. און איבערן כנרת טורעמט זיך דער קאָפּ פון חרמון־באַרג, פאַרצויגן מיט שניי־ווייסע שלייערן. אַ גרינלעכער שמאָלער פּאַס שלענגלט זיך צווישן די באַזאַלט־בערג און פאַרלירט זיך אין דער נישט געצוימטער ווייטקייט. דאָס איז דער ירדן".

ווען איך וואָלט נישט געוווּסט, אַז דער מחבר פון אָט דער ווונדערלעכער, אַזוי שטאַרק פּאָעטיש אָנגעהויכטער באַשרייבונג, איז בנימין קאָוואַלסקי, וואָלט איך געגלויבט, אַז זי איז אַרויסגענומען פון אַ ווערק פון אימיצן פון די גדולים אין אונדזער יידישער ליטעראַטור.

אין דעם זעלבן גליל, שטייענדיק אויפן אויסקוק־פּונקט איבערן כנרת, און באַקוקנדיק די לאַנדשאַפט אַרום, האָט ער געזען, אַז

„די זון האָט אַלץ פאַרגאָסן מיט אַ כישופדיקער בלענדקייט און נאָך בולטער געמאַכט די פעלדזן־רוקנס פון די ספּיראַלע בערג. עפּעס אַ פאַרגליווערטער שטילשווייגן איז געשטאַנען אין דער לופט, וואָס איז געווען אַזוי בלוי־דורכזיכטיק".

אויב אַ פּאָעטישע באַשרייבונג דאַרף זיין מאָלעריש, איז דער אויסדרוק

„אַ פֿאַרגליווערטער שטיל־שוויגן" איינע פֿון די בילדלעכסטע ליטעראַרי־
שע פֿיגורן, וואָס מ'קען זיך נאָר פֿאָרשטעלן.

— 4 —

פּונקט אַזוי קינסטלעריש, פּאָעטיש אָנגעהויכט, זענען קאָוואַלסקיס באַ־
שרייבונגען פֿון דעם פּייזאַזש, וואָס מ'זעט אויף דעם וועג פֿון ראש־פּינה
קיין צפֿת, און פֿון צפֿת גופֿא; און נישט ווייניקער ווערטפֿול, ליטעראַריש,
איז זיין אויסבליק אויף חיפה ביינאַכט, ווען

„זי פֿלאַקערט אויף מיט טויזנט ליכטער, וואָס טונקען זיך אין דער
בלויטיקייט פֿון ים און מיניען זיך מיט טויזנטער קאָלירן. פֿון ים גייט אויף
אַ לייכטער נעפּל, און דער אונטערשטער טייל פֿון שטאָט ווערט איינגע־
הילט אין אַ ווייסן טלית און פֿאַרשלונגען אין אַ מיסטישער נישט זעבאַ־
רער ליכט".

אַזוי איבערראַשט אונדז בנימין קאָוואַלסקי אנגענעם אויף מערערע זייט־
לעך פֿון זיין קליין ביכעלע „רייזע־מיניאַטורן" מיט קינסטלערישע, פּאָעטיש
אָנגעהויכטע קורצע באַשרייבונגען, וואָס זייער צמצום מאַכט נאָך שטאַרקער
דעם איינדרוק אויפֿן לייענער.

ווי געזאָגט: קיין סך פֿאַקטן און דאַטן וועגן מדינת־ישראל, וועט איר
פֿון די דאָזיקע „רייזע־מיניאַטורן" נישט אַרויסקריגן; אָבער אַז אין זייער
מחבר, בנימין קאָוואַלסקי, שלאָגט אַ שטאַרקער קינסטלערישער אָדער, אין
דעם וועט איר שוין בלייבן איבערצייגט.

.1959

# יצחק בערלינער, אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַט

## (אַ רעטראָספּעקטיווער בליק)

צייט איז, וואָס שייך דער ריכטיקער אָפּשאַצונג פון אַ מענטשן, דאָס, וואָס פּערספּעקטיווע באַדייט אין מאָלעריי. וואָס ווייטער דער פאַרשטאָרבענער ווערט פון אונז אָפּגערוקט אין צייט, אַלץ בולטער, רעליעפער, פורעמט זיך אין אונזער גייסט אויס זיין גייסטיקע געשטאַלט, סיי אין אירע איינצלנע שטריכן, און סיי אין איר גאַנצן פאַרנעם.

ווי איך זע איצט יצחק בערלינערן, איז די בעסטע קורץ געפּאַסטע כאַראַקטעריסטיק, וואָס מ׳וואָלט געקענט געבן וועגן אים: אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַט.

ווייל דאָס איז יצחק בערלינער געווען דורך און דורך. אויב מיר פאַרשטייען דעם באַגריף פון אַריסטאָקראַטיע נישט אין דעם זין פון אויסדערווײלטקייט דורך מאַטעריעלן באַזיץ און ווילזייך, וואָס גייט אַריבער בירושה, נאָר אין גאָר אַן אַנדערן זין, אין דעם זין פון באַטראַכטן דאָס לעבן ווי אַ נישט איבערגעריסענע קייט פון פליכטן, וואָס זייער דערפילונג גיט דעם, וואָס ס׳דערפילט זיי, דעם געפיל פון איניקער באַפרידיקונג, — דאַן איז יצחק בערלינער געווען אַן אַריסטאָקראַט אין פולסטן זין פון וואָרט. דער באַגריף פון לעבן, ווי אַ נישט איבערגעריסע קייט פון פאַרגעניגנס, פון וואַנען זיי זאָלן אויך נישט קומען, איז אים געווען אָרגאַניש פרעמד. דאַקעגן האָט זיין פאַרגעניגן געקוואַלט פון באַוווּסטזיין פון דערפילטער פליכט.

— 2 —

אָט דער אָרגאַנישער פליכט־באַוווּסטזיין איז במילא געגאַנגען אין יצחק בערלינער האַנט אין האַנט מיט טיפן באַוווּסטזיין פון פאַראַנטוואָרטונג, אין ברייטסטן זין פון וואָרט. וואָס אַנדערש איז דען געווען זיין אַזוי מענטשלעכער, נאָבעלער צוגאַנג צו מענטש און וועלט, אויב נישט אַ וואַריאַציע

פון זיין טיף פאַרוואָרצלטן באַוווּסטזיין פון פאַראַנטוואָרטונג?

דער גייסטיקער אַריסטאָקראַט אין אים האָט זיך געפילט באַליידיקט פון אַזוי פיל שלעכטס און אוממענטשלעכקייט, וואָס ער האָט געזען אַרום זיך אויף אַ וועלט־פאַרנעם. סיי דער עטיקער און סיי דער עסטעטיקער אין אים האָבן טיף געליטן פון דעם, וואָס אויף דער וועלט זענען דאָ אַזוי פיל „טעפּיטאָס", אַזוי פיל „באָוריס", וואָס כאָטש זיי טראָגן אַזוי פיל פאַר־שידענע נעמען, זענען זיי אָבער, גרונטזעצלעך, אַלע איינס און דאָס זעלבע, און זייער אַלגעמיינער נאָמען איז אפשר גאָרקיס „נאַ דניע".

וואָס מער איך לייען זיך אַריין אין „טעפּיטאָ", אַלץ קלאָרער ווערט מיר, אַז דער אימפּולס פאַר דער פּאָעטישער אינטואיציע, וואָס האָט אים געמאַכט שרייבן אָט דאָס ווערק, וואָס קען פאַרגליכן ווערן צו אַדאַ נעגריס בעסטע לידער וועגן מענטשלעכער אָרעמקייט, — איז געווען זיין געפיל פון מיט־שולד לגבי אָט דעם אָפּפאַל פון דער „שטאָט פון פּאַלאַצן", פון אַלע שטעט פון פּאַלאַצן.

ווי יעדער נאָבעלער גייסט, ווי יעדער מענטש מיט אַן איידעלער נשמה, האָט בערלינער, אין די טיפענישן פון זיין האַרץ, געבלוטיקט צוליב דער ברוטאַלערווירקלעכקייט פון דער וועלט, אין וועלכער ער האָט געלעבט און וואָס ער האָט געזען מיט זיינע ברייט און ווייט אָפענע אויגן. וואָס זיין ראַפינירטע פילבאַרקייט פון דעם דיכטער האָט אים געמאַכט זען אַזוי און נישט אַנדערש.

— 3 —

אין דער זעלבער מאָס ווי יצחק בערלינער האָט זיך געפילט מיט־פאַראַנטוואָרטלעך קעגנאיבער דעם בייז, וואָס רעגירט די גרויסע וועלט, און אָט דעם באַוווּסטזיין געגעבן אַן אויסדרוק און זיין פּאָעזיע, — האָט ער געפילט אַ פריידיק פליכט־געפיל קעגנאיבער זיינע מיט־מענטשן, קעגנ־איבער זיין קאָנקרעטער סביבה פון חברים און פריינט.

ס'איז נישט קיין צופאַל וואָס גראָד ביי אים איז געווען דער „בית ועד" פאַר היגע יידישע שרייבער; וואָס גראָד ביי אים, וואָס אין הינזיכט פון בילדונג אָדער פון קולטור אין אוניווערסאַלן זין, האָבן אים מאַנכע פון זיינע קאָלעגן איבערגעשטיגן, האָבן אַזוי פיל היגע יידישע שרייבער געפו־נען דעם אינטערעס, וואָס האָט ווירקזאַם בייגעטראָגן צו דעם, אַז זיין היים זאָל ווערן, דער „בית ועד", וואָס זי איז געוואָרן און איז געווען אין דעם לעצטן יאָרצענדליק פון זיין לעבן.

דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס יצחק בערלינער האָט זיינע קאָלעגן, צוזאַמען מיטן „גוט מאָרגן!", אַנטקעגנגעטראָגן אָט דאָס, וואָס יעדער פון אונז בענקט נאָך דעם, אפילו ווען אומבאַוווּסטזיניק: — דאָס ביסעלע

מענטשלעכע וואַרעמקייט, וואָס האָט אויסגעשטראַלט פון בערלינערס יעדן וואָרט. וואָס ער זאָל נישט האָבן געזאָגט, און וועגן וואָס מען זאָל מיט אים נישט האָבן גערעדט, פלעגט דער איינדרוק שטענדיק בלייבן פון אַריסטאָ־קראַטישער פשטות, פון געדענקבאַרער אוממיטלבאַרקייט, פון גייסטיקער זויבערקייט.

קוקנדיק רעטראָספּעקטיוו, זע איך, אַז יצחק בערלינער איז געווען אַ צענטראַלע פיגור אין אונזער היגער יידישער שרייבערשער וועלט, אין דעם זין, וואָס ווי די באַציאונגען זאָלן נישט האָבן געווען בין אדם לחברו צווישן אַלע אַנדערע, האָבן אָבער אַלע צו אים געהאַט דעם גרעסטן רעס־פּעקט. אָט דער רעספּעקט איז נישט געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון אַן שום ספּקדיקער באַיאַאונג מצד קאָלעגן פון אַליך, וואָס דער דיכטער בערלינער האָט געשאַפן: די טיפע אַכטונג, וואָס ער האָט גענאָסן מצד אונדז אַלע, איז געקומען פון אַן אַנדער קוואַל: פון דעם יראת הכבוד — דאָס איז דאָס ריכטיקע וואָרט — וואָס ס'האָט אויף אונדז אַרויפגעצוווונגען דער מענטש יצחק בערלינער: זיין טיף עטישע פּערזענלעכקייט, זיין אָרגאַנישעס נישט קענען פאַרטראָגן עפּעס, וואָס איז נישט עכט אין זין פון טיפער פאַרשטאַנענער מענטשלעכקייט.

— 4 —

ס'איז מיין טיפסטע איבערצייגונג, אַז פריער מוז קומען דער מענטש, און ערשט דאַן דער דיכטער. דער אורטייל וועגן דיכטער איז אינטעלעק־טועל; די דערינערונג וועגן דעם מענטש איז עמאָציאָנעל. אַז וויל און אַז וויל איז דעם דיכטער, וואָס דער שבח, וואָס גייט אים נאָך, קען אַריינ־נעמען אָט די ביידע עלעמענטן. יצחק בערלינער געהערט צו אָט דער לעצ־טער קאַטעגאָריע. וועגן אים קען געזאָגט ווערן: דער מענטש אין אים האָט נישט פאַרשעמט דעם גרויסן דיכטער.

.1958

# טוביה מייזעלס גרעבענטשטע עקשנות

## (צו זיין ווערן אַ בן - ששים)

איך קוק רעטראָספּעקטיוו אויף די כמעט דריי צענדליק יאָר וואָס, איך קען אים; איך באַטראַכט די טראַיעקטאָריע, וואָס ער איז דאָ, געזעלשאַפט־לעך, דורכגעגאַנגען, ברענגענדיק, צוזאַמען מיט זיין ערנסטן וואָרט, אויך פּרוכטבאַרע טאָט, — און איך וויל פאַר זיך אַליין אויסגעפינען די טרייב־קראַפט, וואָס איז אין משך פון אָט די אַלע יאָרן געשטאַנען הינטער זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

זיינע אויפטוען זענען סאָליד. זיי האָבן געלאָזן וואָרצלען אין פאַרשי־דענע געביטן פדן אונזער אָרגאַניזירטן לעבן ווי אַ קאָלעקטיוו. מיט זיין נאָמען זענען פאַרבונדן נישט ווייניק רעאַליזירונגען, וואָס דער צוקונפטי־קער היסטאָריקער פון דעם מעקסיקאַנער ישוב וועט נישט קענען פאַרביי־גיין גלייכגילטיק. זיין מאָראַלישע פּאָזיציע אין אונדזער קיבוץ איז אַן ערשט־קלאַסיקע. זיין נאָמען ווערט דערמאָנט סיי דורך זיינע אידייאישע אָנהענגער און סיי דורך זיינע אידייאישע קעגנער, מיטן גרעסטן רעספּעקט, און זיין פּרעסטיזש איז ווייט אַריבער די גרעניצן פון דעם יידישן מעקסיקע, און האָט זיך פאַרוואַנדלט, אין אַ געוויסן זין, אין אַ קולטור־אַדרעס פאַר דעם יידיש־אינטעלעקטועלן אויסלאַנד.

טראַכט איך ווייטער: אַ דאַנק וועלכן אַספּעקט פון זיין גייסטיקער פּער־זענלעכקייט האָט ער אָט דאָס אַלץ דערגרייכט?

און איך קום צום באַשלוס, אַז ער איז געקומען צו דעם, וואָס ער שטעלט מיט זיך איצט פאָר, צום ווייט־גרעסטן טייל, אַ דאַנק זיין געבענטש־טער עקשנות. איך מיין מיט דעם צו זאָגן ווילנסקראַפט, כאַראַקטער־שטאַר־קייט, וואָס איז געשטעלט צום דינסט פון העכערע ווערטן, פון נאָבעלע צוועקן, פון שעפערישע אידייעס.

מיט בלויז טאַלאַנט, אַן נאָבעלע, שעפערישע אידייען, וואָס זאָלן אים אינספּירירן, קען מען, ווי אַ שעפערישע פּערזענלעכקייט, ווייט נישט פאַר־

פאַרן. עס מוז קומען די געבענטשטע עקשנות, כדי טאַלאַנט זאָל פון זיך אויסשטראַלן שעפערישע ווירקונג אויף דעם אַרום.

— 2 —

טוביה מייזעל איז פון דער נאַטור באַשאַנקען געוואָרן מיט געבענטשטער עקשנות אין גאַר אַ גרויסער מאָס. שוין זיין אַוועקפאָרן פון סאָוועט־רוס־לאַנד, איז אין אַ דער הינזיכט כאַראַקטעריסטיש; זיין אַוועקפאָרן פון דאָרט, ווו ס'האָט אויף אים, אַן עטלעכע און צוואַנציק יאָריקן יונגן מאַן, גע־וואַרט אַ גלענצנדיקע קאַריערע, אַ פּראָפעסאָר־שטעלע אין אַן ערשט־ראַנ־גיקן אוניווערזיטעט. ס'איז בלויז נויטיק געווען, אַז ער זאָל זיין אַ... קאַ־ריעריסט, דאָס הייסט אַ מענטש, וואָס באַזיצט די „פעאיקייט" אַ ביסעלע צו בויגן דעם רוקן וואָס שייך איבערצייגונגען און פּרינציפּן. איז אַזוי ווי ער איז אָרגאַניש נישט פעאיק דערצו, און וואָס אים איז אַממייסטן צווידער אין אַ מענטשן, איז פּרינציפּלאָזיקייט, איז ער מיט אַ לייכטן האַרצן מוותר געווען אויף אַ פּראָפעסור, און, נאָכמער, ער איז אַוועק אויף דעם גאָרנישט לייכטן וועג פון עמיגראַציע, אויף וועלכן ער האָט מיטגענומען בלויז אַ גרויסן וויסנשאַפטלעכן באַגאַזש, פּליוס דעם באַוווסטזיין פון נישט געבראָ־כענע פּרינציפּן.

איז דאָס — געבענטשטע עקשנות נומער איינס.

ווען ער איז, נאָך זיין קורצן איבערגאַנגס־קאַפּיטל אין פּוילן, געקומען קיין מעקסיקע און האָט באַוויזן אין אַ פּאַרהעלטניסמעסיק קורצער צייט צו שלאָגן דאָ עקאָנאָמישע וואָרצלען, האָט ער ווידער אַמאָל באַוויזן, ראשית כל זיך אַליין, אַז ער איז אַ מענטש מיט ווילנסקראַפט פון אַ העכערער מדרגה, פון געבענטשטער עקשנות. ער האָט בשום אופן נישט דערלאָזן, אַז זיין עקאָנאָמישער ווילזיין זאָל ווערן אַ צוועק פאַר זיך אַליין, און ער האָט אים גלייך פון אָנהויב פאַרוואַנדלט אין אַ מיטל צו אַ העכערן צוועק: דאָס געזעלשאַפטלעכע אויסלעבן זיך און די געזעלשאַפטלעכע אויס־ווירקונג. ער איז גלייך געוואָרן דער טוביה מייזעל, וועמען מיר אַלע קענען ווי דעם קולטור־בויער אין ברייטסטן און טיפסטן זין.

איז דאָס — זיין געבענטשטע עקשנות נומער צוויי.

— 3 —

זיין ווילנס־קראַפט האָט זיך גלייך אָנגעהויבן צו פילן אין אונזער, דאָ, אין אַ געוויסער מאָס, נאָך אימיגראַנטישן לעבן. קעגן פּראָווינצעריש־קייט און מורא אַרויסצוגיין אויף ברייטערע שליאַכן, האָט ער אַנטקעגנגע־שטעלט גרויסטשאַטישן אימפּעט און שעפערישע וויזיע. און די הויפּטזאַך,

בעת יעדן זיינעם אַן אַרויסטריט האָט מען געפילט, אַז דאָ רעדט אַ מענטש מיט יענער גרויסער אויטאָריטעט, וואָס איז אַ קאָמבינאַציע פון עכטער, ברייט פאַרצווייגטער יידישער און אַלגעמיינער בילדונג, און אַ טיפן חוש פאַר דער רעאַלערווירקלעכקייט. די דאָזיקע אַמאַלגאַמע אין זיין פערזענלעכקייט איז געווען פרוכטבאַר פאַר אונזער ישוב, ווייל זיין געבענטשטע עקשנות וואָס אַן אינטעגראַלער טייל פון איר איז דער גלויבן אין יידישער שעפערישקייט אין אַלע באַדינגונגען, איז געווען די הויפּט־טרייבקראַפט אין אַזעלכע הויך־פּונקטן פון אונזער ישובס גייסטיקן פּראָגרעס, ווי דאָס שאַפן די ערשטע יידישע „פּרעפּאַראַטאָריע" דאָהי, ווי אויך דאָס גרינדן דעם לערער־סמעינאַר אָדער גאָר דעם כאָר ביי דער קהלה. אַגב די אַנטשטייאונג פון דער קהלה איז אין נישט אין קיין קליינער מאָס צו פאַרדאַנקען טאַקע אים. איך האָב דאָ בלויז געבראַכט עטלעכע ביישפּילן. די ליסטע איז אַ לאַנגע.

איז דאָס — געבענטשטע עקשנות נומער דריי.

— 4 —

געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט די טבע, אַז זי פאַרשלינגט גאָר אָפט דעם עסקן און לאָזט אים שוין נישט אָטעמען קיין אַנדער לופט ווי, צום ביישפּיל, די פון דעם זיצונג־צימער פון פּעדאַגאָגישע ראַטן אָדער גאָר די פון דער מיטינג־טריבונע. אָט די סכנה האָט אויך אים געלויערט. ס'האָט זיך דעריבער ווידער אַמאָל געפאָדערט פון אים געבענטשטע עקשנות, וואָס זאָל נישט דערלאָזן, אַז דער צווייטער אַספּעקט פון זיין גייסטיקן „איך": דער געלערנטער אין אים, זאָל צעשווומען ווערן, אָדער גאָר אַוועקגיין אין ביוויעץ.

מיט אַ באַווונדערונגסווערטער ווילנסקראַפט האָט ער זיין גייסטיקן לעבן איינגעשטעלט אַזוי, אַז טוביה מייזעל, דער דינאַמישער טוער אויפן געביט פון היגער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און קולטור דאָהי, זאָל ניט זיין קיין שטער אָדער גאָר אַ צעשטערער בנוגע טוביה מייזעל, דעם געלערנטן, דעם וויסנשאַפטסמאַן מיטן ווילן צו שטעלן זיין גרויסן וויסן, ווי אַ סאָציאָלאָג און סאָציאַל־סטאַטיסטיקער, צום דינסט פון דעם יידישן לעבן.

זיין געבענטשטע עקשנות האָט עס באַוויזן. זיין כאַראַקטער־שטאַרקייט האָט דערמעגלעכט, אַז ער זאָל קענען דאָהי טראָגן דעם שענסטן, דעם הויבנסטן טיטל: דעם לערער־טיטל, און אַז היגע יידישע לערער זאָלן קענען, מיט שטאָלץ, אים רופן קאָלעגע מייזעל. צי דאָס איז געווען ווען ער האָט געגעבן דעם קעגנשטאַנד „יידיש סאָציאָלאָגיע" אין דער יידישער שול, צי דאָס איז איצט, אין לערער־סעמינאַר, — טוביה מייזעל, דער לערער פון יידישע העכערע קורסן, איז מעגלעך געוואָרן נאָר אַ דאַנק זיין געבענטשטער עקשנות.

איז דאָס — געבענטשטע עקשנות נומער פיר.

— 5 —

ווו נעמט ער צייט, איך רעד שוין נישט וועגן געדולד, צו שרייבן זיינע וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען, וואָס פונקט אַזוי ווי זיי זענען פון גרויס חשיבות פאַרן „ייוואָ" אין ניו־יאָרק, וואָס אויף זיינע קאָנפערעצן פאַרנעמען זיי אַ וויכטיקן פּלאַץ און ווערן שפּעטער פאַרעפנטלעכט אין זיינע וואָגיקע אויסגאַבן, זענען זיי עס אויך פאַרן העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים, וואָס אויף זיין פאַקולטעט פאַר סאָציאַלע וויסנשאַפטן באַנוצט מען זיך מיט זיי אויפן קורס פון סאָציאָלאָגיע; אָדער אַזאַ מין אַרבעט ווי די, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דעם נייסטן באַנד פון דער „אַלגע־מיינער יידישער ענציקלאָפּעדיע". אָדער גאָר זיין אָפּהאַנדלונגען וואָס איז פאַר־געלייענט געוואָרן און האָט געהאַט אַזאַ גרויסן דערפאָלג אויף דעם נישט לאַנג צוריק פאָרגעקומענעם יידישן וויסנשאַפטלעכן קאָנגרעס אין ירושלים, וועל־כער האָט אים אַריינגענומען ווי אַן אַקטיוון מיטגליד אין דעם דורך אים גיי־געגרינדעטן „וועלט־פאַרבאַנד פאַר יידישער וויסנשאַפט".

און ווידער אַמאָל מוז איך באַוואונדערן זיין געבענטשטע עקשנות — נומער פינף.

— 6 —

צו דעם אַלעם איז ער דאָך אויך אַ פאַרטיי־מענטש, וואָס דאָס (סיי אין דער פאָרם פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, סיי אין דער פאָרם פון „קולטור און הילף") פאַרלאַנגט דאָך אויך — און קריגט טאַקע פון אים — נישט ווייניק צייט.

איז ווען איך מאַך דעם סך־הכל, וועלכער איז אַזאַ אימפּאָזאַנטער, בלייבט מיר בלויז אים צו ווינטשן, אַז נאָך אַ סך יאָרן זאָל זיך פון אים נישט אָפּטאָן אָט די געבענטשטע עקשנות, וואָס אין לעצטן סך הכל איז זי הייליקע עקשנות.

.1957

# משה רובינשטיינס דינאַמישער זשורנאַליזם

### (צו זיין ווערן אַ בן - חמישים)

זיין טעטיקייט, ווי אַ זשורנאַליסט, דאַרף, גרונטגעזעצלעך, איינגעטיילט ווערן אין דער ריין שרייבערישער, אַזוי צו זאָגן, און אין דער פון צייטונגס־רעדאַקטאָר.

באַגאָבט פון דער נאַטור מיט אַ לייכטער, פליסיקער פען, שרייבט ער צוטריטלעך, אָן פליטערלעך; ער בליצט זייער זעלטן מיט סטיליסטישע איינפאַלן, אָבער זיין זאַץ איז נאַטירלעך, כמעט געמיטלעך.

ער פילט זיך היימיש אין פאַרשידענע זשורנאַליסטישע זשאַנרן: ער שרייבט פונקט אַזוי לייכט אַ לייט־אַרטיקל, ווי אַ קורץ געפאַסטע עדיטאָריעלע נאָטיץ פון דעם „קורץ און שאַרף"־מין; אַ פעליעטאָן, ווי, צום ביישפיל, זיינע, מיט עטלעכע יאָר צוריק, לאָקאַל באַרימט געוועזענע „דיאַלאָגן" מיט „כואַנען", אָדער זיינע „מאָנאָלאָגן" וואָס ער פאַרעפנטלעכט פון צייט צו צייט; אָדער גאָר זיינע „גראַמען", ווו ער פרעטענדירט גאַנץ ווייניק אויף פּאָעזיע, אָבער דערלאַנגט דערפאַר אַ פיינע פאָרציע קריטיק אין שייכות מיט אונזער היגן יידישן לעבן.

איינער פון די כאַראַקטעריסטישסטע שטריכן פון אָט די פאַרשידענע אַספּעקטן פון זיין זשורנאַליסטישער טעטיקייט, איז עפּעס, וואָס איז אַ גאָר אָנגעלייגטער גאַסט אויף די שפּאַלטן פון אַ צייטונג צי פון אַ זשורנאַל. דאָס איז שכל הישר.

משה רובינשטיינס געדאַנקען־גאַנג איז נישט הימל־שפּאַלטנד, אָבער זיין צוגאַנג צו די פראַגן, וואָס ער באַהאַנדלט, איז אַ געזונטער. ער איז נישט קיין הורא־פּאַטריאָט פון קיין שום זאַך, און גלייכצייטיק איז זיין אַלגעמיינער צוגאַנג צו געזעלשאַפטלעכע פראַגן און פּראָבלעמען אַן אָפּטימיסטישער. דאָס הייסט נישט, אַז ער קוקט בדרך כלל דורך ראָזעברילן און

לאָזט זיך, זשורנאַליסטיש, פאַרפירן דורך אילוזיעס אָדער „פאַטאַ מאָרגאַ־נאַס"; אָבער פעסימיזם, סיסטעמאַטישע נעגירונג, איז אים אָרגאַניש פרעמד.

אַט דאָס העלפט אים גאָר אַ סך אַרויס וואָס שייך פאַקטן און דערשיי־נונגען אין אונדזער היגן ייִדישן לעבן. ער איז אין אַ סך פאַלן נישט ווייניק קריטיש צו דעם אַרום; ער איז אָבער קיינמאָל נישט דאָס, וואָס מ'וואָלט געקענט אָנרופן אַרונטעררייסעריש. נישט זעלטן איז ער צום היגן ישוב בבחינת רבי לוי יצחק בערדיטשעווער: ער זוכט אויף אים אַ זכות, אַ „ואף על פי כן".

געזען פון אַן אַלגעמיינער פערספּעקטיווע, איז רובינשטיינס זשורנאַ־ליסטישער צוגאַנג דער צוגאַנג פון דעם „מיטלוועג"־פּובליציסט. דאָס וואָרט „עקסטרעם" עקזיסטירט נישט אין זיין זשורנאַליסטישן ווערטערבוך. איז אויף בלויז אַן עמאָציאָנעלער באַזע שווער אים מיטצורייסן. ער געדענקט, ווייזט אויס, גוט דעם פאַרשטאָרבענעם ה. ד. נאָמבערגס אָנזאָג: „זיי רואיק האַרץ, בלייב קיל פאַרשטאַנד".

— 2 —

ווען מיר ווילן באַטראַכטן זיין טעטיקייט ווי אַ צייטונגס־רעדאַקטאָר, וואַרפט זיך אונדז גלייך אין די אויגן זיין טיפע פאַרשטענדעניש פון זיין אויפגאַבע אויף אַט דעם געביט. זיין אויסגאַנגס־פּונקט, די פילאָזאָפיע, אַזוי צו זאָגן, פון רעדאַקטאָרשאַפט, לויט ווי זי דערשיינט אונדז אויפן גרונט פון זיינע מער ווי פופצן יאָר אַרבעט ביי „די שטימע", איז:

אַ ייִדישע צייטונג, וואָס דערשיינט אין מעקסיקע, דערשיינט אין **מעק־סיקע** און נישט אין **האָנאָלולו**.

פון אַט דעם עלעמענטאַרן פאַקט ציט רובינשטיין די לאָגישע קאָנסעק־ווענצן, דאָס הייסט, אַז אַ ייִדישע צייטונג, וואָס דערשיינט אין מעקסיקע, איז פאַרפליכטעט ראשית כל אָפּצושפּיגלען אויף דעם ווייט גרעסטן מאָסשטאַב די **לאָקאַלע**, ספּעציפיש היגע ייִדישע אינטערעסן. ער באַגרייפט, אַז וואָס מער לאָקאַל אַ היגע ייִדישע צייטונג איז, אַלץ מער ווערטפול איז זי סיי פאַר היגע ייִדן און סיי פאַר דעם ייִדישן אויסלאַנד, ווי אַ קוואַל פון ידיעות וועגן דעם אינסטרומענט אין דעם ייִדישן וועלט־אָרקעסטער, וואָס הייסט די ייִדישע מעקסיקע.

האָבנדיק זיך געשטעלט אויף אַט דעם שטאַנדפּונקט, האָט משה רו־בינשטיין וואָס אַ מאָל בולטער געמאַכט דעם לאָקאַלן קאָלאָריט פון „די שטימע", פאַרוואָרצלענדיק אַזוי אַרום וואָס אַ מאָל טיפער איר פּרעסטיזש, סיי אין דעם ייִדישן דאָהי און סיי אין דעם ייִדישן אויסלאַנד.

— 3 —

**געוויס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו באַרירן דאָ נאָך אַן אַספּעקט פון משה רובינשטיינס שרייבן: דעם קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש, ווי ער דריקט זיך אויס אין זיין בוך: „אויף מעקסיקאַנער טעמעס", ווו מיר געפינען אַזעלכע שורות, אין וועלכע ס'אָטעמט** קינסטלערישע אינטואיציע, **ווי, צום ביישפּיל:**

„איך דריי זיך אַרום אויף דיין ערד צווישן מענטשלעכע סילועטן, שוואַרצלעכע און פאַרפינצטערטע. וואָס פלעמלט עס פאַר אַ טרויער אין זייערע אויגן? פאַרוואָס פאַרבאַהאַלטן זיי אים אונטער קוים באַמערקבאַרער פרייד? איך הער מעקסיקע זינגען פריילעך, יאָגנדיק דעם אומעט פון זיך, ווי עס יאָגן זיך די זאַמדן דורך אוראַלטע וועלדער און וויסטע סטעפּעס אין איר. איך זע מעקסיקע שלאָפנדיק אויפן ברוק, צוגעדעקט מיט פאַפיר — איך זע זי אָפּגעדעקט".

**געוויס וואָלט זיך געוואָלט ברייטער אַרומרעדן דעם פאַקט, אַז זיין שאַרף אויג דערזעט נישט בלויז דעם דאָזיקן גייסטיקן און סאָציאַלן פּייזאַזש, נאָר אויך די שאַרפע קאָנטראַסטן פון דער שטאָטישער אַרכיטעקטאָנישער סביבה, וואָס דינט אים, דעם פּייזאַזש, ווי אַ ראָם:**

„פון טויזנטער מיילן ציט מיין וועג אַהער. בלויז צו זען דיינע קאָפּווירנדיקע וונדער, וואָלט כדאי געווען אָט דעם מהלך דורכצומאַכן. אַרכעאָלאָגישע זקנה קוקט פון טויזנטער ווינקלען מיט שפּאָטישן בליק אויף מאָדערניסטישע אַרכיטעקטור.

מעקסיקע, פאַרוואָס ביזטו אַזוי רייך און אַזוי אָרעם? פאַרוואָס וויקלסטו זיך אין שמאַטעס ביינאַכט, ווען די לופט זאַפּט זיך אָן מיט ימיקער קעלט, וואָס סיאָגט אויף דיר פון פּאָליוס־ווייטע אָקעאַנען. און פאַרוואָס ביזטו אַזוי אַ נ ט ב ל ו י ז ט אין זייַ וואַרעמע טעג, ווען די גאָלדענע זון באַגלעט דיך מיט אירע לאַשטשענדיקע שטראַלן?"

**אָבער דאָס גייט שוין נישט אַריין אין אונדזער אייגנטלעכער טעמע. טאָ זאָלן די געבראַכטע ביישפּילן דינען בלויז ווי אַ לייכטער אַריינבליק איז דעם** קינסטלער־**רעפּאָרטער, וואָס שלומערט אין משה רובינשטיין.**

— 4 —

**האַנט אין האַנט מיט דעם געזעלשאַפטלעכן באַווירקער דורך דער זשורנאַליסטישער פּען, גייט משה רובינשטיין, דער באַווירקער דורך גע־**

זעלשאַפּטלעכער טאַט. ער האַלט, אַז צו נאה דורש פּאַסט זיך נאה מקיים. דערפאַר טרעפט מען אים אין וואָכן־טעג, כמעט אָוונט איין, אָוונט אויס, און אַמאָל אויך אַ זונטיק פרי, ביים טיש פון פאַרוואַלטונגען אָדער פון געזעלשאַפטלעכע באַראַטונגען. מיט דער זעלבער פעסטער איבערצייגונג, באַגרינדעט אויף קילער לאָגיק, ווי ער טוט עס מיט דער פעדער, דריקט ער אויס זיינע מיינונגען אין פערזענלעכן קאָנטאַקט מיט פאַרשידענע עוסקי בצרכי צבור. און שפּעטער, ווען ס'קומט אויס צו טאָן, איז ער איינער פון די, וואָס גייען און טוען: ווהין מ'דאַרף און וואָס מ'דאַרק.

אָט דער איינקלאַנג צווישן געדאַנק און טאַט שאַפט עס די האַרמאָנישע גייסטיקע פערזענלעכקייט, נישט קיין צו אָפטע דערשיינונג, וואָס פאַרוואַנדלט משה רובינשטיינען, דעם זשורנאַליסט און דעם געזעלשאַפטלעכן עסקן, אין אַ צענטראַלע פיגור פון דעם היגן ישוב.

.1956

# לייב באַיאַנס נייסטיקע פּערזענלעכקייט

(פון אַ רעדע, געהאַלטן אויפן „גלעזל טיי", וואָס די קהלה האָט איינגעאָרדנט אין זאַל פון „נדחי ישראל", דעם 19־טן מאַי 1957, לכבוד דעם פּעדאַגאָג און ליטעראַטור־קריטיקער לייב באַיאַן, צו דער געלעגנהייט פון זיין האָבן געוואָרן אַ בן־חמישים).

לייב באַיאַן קען, אין אַ געוויסער הינזיכט, זאָגן, צוזאַמען מיט גוטהעס פאַוסט:

— צוויי הערצער קלאַפּן אין מיין ברוסט.

דאָס איינע איז, וואָס ס'קלאַפּט פאַר לייב באַיאַנען, דעם פּעדאַגאָג: דאָס צווייטע קלאַפּט פאַר באַיאַן, דעם ליטעראַטור־קריטיקער. ס'איז קיין ספק נישט, אַז אויב מ'זאָל וועלן אים פּלוצלונג צודריקן צו דער וואַנט און אים אַ פרעג טאָן „פאַ דושאַם":

— ליבער באַיאַן, זאָגט דעם אמת: וואָס איז אייך ליבער: די פּעדאַגאָ־גישע אַרבעט אָדער שריפטשטעלערישע טעטיקייט?

וועט ער זיך פילן אַ ווײַלע אומבאַקוועם, אָבער נאָכדעם ווי ער וועט האָבן צוריקגעקומען צו זיך נאָך דער איבעראַראשונג, וועט ער, ווי יענץ קינד, וואָס האָט אויף דער פראַגע: וועמען פון זיין טאַטע־מאַמע האָט עס ליבער, געענטפערט: „ביידן ליבער", — וועט אויך ער, באַיאַן זיך אויס־דריקן: „ביידע זענען מיר ליבער".

דער אמת איז טאַקע, אַז די נאַטור האָט אים באַשאַנקען אין אַ גלייכער, און גאָר באַדייטנדיקער מאָס, מיט ביידע טאַלאַנטן. זען לייב באַיאַנען ביי דער אַרבעט אין קלאַס־צימער, איז פון יענע העכערע פאַרגעניגנס, פון יענעם מין נחת רוח, וואָס קיין געוויינלעכע אַרבעט, ווי גוט זי זאָל נישט זיין דורכגעפירט, קען נישט פאַרשאַפן. אַזאַ מין פאַרגעניגן קען דער באַאָ־באַכטער קריגן בלויז ווען ס'ווערט געטאָן מלאכת הקודש, דאָס הייסט, ווען

טאַלאַנט, וואָס שטייט צו דינסט פון אַ הויכן אידעאַל, ברענגט אַרויס די פולע זעלבסט־רעאַליזירונג פון דעם געגעבענעם מענטשנס גייסטיקער פער־זענלעכקייט. לייב באַיאַן, דער פעדאַגאָג, ביי דער אַרבעט אין קלאַס און אַרום קלאַס, איז פּערזאָניפיצירונג פון דעם „כל עצמותי תאמרנה".

— 2 —

דאַקעגן, דער צווייטער אַספּעקט פון באַיאַנס גייסטיק־שעפערישער פער־זענלעכקייט: דער ליטעראַטור־קריטיקער, איז ביז איצט נישט געקומען צו זיין פולן אויסדרוק. מ'קען אפילו זאָגן, אַז דאַן, ווען דער פעדאַגאָג אין אים געדייעט, טוט דער ליטעראַטור־קריטיקער אין אים בלויז וועגעטירן.

און ס'איז אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד.

יעדעס מאָל, ווען אַ ליטעראַטור־קריטישער פּראָדוקט פון זיין פען באַ־ווייזט זיך אויף די שפּאַלטן פון דער פּרעסע, איבערצייגן מיר זיך אַן איבעריקן מאָל, אַז דער געביט פון קריטיק, וואָס שייך אונזער ליטעראַטור אויף יידיש, דאַרף שטאַרק פּאַראיבל האָבן אויף דעם פעדאַגאָג אין לייב באַיאַנען פאַר דעם, וואָס ער, האָט אים, באַיאַנען, אַזוי שטאַרק מאָנאָפּאָ־ליזירט און בלויז זעלטן דערלויבט ער אים, דורך זיינע אָפּהאַנדלונגען און זאַכלעכע רעצענזיעס, אונדז צו ווייזן ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען אויך לייב באַיאַן, דער קריטיקער וואָלט געקענט געדייען, און נישט בלויז באַיאַן, דער פעדאַגאָג.

דורך זיינע, צום באַדויערן, זעלטענע ליטעראַריש־קריטישע אַרבעטן, קומט צום אויסדרוק באַיאַן, דער אויסגעצייכנטער לייענער, פאַרשטייער און דורכפילער פון דעם אָדער יענעם ווערק, וואָס שטענדיק דערגרייכט ער, ביים שרייבן וועגן אים, גלייך צו זיין האַרץ; און דערביי זאָגט ער דאָס, וואָס מען דאַרף וועגן דעם בוך זאָגן, אָן פליטערלעך: על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון, פאַרבינדנדיק אויף אַ פיינעם אופן דעם איינצלמענטשן מיט זיין סאָציאַלער סביבה, דעם מאָמענט פון ריין עסטעטישער קאָנטעמפּלאַציע מיטן מאָמענט פון אינטעלעקטועלן אַנאַליז.

דאָס ביסעלע וואָס לייב באַיאַן האָט ביז איצט פאַרעפנטלעכט, ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער, באַרעכטיקט פולשטענדיק אונדזער באַדויערן וואָס ער האָט אַזוי ווייניק פאַרעפנטלעכט.

— 3 —

איצט, אַז מיר האָבן פעסטגעשטעלט די צוויי פונדאַמענטאַלע פאַקטן וועגן לייב באַיאַנס גייסטיקער פערזענלעכקייט, די שטאַרקע דיספּראָפּאָרץ

אין דעם קומען צום אויסדרוק פון דעם פעדאַגאָג און פון דעם ליטעראַטור־קריטיקער, לאָמיר זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכטן וועגן דעם טיפערן הינ־טערגרונט פון אַט דער דיספּראָפּאָרץ; וועגן דעם „פאַרוואָס?" פון אַט דעם שטיף־פּאָטערישן באַהאַנדלען פון זײַן טאַלאַנט, ווי אַ ליטעראַטור־קרי־טיקער, מצד לייב באַיאַן.

די דערקלערונג דאַרפן מיר זוכן אין אַ נאָבעלן שטריך, וואָס איז אין אים אָרגאַניש: אין זײַן אידעאַליזם.

ווי אַ מענטש מיט אַ טיף פאַרוואָרצלטן באַוווסטזײַן פון סאָציאַלער פליכט, פון איין זײַט, און פון דער צווייטער, ווי אַ יידישער אינטעליגענט, וואָס איז טיף דורכגעדרונגען מיט דער וויכטיקייט און שיינקייט פון דער מזרח־אייראָפּעאישער יידישער קולטור, פון וועלכער ער איז, גייסטיק, פּראָדוקט און גלענצנדיקער אויסדרוק, און וואָס זי איז, אַזוי צו זאָגן, פלייש פון זײַן פלייש און בלוט פון זײַן בלוט, — איז געווען נאַטירלעך, אַז צווישן די צוויי אינערלעכע רופן, וואָס ער האָט געהערט, זאָל ער זיך שטאַרקער, כמעט אויסשליסלעך, אָפּרופן אויף יענעם רוף, וואָס האָט צו אים גערעדט וועגן, ראשית כל, זײַן „פּרימער וויוועריע, דעהינדע פילאָסאָפאַרע". דער אידעאַליסט אין אים האָט אים דיקטירט, אַז זײַן אַ יידישער לערער און וועקן ביי הונדערטער קינדער רעספּעקט און ליבשאַפט צו יידיש און צו אַלע קולטור־ווערטן, וואָס גייען צוזאַמען מיטן באַגריף „יידיש", איז אַ זאַך פון לעבנס־וויכטיקייט. לייב באַיאַן, דער אידעאַליסט, האָט צו זיך אַליין געזאָגט, אַז די אַרבעט אין קלאַס איז דער „וויוועריע" און דאָס שרייבן לי־טעראַטור־קריטיק איז דער „פילאָסאָפאַרע".

דעריבער פאַרשלינגט כמעט לייב באַיאַן, דער פעדאַגאָג, דעם אַנדערן באַיאַן: דעם ליטעראַטור־קריטיקער.

דאָס הייסט אָבער נישט, אַז לייב באַיאַן, דער מענטש, איז פריי פון אינערלעכן קאָנפליקט, פון אַ „ויתרוצצו„ אין זײַן גייסט. ווי אָפט פּאַסירט עס, אַז אַ ווערק פון וואָג און חשיבות, ביי־דערשײַנענען, פאַראינטערעסירט אים, ווי אַ לייענער און צינדט זײַן פאַנטאַזיע, ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער. וואָכן און חדשים פאַרגייען, ער וויל שרייבן אַן אַרבעט וועגן דעם, אָבער ביים זועלן בלײַבט עס. די פעדאַגאָגישע אַרבעט יאָגט, זי מוז געטאָן ווערן געוויסנהאַפט, און אַ מער געוויסנהאַפטן־פעדאַגאָג ווי לייב באַיאַן, איז שווער זיך פאַרצושטעלן.

און אַזוי קומט עס צו דער ענגלעכקייט צווישן אים און איבסענס פּיער גינט, דעם קלאַסישן העלד פון דעם נישט אויסגעדריקטן געדאַנק און פון דער נישט דורכגעפירטער טאַט.

ווי גוט וואָלט עס געווען, ווען ס'וואָלט געקענט געשאַפן ווערן אַן אופן,

אַז דער ליטעראַטור־קריטיקער לייב באַיאָן זאָל קענען אויפהערן צו ווע־געטירן און אָנהייבן צו געדייען, פונקט אַזוי ווי ס'האָט זיך צעבליט דער פעדאַגאָג אין אים. דאַן וואָלטן מיר געקענט שעפּן נחת פון ביידע לייב באַיאָנס, אָדער, בעסער געזאָגט, פון דער פולער עקספּאַנסיע און אויסשטראַלונג פון לייב באַיאָנס שעפערישן גייסט.

1957.

# יוסף וויניעצקים פּאַטאָס

## (שטריכן צו זיין כאַראַקטעריסטיק)

ס׳איז געוואָרן פערציק יאָר זינט די ערשטע עטלעכע צענדליק יידישע אימיגראַנטן האָבן באַטראָטן מעקסיקעס ערד. צווישן זיי איז געווען אַ יונגער בחור פון וואַרשע. גלייך פון דעם בראשית פון אונזער היגן אימיגראַנטישן לעבן, האָט זיך זיין אָנוועזנהייט צווישן אונז געלאָזט פילן. ער איז געווען אַזוי ווי דער דאָרן פון דער תנכישער לעגענדע: ער האָט נאָכאַנאַנד געברענט, נישט ווערנדיק פאַרברענט.

זאָגן, אַז אונזער לעבן דאָהי, אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן, איז געווען אַ גן־עדן, וואָלט געווען אַ היפּש ביסל איבערטריבן. דאָך, וואָס שייך דעם אויסלעבן זיך גייסטיק, האָבן מיר גראָד נישט געהאַט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן. מ׳וואָלט כמעט געקענט זאָגן: ס׳איז געווען עפּעס אַ מין יום־טוב אין דער וואָכן. יעדער רעפעראַט, יעדע אונטערנעמונג איז געווען געקענצייכנט דורך אַ געוויסע נשמה יתרהדיקייט: פאַר דעם איז מען געווען אויפגעהייטערט, מ׳האָט ממש געפיברט בעת די צוגרייטונגען, אום ווען דער יום־טוב איז שוין געווען אַריבער, איז ער אין משך פון לאַנגע טעג געווען דער „געשפּרעך פון טאָג״.

אין יענער אַטמאָספערע פון גייסטיקער נשמה יתרהדיקייט, נישט געקוקט אויף דער מאַטעריעלער מיזעריע פון די מערסטע פון אונז, האָט זיך וווּנדערבאַר אַריינגעפּאַסט דער נאָר וואָס אַריבערגעקומענער אימיגראַנט פון וואַרשע, ווייל יוסף וויניעצקי איז דער מענטש מיט שטענדיקער פייערדיקייט, דער פּאַטאָס־פולער מענטש „פּאַר עקסצעלאַנס״.

אויף אַלע געביטן פון דער דאַמאָלסדיקער היגער יידישער ספערע פון קולטור־שעפערישקייט, איז יוסף וויניעצקי געווען אָנגעזעצן. ס׳איז ניט קיין צופאַל וואָס ער איז געווען פון די סאַמע ערשטע, אויב נישט דער סאַמע ערשטער, זיך צו פאַרמעסטן אויף זשורנאַליסטישע טעטיקייט. זיין פּאַטאָס־פולע נאַטור האָט פון אים פאַרלאַנגט נאָכנאַנאַנדיקע עקספּאַנסיע: סיי אויף

דער רעדנער־אָדער פּרעלעגענטן־טריבונע, און סיי דורכן געשריבענעם: פריער דורך דעם זשורנאַליסטישן, און שפּעטער אויך דורכן בעלעטריסטישן וואָרט.

— 2 —

און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן יוסף וויניעצקיס ברייט פאַרצווייגטע קאַ־ריערע אין דעם יידישן מעקסיקע; אַ קאַריערע מיט אירע „שטורעם און דראַנג"־פּעריאָדן, און אויך מיט פּעריאָדן פון פאַרהעלטעניסמעסיקער שטילקייט, וועל־כע איז אָבער ווייט ניט געוועזן אַזאַ, ווייל כמעט שטענדיק פלעגט ער, נאָך אַ צייט פון „שטילקייט", אַרויסקומען אין דער עפנטלעכקייט מיט דער פּרוכט פון זיין התבודדות. אַמאָל פלעגט עס זיין אַ פּעדאַגאָגיש ווערק, און אַמאָל — בעלעטריסטיק.

דער היגער יידיש־יידישער ישוב האָט דורך די פיר יאָרצענדלי־קער, וואָס ער לעבט צווישן אונז, זיך באַקענט מיט פאַרשידענע אַספּעקטן פון זיין פאַרבנרייכער פערזענלעכקייט: יוסף וויניעצקי, דער לערער־פּע־דאַגאָג; דער מחבר פון ביכלעך פאַר דער שול; דער רעדנער, דער שרייבער־בעלעטריסט, דער זשורנאַליסט.

אויף אַלע געביטן איז וויניעצקי געוועזן אַן אויסגעשפּראָכענע פערזענ־לעכקייט. איר האָט מיט אים געקענט איינשטימען, אָדער נישט; ער האָט אייך געקענט געפעלן ווערן אויף דעם אָדער יענעם געביט, אָדער ניט; פאַר־בייגיין אים גלייכגילטיק האָט איר נישט געקענט.

— 3 —

די גרונט־סיבה פון דעם שטאַרקן איינדרוק, וואָס יוסף וויניעצקיס פּער־זענלעכקייט האָט שטענדיק געמאַכט, איז זיין פּאַטאָספולע נאַטור. זיין פּאַ־טאָס, וואָס, איינפאַכער אויסגעדריקט, מיינט עס עמאָציאָנעלע פיבערדי־קייט, שאַפט אַרום אים אַן אַטמאָספערע, וואָס איר קענט אָנרופן ווי איר ווילט, נאָר נישט קיין וואָכעדיקע.

יעדע טעמע, וואָס וויניעצקי באַרירט, בכתב אָדער בעל פּה, דערהויבט ער גלייך פון אָנהויב צו טראַנסצענדענץ, און במילא שאַפט זיך אין זיין אופן פון עקספּאָזיציע, אַ הויכע גייסטיקע טעמפּעראַטור. איר ווערט מיט־געריסן. שפּעטער וועט איר צייט האָבן נאָכצוטראַכטן וועגן דעם צי זענט איר מיט אים איינשטימיק אָדער נישט; דערווייל זענט איר געפאַנגען דורך זיין פּאַטאָס, דורך דעם „בקולות־וברקים" פון זיין שטימע, און דורך דער געהויבנקייט פון דעם וואָקאַבולאַר, וואָס ער שטעלט דעם דאָזיקן פּאַטאָס צו דינסט.

— 4 —

יוסף וויניעצקי האָט פאַרבראַכט היפּשע עטלעכע יאָר אויף דער לערער־קאַטעדרע, און איינער פון זיינע נאַטירלעכע מיטלען צוצוציען צו זיך דעם געמיט פון זיינע תלמידים און תלמידות, סיי אין די העכערע קלאַסן פאָלקשול, סיי אין מיטלשול און העכער, איז געווען זיין פּאַטאָספולער צוגאַנג צו אַלץ און אַלעם דאָרט. ער האָט אומאויפהערלעך געברענט, און נישט זעלטן פלעגט זיך זיין פייער איבערגעבן צום קלאַס, און זיינע פאַרגאַפּטע צוהערער און צוהערערינס פלעגן אַליין אָנגעצונדן ווערן. ס'פלעגט זיך שאַפן די גרויסע, געגאַרטע געמיינשאַפט צווישן לערער און קלאַס.

וויניעצקי איז נישט, און איז קיינמאָל נישט געווען קיין אַקאַדעמישער רעדנער; ער איז פון שטענדיק אָן, און אומעטום, געווען דער מאַסן־רעדנער, ווי קליין זיין צוהערערשאַפט זאָל נישט האָבן געווען. זיין לאָגיק האָט אין דעם אָדער אין יענעם פאַל געמעגט זיין אומבאַשטרייטבאַר; ער האָט אָבער דעם דאָזיקן מאָמענט, דעם ריין לאָגישן פאַקטאָר, כמעט קיינמאָל נישט אַרויסגעהויבן. זיין, וויניעצקיס עלעמענט, ווי אַן אָראַטאָר, איז עמאָציע. אין פּאַטאָס שווימט ער ווי אַ פיש אין וואַסער.

— 5 —

פּאַטאָס איז אויך דער גרונטשטריך פון זיין זשורנאַליזם. ער איז דער היפּוך פון דעם „קאַלטן לונג און לעבער"־זשורנאַליסט, וואָס אפילו ווען זיין אַרגומענטאַציע איז ערשטקלאַסיק, מאַכט ער אויף אייך קיין איינדרוק נישט, ווייל ס'פעלט אים אינגאַנצן דאָס, וואָס יוסף וויינעצקי פאַרמאָגט אין איבערפלוס: געפילפולקייט, דערהויבן צו דער קאַטעגאָריע פון פּאַטאָס.

ווען איר לייענט וויניעצקיס אַן אַרטיקל, הערט איר ממש דעם מחבר רעדן צו אייך. וויניעצקי, דער זשורנאַליסט, איז ראשית כל וויניעצקי, דער פּאַטאָספולער רעדנער, וואָס האַלט אייער אויפמערקזאַמקייט געשפּאַנט מיט זיינע נאָכאַנאַנדיקע עמאָציע־אַקצענטירונגען. אַ הייסער ווינט בלאָזט איבער זיינע זאַצן און פּעריאָדן.

.1961

# אַלפֿאָנסאָ רעיִעס, מעקסיקעס גרויסער הומאַניסט

ווען עראַזמוס פֿון ראָטערדאַם האָט אין דער רענעסאַנס־צייט אויפֿגע־הויבן, אין זיין איראָניש — צעשמעטערנדיקן ווערק „אַ לויב־געזאַנג צו דער נאַרישקייט", די פֿאַן פֿון פֿרייהייטלעכן געדאַנק און פֿון דער שעפֿע־ריש־דענקענדיקער פּערזענלעכקייט, האָט ער דערמיט פֿאַרזיכערט פֿאַר די ווייטערדיקע יאָרהונדערטן די וועלט־בירגערשאַפֿט יענעם אידייאישן שטראָם, וואָס איז באַקאַנט אין דער גשיכטע פֿון ליטעראַטור, ווי אויך פֿון געזעל־שאַפֿטלעכן געדאַנק, אונטערן נאָמען פֿון „הומאַניזם".

זינט דאַן האָבן זיך אין פֿאַרלויף פֿון דורות, דאָ אין דעם, דאָ אין יענעם לאַנד, באַוויזן שריפֿטשטעלער. וואָס, ווענדנדיק זייער בליק צו דעם קלאַסישן גריכנלאַנד און צו די שיינגייסטער פֿון דעם אַמאָליקן רוים, האָבן זיי געטרונקען פֿון די קרישטאָל־ריינע קוואַלן פֿון קלאַסיציזם, און נאָ־כער, אין זייערע אייגענע ווערק, ווידער אַ מאָל אַרויסגעבראַכט דעם גע־דאַנק פֿון אַלעמענטשלעכקייט אין אַ נייעם גלאַנץ און אין זיין גאַנצער פּראַכט.

נישט קיין סך זענען זיי, די גייסטיקע יורשים פֿון עראַזמוס פֿון ראָ־טערדאַם, ווייל הומאַניזם פֿאַרלאַנגט, אַז אין דעם שרייבער זאָלן זיך צו־זאַמענלעבן צוויי גרונט־עלעמענטן, וואָס, לײדער, גייען זיי אַזוי זעלטן צוזאַ־מען: עכטקייט און גרויסקייט פֿון ליטעראַרישן טאַלאַנט, און ראַמען ראַ־לאַנישע גרויסקייט און דערהויבנקייט פֿון גייסט.

הומאַניזם אין ליטעראַטור מיינט נישט נאָר דערקענטניש און אָקצעפּ־טירונג פֿון קלאַסישקייט פֿון ליטעראַרישע פֿאָרמען, נאָר אויך — און נאָך מער — די איבערצייגונג, אַז דאָס, וואָס מאַכט דאָס לעבן ווערט געלעבט צו ווערן און גיט דער ליטעראַטור איר עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, איז, זייט ביי זייט מיטן עסטעטישן עלעמענט, דער עלעמענט פֿון טיפֿער מענטש־

לעכקייט; פון גלויבן, אַז דער מענטש קען און דאַרף זיין צו זיינע מיטמענטשן, נישט קיין „האָמאָ האָמיני לופּוס", און אויך נישט דער בלוט־זייגער — „ברודער" פון פּרצעס „צוויי ברידער", נאָר טאַקע אַ ברודער (אַן געגנדזנ־פּיסלעך).

אַזעלכע הומאַניסטן אין דער ליטעראַטור זענען אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר געווען, צום ביישפּיל, ראָבערט קורציוס, אין דעם פּאַר היט־לערשן דייטשלאַנד; מאַקסים קאָוואַלעווסקי, אין דעם פּאַר „אָקטאָבערישן" רוסלאַנד; און דער מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבענער איטאַליענישער פילאָזאָף בענעדעטאָ קראָטשע, וואָס זיינע ווערק אויף הומאַניסטישע טע־מעס, זענען די שטאַרקסטע אַנטיטעזיס, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן, פון דער מוסאָלינישער, קאַזאַרמיש־„קאָרפּאָראַטיווער" איטאַליע.

— 2 —

„דריי ברידער" זענען זיי געווען אין מעקסיקע אין אָנהויב פון יאָר־הונדערט, וואָס זענען געווען, גייסטיק, פאַרבונדן מיט דער לעבנס־קוואַ־ליקער אידייע פון הומאַניזם. אַלפּאָנסאָ רעיעס, אַנטאָניאָ קאַסאָ און כאָזע וואַסקאָנסעלאָס האָבן זיי געהייסן. אַלפּאָנסאָ רעיעס איז דער לעצטער אַוועק פון דער וועלט.

אַנטאָניאָ קאַסאָ, דער אַקאַדעמישער מייסטער־אָראַטאָר און גלאָריפי־צירער אויך אין זיינע שריפטן פון דער סערוואַנטעס־שפּראַך; דער אוני־ווערזיטעט־רעקטאָר, וואָס, ממשיך זייענדיק אין זיין טעטיקייט דעם הומאַ־ניסטישן גרונט־געדאַנק פון זיין גרויסן פאָרגייער, כוסטאָ סיעררא, האָט ער געגרינדעט אין דעם מלוכהשן אוניווערזיטעט אַ הומאַניסטישן פאַקולטעט — איז פריצייטיק געשטאָרבן.

דער צווייטער פון די „דריי ברידער", כאָזע וואַסקאָנסעלאָס, וועלכער האָט אַזוי גלענצנד אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריערע, מיט זיינע באַ־רימטע „עסטודיאָס אינדאָסטאַניקאָס", און איז געפאָרן צו די ספרדישע יידן פון סאַלאָניקי און פון אַנדערע פּלעצער אין די באַלקאַנען, כדי צו פאָרשן אַלט־שפּאַניש ביי זיי, וואָס זיי זענען אין משך פון דורות טריי געבליבן דער שפּאַנישער שפּראַך פון דעם שפּאַנישן „גאָלדערנעם יאָרהונדערט", וואָס זייערע זיידעס האָבן מיט זיך מיטגענומען ביים גירוש ספרד, — האָט שפּעטער פאַרראַטן זיין הומאַניזם; דער פאַקל פון אַלמענטשלעכקייט איז אין זיין האַנט אויסגעלאָשן געוואָרן, און זיין עלטער, וואָס האָט פאַרשעמט זיין יוגנט, איז געקענצייכנט געוואָרן פון ווערעמדיקער קריכעניש לגבי אַלער־ליי מיבים פון רעאַקציע, איינגעשלאָסן דינסט דעם נאַציזם; ווערעמדיקייט, וואָס האָט אים דערפירט ביז צום פאַנאַטיש־מיליטאַנטישן קאַטוילישן קלע־ריקאַליזם פון זיינע לעצטע יאָרן.

— 3 —

דער דריטער פון די „דריי ברידער“, אַלפּאָנסאָ רעיעס ,איז געווען אין משך פון מער פון אַ האַלבן יאָרהונדערט מעקסיקעס וויכטיקסטער אַמ־באַסאַדאָר צו דער גרויסער קולטור־וועלט; צו יענע קרייזן פון אייראָפּע און די אַמעריקעס, ווו דער הומאַניסטישער געדאַנק האָט געדייעט אפילו אין די ערגסטע צייטן פון דעם קולטור — בין־השמשות אויף דער וועלט.

זייענדיק געבענטשט פון דער נאַטור מיט אַ סטיל, וואָס שימערירט מיט אַלע פאַרבן פון רעגן־בויגן, און וואָס האָט אים אַוועקגעשטעלט אין דער ערשטער רייע פון די טיפע קענער און גלענצנדיקע אַרויסברענגער פון דער שיינקייט פון שפּאַניש, — האָט אַלפאָנסאָ רעיעס, אין זיינע ווערק, געבראַכט צום אויסדרוק דאָס מענטשלעכע, דאָס שיינע און דערהויבענע, וואָס ליגט אין דעם באַגריף „מענטש“, און וואָס מאַקסים גאָרקי האָט עס אַזוי פיינפיליק געשילדערט אין זיין באַרימטער פראַזע: „מענטש, ווי שטאָלץ און דערהויבן קלינגט אָט דאָס וואָרט!“.

אַלפאָנסאָ רעיעס האָט געזוכט דאָס טיף מענטשלעכע און די איידלקייט פון גייסט נישט נאָר אין די „קלאַסישע“ ליטעראַטורן; ער האָט צוגעלייגט אַן אויפמערקזאַמען אויער אויך צו אַנדערע ליטעראַרישע אויסדרוקן פון הומאַניסטישן געדאַנק. אַזוי, צום ביישפּיל, איז ער באַרימט געווען, ווי איי־נער פון די טיפסטע קענער און בעסטע אויסטייטשער פון דעם מחבר פון „פאַוסט“. זיינע שטודיעס וועגן דעם אוניווערסאַליזם פון געטהע זענען אי־בערזעצט געוואָרן אויף מערערע שפּראַכן.

— 4 —

ס'איז געווען נאַטירלעך, אַז אַלפאָנסאָ רעיעס, דער הומאַניסט, זאָל זיין דאָס, וואָס ער איז יאָרנלאַנג געווען: אַן אויפריכטיקער פריינט פון יידיש׳ן פאָלק און אַ באַוווּנדערער פון יידישן גייסט. דער דריטער באַנד פון זיינע אויסגעוויילטע שריפטן זאָגט עדות אויף דעם.

פונקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע גרויסע הומאַניסטן, איז אויך ער געווען איבערצייגט, אַז דאָס, וואָס ס'ווערט באַצייכנט ווי די אייראָפּעאישע קולטור, וואָלט געווען אוממעגלעך אָן דער אינספּיראַציע, וואָס ס'איז פאַר איר, גע־ווען, גרונטזעצלעך, דאָס יידנטום, מיט דעם אָנזאָג וואָס עס האָט געבראַכט צו דער וועלט, אַז „לא תרצח“, און אַז אין לעצטן סך־הכל, איז דער מענטש דער איינציקער מאָסשטאַב פאַר אַלע אַנדערע זאַכן אין דער וועלט; אַ גרונט־געדאַנק, וואָס די יידישע וועלט־אַנשויאונג האָט אַרויסגעבראַכט אַ סך פריער ווי דאָס האָט געטאָן די גריכישע פילאָזאָפיע.

— 5 —

מער ווי איין מאָל, פאַר דער יערלעכער פאַרטיילונג פון דער נאָבעל־פּרעמיע פון ליטעראַטור, האָט די וועלט־פּרעסע געבראַכט ידיעות וועגן דעם, אַז כמעט אַלע לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע האָבן זיך געווענדט צו דער שוועדישער אַקאַדעמיע אין שטאָקהאָלם, מיט דעם פאָרשלאָג, אַז די דאָזיקע פּרעמיע זאָל צוגעטיילט ווערן דעם גרויסן מעקסיקאַנישן שריפטשטעלער און הומאַניסט, וואָס איז געווען אַ עמוד האש אין דער קולטור נישט נאָר פון מעקסיקע, נאָר אויך פון דער גאַנצער שפּאַניש רעדנדיקער וועלט. אַז אַלפאָנסאָ רעיעס איז ווערט געווען איר צו קריגן, וועגן דעם איז קיין ספק נישט.

אָבער אויך אָן איר האָט ער זיך געזיכערט אַן ערן־פּלאַץ אין דער געשיכטע פון ליטעראַרישן הומאַניזם, ווי איינער פון זיינע נאָבעלסטע וואָרט־זאָגער, און ווי איינער פון זיינע ווירדיקסטע פאָרשטייער אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

1959.

# סאַמועל ראַמאָס, פאָרשער פון דעם מעקסיקאַנערס כאַראַקטער

מיטן טויט פון דר. סאַמועל ראַמאָס האָט די מעקסיקאַנישע קולטור־וועלט פאַרלאָרן איינעם פון אירע דריי פילאָזאָפן, וואָס האָבן זיך דערוואָרבן אַ וועלט־נאָמען. צוזאַמען מיט דעם פאַרשטאָרבענעם אַנטאָניאָ קאַסאָ, זיין לערער, און מיט כאָזע וואַסקאָנסעלאָס, איז ראַמאָס, אויפן געביט פון פילאָזאָפישן געדאַנק און פון פילאָזאָפישער פאָרשונג, געווען איינער פון מעקסיקעס גלענצנדיקע אַמבאַסאַדאָרן צו דער מערב־אייראָפּעאישער קולטור־וועלט, פונקט אַזוי ווי אויפן געביט פון ליטעראַרישן שאַפן איז עס דער שרייבשטעלער, עסייאיסט און נאָבעל־פּרעמיע — קאַנדידאַט, אַלפאָנסאָ רעיעס.

אין משך פון מער ווי דריי צענדליק יאָר איז סאַמועל ראַמאָס געווען פּראָפעסאָר אין דעם פילאָזאָפישן פאַקולטעט פון מעקסיקעס מלוכהשן אוניווערזיטעט, וווּ ער האָט פאַרנומען עטלעכע קאַטעדרעס, מיט עסטעטיק ווי זיין באַליבטסטן קעגנשטאַנד און פאָרש־געביט.

אין משך פון אָט דער צייט האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ רייע ווערק, וואָס מאַנכע פון זיי איז באַשערט געווען אַריבערצוטרעטן די גרעניצן פון זיין פאָטערלאַנד און ווערן מפורסם אין דער גרויסער וועלט, איבערזעצט אויף פאַרשידענע שפּראַכן. עטלעכע וויכטיקע מאַנוסקריפּטן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן, האָט איצט פאַרעפנטלעכט דער אוניווערזיטעט, ווי אַן אופן פון אָפּגעבן כבוד דעם אָנדענק פון דעם גרויסן געלערנטן און פילאָזאָף, וואָס איז אין משך פון צוויי פיר־יאָריקע פעריאָדן, דורך איינשטימיקער דערוויילונג, געווען דער דעקאַן פון זיין פילאָזאָפישן פאַקולטעט.

— 1 —

די מעקסיקאַנישע רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דעם

צוויטן יאָר־צענדליק פון איצטיקן יאָרהונדערט, האָט, מיט איר שטורם, אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל נישט נאָר דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן פעודאַ־ליזם; זי האָט אויך אַ סוף געמאַכט צו אַ סך אַנאַכראָניזמען אויפן געביט פון קולטור. אויב אין די פּאַרפירילאַ דיאַז־צייטן האָט מעקסיקע, קולטורעל, געלעבט, אַזוי צו זאָגן, פון אימפּאָרט, מיט אייראָפּע, ספּעציעל פראַנקרייך, ווי דעם פּאַרזאָרגונגס־קוואַל, — האָבן די שטורם און דראַנג־יאָרן פון די סאָציאַלע קאַמפן דאָ אין לאַנד, אַריינגעבראַכט נייע טענדענצן, נייע שטרע־בונגען אויף די פאַרשידענע געביטן פון קינסטלערישן שאַפן.

ווען דער שטורם איז אַריבער, ווען דער דעסטרוקטיווער פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע האָט זיך געענדיקט, האָבן זיך אויף די דערמאָנטע גע־ביטן, אין דעם דריטן יאָרצענדליק, באַוויזן נייע שפּראָצונגען. אין דער ליטעראַטור זענען עס געווען די בעלעטריסטישע ווערק, וואָס אין זיי האָט די מעקסיקאַנישע פאָלקס־מאַסע פון שטאָט און דאָרף פאַרנומען דעם אויבן אָן. מאַריאַנאָ אַזועלאָס נאָוועלע „לאָס דע אַבאַכאָ״ איז דאָס סאַמע כאַראַק־טעריסטישע בוך אין דער דאָזיקער הינזיכט. דיעגאָ ריוועראַ און קלע־מענטע אָראָסקאָ האָבן דעם מעקסיקאַנישן קולטור־רענעסאַנס פאַראייביקט אין זייערע געניאַלע „פרעסקאָס״. אין דער מוזיק, אום בלויז צו ברענגען נאָך איין ביישפּיל, האָבן, ווייטער שפּינענדיק דעם פאָדים פון מאַנועל מ. פּאָנסע, נאָר אויסברייטערנדיק גאָר שטאַרק די שאַפונג־האָריזאָנטן, פאַר־קערפּערט דעם ווילן צו נאַציאָנאַלן זעלבסטאויסדרוק, אין זייערע ווערק, קאַרלאָס טשאַוועס און סילוועסטרע רעוועלטאַס.

אין די צוואַנציקער יאָרן האָט אויף אַלע געביטן פון דעם מעקסיקאַ־נישן קולטור־קינסטלערישן לעבן, זיך געלאָזן מערקטיק הערן די לאָזונג פון אויסדריקן די אמתע מעקסיקע, די היינטצייטיקע, פּונקט אַזוי ווי די היסטאָרישע, און טאָן עס, נישט נאָכמאַכנדיק פרעמדע מוסטערן, נאָר באַ־נוצנדיק אייגענע, אייגנאַרטיקע מעקסיקאַנישע פאָרמען.

דאָס אַלץ האָט, אין לעצטן סך הכל, געמיינט, אַז מעקסיקע מוז ראש־ית כל זיך אַליין דערקענען: וואָס איז דאָס וועזנטלעכע פון מעקסיקאַנישן פאָלק, נישט נאָר אויסערלעך, נאָר אויך אינערלעך. ס'איז נויטיק געווען אַרויסצוברענגען דאָס ספּעציפישע פון מעקסיקאַנישן פאָלק, זיין אַלזייטיקע כאַראַקטעריסטיק.

— 2 —

דער מענטש מיט דעם נויטיקן וויסנשאַפטלעכן באַגאַזש און פילאָזאָ־פישן הינטערגרונט דורכצופירן אָט די טראַנסצענדענטאַלע אַרבעט, איז געווען דער יונגער ג,לענצנדיקער עסייאיסט, מיט אַ שריפטשטעלערישן סטיל אין שפּאַניש, וואָס איז שוין דאַן באַטראַכט געוואָרן ווי קלאַסיש; דער יונגער אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר סאַמועל ראַמאָס, וואָס האָט גענומען אויף

זיך די אויפגאַבע צו ווייזן דער מעקסיקאַנישער קולטור־וועלט אַ גוטן שפּיגל, אין וועלכן דאָס גרונטזעצלעכע פון דעם מעקסיקאַנישן פאָלק: זיין פּסיכיק, איז אָפּגעשפּיגלט טריי צו דער ווירקלעכקייט.

באַוואָפנט מיט די וויכטיקסטע אַנטפּלעקונגען פון דער מאָדערנער פּסי־כאָלאָגישער וויסנשאַפט און פון איר נייסטן, עפּאָכע־מאַכנדיקן אויסוווּקס: דעם פּסיכאָאַנאַליז, און נאָך עטלעכע יאָר פון קאָנצענטרירטער קאַבינעט־פאָרשונג, האָט דר. ראַמאָס פאַרעפנטלעכט אַ בוך, וואָס ס'איז זיין לעבנס־ווערק: „דער פּראָפיל פון דעם מעקסיקאַנער און פון דער מעקסיקאַנישער קולטור".

ווי אַ גוטער כירורג, גייט ראַמאָס צו צו דעם מעקסיקאַנער אין אָט דעם ווערק. ער צעגלידערט די מעקסיקאַנישע געשיכטע, און באַווייזט, אויפן גרונט פון אַ נישט־ווידערשטייעלעכער לאָגיק, אַז דורות לאַנגע איז מעק־סיקע געווען אַ פולשטענדיקע אימיטאַציע פון דער מערב־איראָפּעאישער קולטור, וואָס אין איר האָבן זיך אויסגעלעבט בלויז דינע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, דאַן ווען דער אינדיער איז געשטאַנען אינגאַנצן אין אַ זייט פון וועלכן ס'איז קולטור־לעבן.

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען פירט ער דורך אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן אַ פּסיכאָאַנאַליטישן קווער־שניט דורך דעם מעקסיקאַנערס פּסיכיק. „על פעלאַדאָ", „דער שטאָטישער מעקסיקאַנער" און „דער מעקסיקאַנישער בורזשוא", זענען געשריבן אומפאַרגלייכלעך־אַריינדרינגענד. פּונקט אַזוי גלענצנד איז זיין פּסיכאָאַנאַליז פון דעם ווייסן, דעם „קריאָיאָ" אין מעק־סיקע.

אַ מייסטער אויפן געביט פונעם עסיי אין שפּאַניש, פאַרענדיקט ראַ־מאָס זיינע באַטראַכטונגען, געבנדיק דעם לייענער אַ גאַנץ נייעם, ביז צו דעם דערשיינען פון אָט דעם ווערק, אומבאַקאַנטן בילד פון דער מעקסיקאַנער אינדיווידועלער פּסיכיק, און במילא פון דער מעקסיקאַני־שער קולטור, ווי אַ קאָלעקטיוון אויסדרוק פון אָט דער פּסיכיק, דאָס הייסט פון צוגאַנג צו מענטש און וועלט.

דער צוגאַנג פון דר. ראַמאָס צו דער פאָרשונג פון דער מעקסיקאַנישער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע אין אירע דריי פאַרקערפּערונגען: דעם אינדיערס, דעם מעסטיסאָס און דעם „קריאָיאָס", איז פון אַזאַ איינציקאַרטיקן כאַראַקטער און פון אַזאַ גרויסן וויסנשאַפטלעכן ווערט, אַז „דער פּראָפיל פון דעם מעקסיקאַנער און פון דער מעקסיקאַנישער קולטור", איבערזעצט אויף אַ סך שפּראַכן, האָט באַווירקט די אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט פון פעלקער־פּסיכאָלאָגיע, צו וועלכער אָט דאָס, שוין קלאַסיש געוואָרענע בוך, איז אַן אויסעראָרדנטלעך וויכטיקער ביישטייער.

.1959

# דער שיינגייסט פעדראָ דע אַלבאַ

מיין פאַרשטאָרבענער לאַנגיאָריקער באַנטער פריינט איז געווען איינער פון די אויסדערוויילטע שיינע גייסטער, וואָס טראָגן אין זיך דעם צער פון דער וועלט, און דריקן אויס דורכן גערעדטן און געשריבענעם וואָרט זייער בענקשאַפט נאָך אַ וועלט אַ שענערע, אַ מער גערעכטע, אַ מער הומאַנע. זאָלן די ווייטערדיקע שורות זיין אַן אויסדרוק פון מיין פאַרהייליקן דעם ליכטיקן אָנדענק פון אַט דעם גרויסן מענטשן־פריינט און במילא אויך יידן־פריינט, וואָס ער איז עס שטענדיק געווען קלאָר און אויסגעשפּראָכן.

— 1 —

צוזאַמען מיט אַלפאָנסאָ רעיעס און סאַמועל ראַמאָס (און אויך מיט כאָזע וואַסקאָנסעלאָס פון זיין יוגנט־פעריאָד), האָט פעדראָ דע אַלבאַ באַאיינפלוסט דעם מעקסיקאַנער היינטצייטיקן געדאַנק, אין דער הינזיכט פון טיף באַגריפענעם הומאַניזם.

זיין, דר. דע אַלבאָס הומאַניזם, איז אָבער געווען אַ מער קאָנקרעטער, מער קעמפערישער. מ׳וואָלט אים אפשר געקענט אָנרופן „דער מעקסיקאַנישער אַלדאָוס האָקסלי". פונקט אַזוי ווי דער גרויסער ענגלישער וויסנשאַפטלער־הומאַניסט האַלט עס פאַר גענוג פאַסיק זיך גאָר אָפט „אַראָפּצולאָזן" צו פראַגן פון טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט פון ענגלאַנד און פון דער וועלט בכלל, אַזוי האָט אויך פעדראָ דע אַלבאַ שטענדיק געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג אויף דער אַלטעגלעכקייט, סיי פון מעקסיקע און סיי פון דער גרויסער וועלט, און אין דער אַקטועלקייט פון די טאָג־טעגלעכע געשעענישן, האָט ער געזוכט אַ באַשטעטיקונג פאַר זיינע אַלגעמיינע סאָציאַל־הומאַניסטישע פּרינציפּן.

ער איז געווען איינער פון יענע שיינגייסטער, וואָס ציען ווייטער דעם פאָדעם פון הומאַניזם, באַזירט אויפן געדאַנק וועגן סאָציאַלן יושר אויף

דער וועלט, וואָס זאָל גיין צוזאַמען מיט אַ טיפן רעספּעקט פאַר דער פּער־זענלעכקייט פון דעם איינצל־מענטשן, וועלכן ס'האָט ביז צו זיין לעצטן אָטעם־צוג פאַרשפּרייט ראָמען ראָלאַן, „דאָס געוויסן פון אייראָפּע", וועמענס שטימע דער טויט האָט געמאַכט פאַרשטומען נאָכן אָנהויב פון צווייטן וועלט־קריג. זיינע, פּעדראָ דע אַלבאַס, ברידער אין גייסט זענען, צום ביישפּיל, זשיל ראָמען, אין פראַנקרייך, און אַלפרעדאָ פּאַלאַסיאָס, אין אַרגענטינע.

צי דאָס איז געווען אויף דער קאַטעדרע אין דער פילאָזאָפישער אָפּ־טיילונג פון היגן אוניווערזיטעט, צי דאָס איז געווען אויף דער טריבונע פון דער אַלגעמיינער יערלעכער וועלט־קאָנפערענץ פון „אונעסקאָ", וואָס אויף איר איז ער געווען, יאָר־איין, יאָר־אויס, מעקסיקעס הויפּט־דעלעגאַט, — שטענדיק און אומעטום איז זיין גרויסע זאָרג געווען דער מאָרגן פון דער מענטשהייט, און נאָך מער, דאָס גייסטיקע אויסזען און דער מאָראַלי־שער ווערט פון דעם איינצל־**מענטשן אין איר.**

די זעלבע זאָרג איז געווען זיין לייט־מאָטיוו אין נישט ווייניק פון זיינע צאָלרייכע ביכער. וועגן דעם פלעגט ער נישט אויפהערן צו רעדן אויף די צוזאַמענפאָרן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעט־ביוראָ ביי דער „אָנו", וואָס צו איר איז ער יאָרן־לאַנג געווען מעקסיקעס פאַרשטייער אין איר הויפּט־קוואַרטיר, אין זשענעווע.

— 2 —

אַ גלענצנדיקער אָראַטאָר, אין גרויסן סטיל, סיי וואָס שייך פּאָליטיש־פּאַרלאַמענטאַרישער רעדנער־קונסט, און סיי וואָס שייך דער קונסט פון אַקאַדעמישן פאָרטראַג, פלעגט ער, ווען זיין נאָמען איז אָנאָנסירט געוואָרן, ווי דער פון דעם נאָנטסטן רעדנער, באַוויזן צענויפצוברענגען פון די קולואַרן אַבסאָלוט אַלעמען, וואָס ס'זיינען דאָרט געווען, זיך ראַטעווענדיק פון לאַנגווייליקע רעדעס. דאָס פלעגט פּאַסירן דאָ אין מעקסיקע, אין דער דיפּלאָמאַטן־קאַמער, צו וועלכער ער האָט געהערט בעת דריי קאַדענצן, און אויך אין סענאַט, צו וועלכן ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אין צוויי פּעריאָדן. אויך אין אייראָפּע, ספּעציעל אין דער „אונעסקאָ", פלעגט ער האַלטן גע־שפּאַנט זיין הויך געבילדעטע צוהערערשאַפט, צו וועלכער ער פלעגט רעדן אין אַ זעלטן שיינעם, ליטעראַריש געשליפענעם פראַנצויזיש, וואָס פלעגט גאָר אָפט ציטירט ווערן דורך די פּאַריזער ליטעראַרישע זשורנאַלן, ווי אַ וואונדער פון שפּראַך־באַהערשונג.

אין יענע רעדעס פלעגט קומען צום אויסדרוק דע אַלבאַס מייסטער־שאַפט אין דעם צוזאַמענבינדן די כאַראַקטעריסטישסטע שטעלן פון די קלאַ־סישע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור, מיט די גרויסע נויטן פון דער מענטשהייט אין היינטיקער צייט. און נישט נאָר ליטעראַטור, אַלע קונסטן,

אין זייער׳ע פאַרשידנסטע עטאַפּן, זענען אים, ווי אַ רעדנער, געשטאַנען צו דינסט. זיין אויסערגעוויינלעכע רעדנער־קונסט, וואָס האָט, ווען ער איז געווען אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר, און, שפּעטער, דעקאַן פון דעם פילאָזאָ־פישן פאַקולטעט, געשאַפן אַזאַ געוואַלטיקן רעספּעקט צו אים מצד די סטו־דענטן, האָט אים שפּעטער געשאַפן די פּאָזיציע פון אַ צענטראַל־פיגור אין די העכסטע אינטערנאַציאָנאַל־אַקאַדעמישע אינסטיטוציעס פון אייראָפּע. זיין נאָמען אין דער „אַלטער וועלט", וווּ ער האָט, כמעט אָן איבעררייס, פאַרבראַכט, ווי מעקסיקעס אַ פאַרטרויאונגס־מאַן אין די פאַרשידענע „אָנו"־אינסטיטו־ציעס אין די לעצטע פופצן יאָר, זינט דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז געווען איינער פון די גאָר ווייניקע, וואָס זענען דאָרט, אין אייראָפּע, געשטאַנען, אַזוי צו זאָגן, אויף דער ערן־ליסטע, וואָס שייך לאַ־טיין־אַמעריקאַנישע פיגורן מיט אַ וועלט־פאַרנעם. די הספדים, וואָס זענען נאָך אים געהאַלטן געוואָרן אין דער „אונעסקאָ", זאָגן אויף דעם עדות.

— 3 —

כאַראַקטעריסטיש זענען די נעמען פון צוויי פון זייע ביכער. איינער פון זיי (פאַרעפנטלעכט אין 1937) הייסט „דעל נועוואָ הומאַניזמאָ"; דער אַנדערער טראָגט דעם אַביסל לאַנגן, אָבער זייער עלאָקווענטן טיטל (וועלכן איך איבערזעץ פון שפּאַניש): „אין מיטן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט; דער קריזיס פון אונזער ציוויליזאַציע און די דעקאַדענץ פון דער קולטור" (פאַר־עפנטלעכט אין 1957, דאָס הייסט, דריי יאָר פאַר זיין טויט).

איז אינטערעסאַנט, ווי אַן אויסקלאַנג פון דעם ביז איצט געזאָגטן, צו ציטירן אַ כאַראַקטעריסטישן געדאַנק פון דעם ערשטן בוך, און אַ גרונט־אידייע פון דעם צווייטן.

דעם בוך „דעל נועוואָ הומאַניזמאָ" הויבט זיין מחבר אָן אַזוי:

„מיין פולסטע גייסטיקע סימפּאַטיע געהערט צו דעם הומאַניזם. זיינע נאָבלסטע טענדענצן זענען אין דער ריכטונג פון אַ בעסערער פאַרשטענ־דעניש פון דעם שענסטן און טיפסטן, וואָס ס'איז דאָ אינעם מענטשן; הו־מאַניזם און קולטור זענען אידענטיש, ווייל אויב הומאַניזם נעמט אָן, ווי זיין עמוד האש, דעם גרונט־אמת, אַז „דער מענטש, און נאָר דער מענטש, איז די מאָס פון אַלץ אין דער וועלט און אין לעבן, טאָר קולטור נישט פריי זיין פון קיין שום זאַך וואָס מיינט מענטשלעכע אומרו און זאָרג. דער באַרירונגס־פּונקט פון הומאַניזם און קולטור באַשטייט אין דעם, וואָס ביידע זענען ענג פאַרבונדן מיט די פאַרשידענע אויסדרוק־פאָרמען פון גייסטיקן לעבן".

אין זיין אַנדערן בוך: „אין מיטן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט", לייענען

מיר, אין אַ פּרעכטיקן עסיי, וואָס הייסט „אַנגסט און אַנטוישונג פון דעם ציוויליזירטן מענטשן":

„נישטאָ מער קיין פריידיקע אויסגעשרייען ביים יונגן דור. אַ מידקייט, וואָס שוואַכט דעם מענטשן אַלץ מער אָפּ, פאַרשפּרייט זיך פון איין עק פון אונזער פּלאַנעט צום צווייטן. נישטאָ מער פאַר אונזער וועלט קיין זונ־אויפגאַנג, און די היינטצייטיקע מענטשהייט געפינט זיך אונטערן שאָטן פון אַן אומענדלעכער נאַכט. די צוקונפט איז איינגעוויקלט אין אַ אומזי־כערקייט, וואָס שאַפט שרעק און געשפּענסטער".

— 4 —

פּעדראָ דע אַלבאַ איז געווען נישט נאָר אַ גרויסער קענער, נאָר אויך אַ גרויסער ליבהאָבער פון די פאַרשידענע קונסטן, און פון זיי אַלע האָט ער צום ליבסטן געהאַט מוזיק, וואָס ער האָט אויך, פון עסטעטישן שטאַנדפּונקט, גרינטלעך געקענט. צוזאַמען מיט זיינע עסייען אויף ליטע־ראַטור־קריטישע טעמעס (דאָס איז ער געווען דער, וואָס האָט פאַר דער לאַטיין־אַמעריקאַנישער וועלט אַנטפּלעקט דעם גרויסן קינסטלערישן ווערט פון די ווערק פון דעם מעקסיקאַנישן דיכטער לאָפּעז וועלאַרדע), זענען זיינע עסייען אויף מוזיקאַלישע טעמעס, פון די בעסטע שאַפונגען זיינע אויפן לי־טעראַריש־קינסטלערישן געביט. (פאַראינטערעסירטע קענען וועגן דעם לייע־נען מער אין מיין אַרטיקל: „פּעדראָ דע אַלבאַ, ענסייאיסטאַ מוזיקאַל", אין דער „קולטור־זייט" פון „על אוניווערסאַל" פון 27־טן נאָוועמבער 1960).

אָט איז אַ ביישפּיל פון זיין געדאַנקען־גאַנג וואָס שייך מוזיק:

אין אַ עסיי: „דער אָרפעוס־מיטאָס און די עסטעטישע קולטור", דריקט ער אויס זיין פאָלגנדיקן „קרעדאָ":

„צווישן אַלע קונסטן, איז מוזיק די, וואָס האָט צו איר דיספּאָזיציע די מערסטע מיטלען צו מאַכן איר אוניווערסאַל. די גליקזעליקייט פון יענע אַלע, וואָס הערן זיך צו צו די מייסטערווערק פון נעכטן און היינט, ברענגט צו אַ אינטימען, טיפערן דיאַלאָג פון יעדן איינעם מיט זיך אַליין, מיט זיין אמתן גייסטיקן וועזן; און אָט דאָס שאַפט אין אונז אַ סימפּאַטיע צו אונזערע מיט־מענטשן. מוזיק איז אַ פאַקטאָר פון מענטשלעכער דערנענ־טערונג אויף אַן אוניווערסאַלן מאַסשטאַב".

— 5 —

אַ מענטש מיט אַ אוניווערסאַלן אינטעלעקטועלן און גייסטיקן פאַרנעם, איז געווען פּעדראָ דע אַלבאַ. אין האַרמאָניע מיט זיך אַליין, און מיט אַ

קיינמאָל זיך נישט אויסלעשנדיקער ליבשאַפט צו דער מענטשהייט און צו דעם מענטשן, האָט ער זיין לעבן געלעבט שיין און אינטענסיוו, דינענדיק מיט זיין וווּנדערבאַרן רעדנער־טאַלאַנט און מיט זיין ברילִיאַנטענער פּע־דער, מעקסיקע, לאַטיין־אַמעריקע און דער וועלט.

.1960

# כאָזע וואַסקאָנסעלאָס, ווענמענס עלטער ס׳האָט פאַרשעמט זיין יוגנט

ווייל איז דעם מענטשן מיט גרויסן טאַלאַנט, וואָס זיין עלטער פאַר־שעמט נישט זיין יוגנט, און גאָר ווייל איז יענע אויסדערוויילטע, וואָס ערשט אויף זייערע עלטערע יאָרן צעבליען זיי זיך, אין דעם זין פון שע־פערישקייט, און זענען מזכה זייער פאָלק אָדער די מענטשהייט בכלל, מיט ווערק פון דויערנדיקן ווערט אָדער גאָר מיט אייביקע ווערטן. די עלטער פון אַזעלכע אויסדערוויילטע, נישט נאָר וואָס זי פאַרשעמט נישט זייער יוגנט, נאָר זי איבערשטייגט איר, וואָס שייך שעפערישקייט.

אַזוי, צום ביישפּיל, האָט געטהע געשאַפן זיין רייפסטעס ווערק: „פאַוסט", ווען ער איז שוין געווען אַריבערגעטראָטן דוד המלכס לעבנס־אָפּשניט; היידן האָט געשאַפן זיינע אומשטערבלעכע אָראַטאָריעס: „די וועלט־באַשאַפונג" און „די פיר צייטן פון יאָר", ווען ער איז שוין געווען אין טיפן עלטער.

די ליסטע פון אַזעלכע ביישפּילן איז גאָר אַ לאַנגע.

ווען מיר באַטראַכטן זיי נענטער, קומט אַרויס אויף דער אויבערפלעך אַ געמיינזאַמער שטריך פון אָט די אַלע אויסדערוויילטע גייסטער. דאָס איז זייער אַלעמענס אידעלער לעבנס־באַנעם, גרויסצוגיקייט, אַלטרואיזם, פאַרשטענדסניספולקייט. זיי זענען ווייט פון עגאָצענטרישקייט, פון געהעסי־קייט, פון אומטאָלעראַנץ. צווישן זייערע עלטערע און זייער פריערדיקע יאָרן ציט זיך אַ ליניע פון געוויסער איינהייטלעכקייט. די דאָזיקע אויסדערוויילטע זענען אָרגאַניש נישט פעאיק, אויף זייער עלטער, אָנצושפּייען אין פּנים זייער פאַרגאַנגענהייט, דורך האַנדלונגען אָדער ווערק, וואָס ווערן לעבעדיקע עדות פון זייער אַרונטערפאַל, פון זייער אַרונטערזינקען גייסטיק, מאָראַליש, אינטעלעקטועל.

איז זיי דעריבער ווייל, גאָר ווייל. אויף זיי קען אָנגעווענדט ווערן דער אויסדרוק פון אַ יידישן פּאָעט: „און אַז ווייל און אַז ווייל".

ווי איז אָבער צו יענע גרויסע טאַלאַנטן, וואָס זייער עלטער איז אַ שפּיי אין פּנים אַריין זייער אייגענער יוגנט, וואָס איז געווען פול מיט ליכטיקע אידייען און גרויסע אויפטועו; אַזעלכע, וואָס אין לויף פון די יאָרן ווערן זיי די פאַרקערפּערונג פון נעגאַציע, פון פאַרפינצטערטקייט אין אידייען, פון געהעסיקייט צו אַלץ, וואָס ס'איז הומאַניסטיש און באַפרייע־ריש; אַזעלכע, וואָס, האָבנדיק אין זייער יוגנט מיטגעקעמפט פאַר אַ בע־סערער, גערעכטערער וועלט, ווערן זיי מיט דער צייט נאָכקרימענישן פון מעטערניכן, וואָס האָט געוואָלט דרייען דעם ראָד פון דער געשיכטע אויף צוריק.

צווישן די פילע ביישפּילן, וואָס די געשיכטע ברענגט אין אָט דער הינזיכט, „שיינט אַרויס" מיט טרויעריקער באַרימטקייט דער פאַל בעניטאָ מוסאָליני.

— 2 —

כאָזע וואַסקאָנסעלאָס איז אַ קלאַסישער ביישפּיל פון אַ גאָר גרויסן טאַלאַנט, וואָס זיין עלטער האָט פאַרשעמט זיין יוגנט.

אַז מיט טאַלאַנט האָט אים די נאַטור געהאָט באַשאָנקען אין אַן אוי־סערגעוויינלעכער מאָס, דערויף זאָגן עדות, צווישן אַנדערע, זיינע וווּנדער־באַרע ביכער „עסטודיאָס אינדאָסטאַניקאָס", „לאַ ראַסאַ קאָסמיקאַ", ווי אויך זיינע פילאָזאָפישע ווערק, וואָס זיי זענען אַלע געשאַפן געוואָרן אין זיינע יונגע יאָרן, אין יענע יאָרן, ווען ער איז געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייען פון דער מעקסיקאַנישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און אַ ביסל שפּעטער, שוין אין דער רעגירונג, געווען איינער פון די פאַרווירקלעכער פון די פּאָסטולאַטן פון דער זיגרייכער רעוואָלוציע.

אַז ער איז, נישט נאָר ווי אַ שריפטשטעלער, נאָר אויך, ווי אַ מענטש פון טאַט, געווען אויסעראָרדנטלעך באַגאַבט, אויף דעם זאָגט עדות זיין גלאָררייכע, עפּאָכע־מאַכנדיקע טעטיקייט אין בילדונגס־מיניסטעריום, וואָס איר האָט אַזוי פיל צו פאַרדאַנקען דער אויפבלי פון נאַציאָנאַל־מעקסיקאַ־נישער קונסט אויף אַזוי פיל געביטן, אָנהויבנדיק מיט דער מאַלעריי.

אַז וואַסקאָנסעלאָס איז געווען אין זיינע בעסערע צייטן אַ גלענצנדיקער פאַרשפּרייטער פון ליבעראַלע אידייען אויפן געביט פון קולטור, באַווייזט דער פאַקט, אַז אין אַזוי פיל לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער איז ער, דורך אוניווערזיטעטן און אַנדערע אַקאַדעמישע אינסטיטוציעס, אָנערקענט גע־וואָרן, ווי „על מאַעסטראָ דע לאַ כווועטוד דע אַמעריקאַ".

ס'איז קיין ספק נישט, אַז ער איז געווען פון יענע באַדייטנדיקע, שטאַרקע פערזענלעכקייטן, וואָס דער צוקונפטיקער היסטאָריקער פון גע־

זעלשאַפטלעכע און קולטור־אידייען אין לאַטיין־אַמעריקע, וועט נישט קענען פאַרבייגיין גלייכגילטיק, אָדער אָוועקמאַכן אים מיט דער האַנט.

— ٤ —

האָט אָבער אין אים געלעבט דער וואָרעם פון עגאָצענטרישקייט, פון פּאַטאָלאָגישער אייגנליבע, און וואַסקאָנסעלאָס האָט אין זיין גרויסקייט־מאַניע זיך איינגערעדט, אַז ער איז נישט נאָר איינער פון מעקסיקעס גרויסע מענטשן, וואָס ער איז עס געווען, נאָר אויך דער שיקזאַל־מענטש פונעם לאַנד, און אַז נאָר ער קען ווייטער פירן די מעקסיקאַנישע רעוואָלוציע צו העכערע און ברייטערע דערגרייכונגען. כאַראַקטעריסטיש איז אין אָט דער הינזיכט זיין אויסדרוק קורץ פאַרן טויט: „מעקסיקע האָט נישט קיין רעכט מיר אָפּצוגעבן כבוד, ווי אַ שריפטשטעלער, אויב ס׳וועט גלייכצייטיק ניט אָנערקענט מיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן, ווי אַ פּאָליטיקער".

אָט דאָס האָט אים אַריינגעטריבן אין דעם גרעסטן, אין דעם פאַטאַלן טעות פון זיין לעבן, וואָס ס׳איז געווען זיין אַרויסשטעלן, אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן, זיין קאַנדידאַטור פאַר דער פּרעזידענטשאַפט.

וואַסקאָנסעלאָס איז צו איר צו נישט דערגאַנגען, און אָט דער דורכפאַל האָט מעגלעך געמאַכט פאַר דער וועלט צו דערזען דעם צווייטן, דעם אמו״ן פּנים פון אָט דעם צוויי־פּנימדיקן יאַנוס. זיין דורכפאַל איז געווען דער אָנהויב פון זיין טרויעריק־באַרימטן באַרג אַראָפּ.

נישט קענענדיק שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז ער, דער גרויסער רעוואָלוציאָנער און קולטור־אידעאָלאָג פון דער מעקסיקאַנישער רעוואָלוציע, האָט פאַרלוירן, האָט ער, אָנשטאָט זיך אונטערצוואַרפן זיין גורל, אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישן קאַמף קעגן איר און קעגן אירע ווערטן.

ווען מ׳לייענט זיין „ברעווע היסטאָריאַ דע מעכיקאָ" און אַנדערע ביכער זיינע, וואָס ער האָט געשריבן נאָך זיין פּאָליטישער מפּלה, שטוינט מען ממש איבער דעם מיאוסן איבערדרייען דעם פּעלץ מצד דעם פריערדיקן גלאָריפיצירער פון דעם רעוואָלוציאָנערן שטורם, וואָס האָט זיך געהאַט אַריבערגעטראָגן אין מעקסיקע אין דעם צווייטן יאָרצענדליק פון אונדזער יאָרהונדערט. די דאָזיקע שריפטן זיינע זענען סקאַנדאַליעזע פּאַמפלעטן, פול מיט שקרים, בלבולים און זלזולים קעגנאיבער דער מעקסיקאַנישער רעוואָלוציע און אירע פאָנען־טרעגער.

און ווי זאָגט זיך עס דאָרט: אם החלות לנפל נפול תפול. מיט יעדן יאָר איז וואַסקאָנסעלאָס אַלץ נידעריקער געפאַלן, אַלץ טיפער געזונקען, ביז ער האָט זיך דערקייקלט צו דער רעדאַקציע פון „על טימאָן" („דער רודער"), וואָס די געזאַנדשאַפט פון היטלערס־נאַצי־דייטשלאַנד דאָהי האָט דאָ אַרויסגעגעבן אין די שפּעטע דרייסיקער יאָרן. ווען, נאָך מעקסיקעס

קריגס־דערקלערונג צו נאַצי־דייטשלאַנד, אין אַנהויב פון די פּערציקער, זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פאַרשידענע געהיימע נאַצישע אַרכיוון, האָט דאָרט, אויף דער ליסטע פון מעקסיקאַנער, וואָס זענען אין פאַרבינדונג מיט דעם דערמאָנטן העץ־בלעטל, געווען אויף געהאַלט ביי דער נאַצישער אַמבאַסאַדע, „געגלאַנצט" אויך דער נאָמען פון כאָזע וואַסקאָנסעלאָס. דאָס איז דער זעלבער וואַסקאָנסעלאָס, וואָס האָט אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן דאָ געגרינדעט איינע פון די ליבעראַלסטע צייטשריפטן, וואָס האָבן ווען ס'איז עקזיסטירט אין מעקסיקע: „לאַ אַנטאָרטשאַ" („דער פאַקעל"), וועמענס אָנפירערשאַפט ער האָט שפּעטער איבערגעגעבן צו דעם דאָ ערשט פאַרשטאָרבענעם גרויסן מעקסיקאַנישן פילאָזאָף און הומאַניסט סאַמועל ראַמאָס.

איז שוין דעריבער אויך קיין ווונדער נישט, אַז דער רענעגאַט וואַסקאָנסעלאָס, וועלכער האָט שוין אַזוי פיל געהאַט אָנגעשפּיגן אין פּנים אַריין זיין אייגענער שיינער פאַרגאַנגענהייט, האָט זיך אַלץ ווייטער געקייקלט באַרג אַראָפּ, ביז ער, כאָזע וואַסקאָנסעלאָס, וואָס איז אין פריערדיקע צייטן באַרימט געווען מיט זיין טיף פאַרוואָרצלטן ליבעראַליזם, ווי אויך מיט זיין אויסגעהאַלטענעם אַנטי־קלעריקאַליזם, — איז אין די שפּעטע פערציקער יאָרן אַריבערגעגאַנגען נישט נאָר צום קאַטאָליציזם, נאָר טאַקע צום מיליטאַנטישן, אומקאָמפּראָמיסלעכן קאַטאָליציזם, וואָס זוכט להרג, להשמיד ולאבּיד אַלערליי „נישט גלויביקע" אָדער אָפּטריניקע. ער איז געוואָרן אַ גאָר אָפּטער און זייער אָנגעזעענער איינגייער אין די קרייזן פון קלער, און אַ פאַנאַטישער פּראָפּאַגאַנדיסט פון אַלערליי קלעריקאַלע אידייען. ווי אַ געשיקטער זשאָנגלער, האָט ער, ליטעראַריש, געוואָלט דווקא שטעלן וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע צו דינסט דעם וואַטיקאַן. און אַזוי איז ער אויך געשטאָרבן, מיט אַ גלח ביי זיין טויטן־בעט.

— 4 —

אלה תלדות וואַסקאָנסעלאָס, דעם אויסערגעוויינלעך טאַלענטירטן מעקסיקאַנישן שריפטשטעלער און פילאָזאָף, וואָס זיין עלטער האָט אַזוי פאַרשעמט, אַזוי באַשפּיגן זיין יוגנט.

.1959

# נוניעז אי דאָמינגעז, דער יידנפריינט

דער מחבר איז געווען אַ נאָענטער פריינט פון דעם פאַרשטאָר־בענעם אין משך פון דריי צענדליק יאָר, און האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך גרינטלעך צו באַקענען מיט זיינע אַנשויאונגען וואָס שייך דעם יידישן פאָלק און מדינת־ישראל.



די מעקסיקאַנישע קולטור־וועלט איז אין טרויער נאָך איינער פון מעקסיקעס באמת אינטערנאַציאָנאַלע פיגורן: כאָסע דע כעסוס נוניעז אי דאָמינגעז.

ס'באַדויערט זיין טויט די מעקסיקאַנישע ליטעראַטור, וואָס אויף איר געביט פון פאָעזיע איז ער געווען אַ וויכטיקע פיגור, אַ דיכטער פון גאָטס גנאָד, מיט אַן אייגענעם, אָריגינעלן צוגאַנג, און מיט אַ פאָרם, וואָס האָט קיינעם נישט אימיטירט.

מעקסיקעס זשורנאַליזם איז אָרעמער געוואָרן מיט זיין פאַרשווינדן פון דער אַרענע. איז ער דאָך געווען גרינדער, אָדער מיט־גרינדער, פון אַזוי פיל וויכטיקע אויסגאַבן, וואָס יעדע פון זיי האָט אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן בייגעטראָגן צום גייסטיקן פראָגרעס פונם לאַנד. און זיינע זשורנאַליסטישע אַרבעטן, אין משך פון לאַנגע יאָרן, צווישן אַרטיקל און עסיי, ווערן באַטראַכט, ווי מייסטער־לייסטונגען.

און גאָר ווינציק זענען די מעקסיקאַנישע דיפּלאָמאַטן פון זיין קאַליבער; דיפּלאָמאַטן, וואָס זאָלן דעם לאַנד, וואָס זיי פאַרטרעטן, דורך זייערע אויפטוען אויפן ריין דיפּלאָמאַטישן געביט, ווי אויך דורך זייער אַקטיוון אָנטייל אין דעם קולטור־לעבן פון די אַנטשפּרעכנדיקע לענדער, — געבן אַזוי פיל אָנזען, און אים שאַפן אַזוי פיל פּרעסטיזש, ווי דאָס האָט געטאָן נוניעז אי דאָמינגעז אין פאַרשידענע לענדער פון דער נייער און דער אַלטער וועלט.

ער האָט, ווי מעקסיקעס פאַרטרעטער אין אויסלאַנד, מיט זיך פאַר־געשטעלט די זעלטענע, גלענצנדיקע קאָמבינאַציע פון דעם קינסטלער־די־פּלאָמאַט מיט דעם קולטור־מענטש אין שענסטן זין פון וואָרט; ער איז גע־ווען, אַזוי צו זאָגן, אַן עלטערע אויסגאַבע פון דעם אויסנעמלעכן אַמבאַ־סאַדאָר, וואָס ס'איז ביז דאָ נישט לאַנג צוריק געווען מעקסיקעס שטאָלץ אין איראָפּע בכלל און אין פראַנקרייך בפרט: דר. כאַימע טאָררעס באָדעט.

— 2 —

ווי בירגער דאָ אין לאַנד, נעמען מיר, נאַטירלעך, אָנטייל אין מעקסי־קעס טרויער אויפן טויט פון איינער פון די שענסטע און נאָבלסטע פער־זענלעכקייטן פונעם מעקסיקאַנישן פאָלק.

מיר האָבן אָבער, ווי יידן, אַ ספּעציעלן מאָטיוו צו באַדויערן, אויפן טיפסטן אופן, דעם טויט פון כאָסע דע כעסוס נוניעז אי דאָמינגעז. מיט זיין פאַרשווינדן פון דער לעבנס־אַרענע, האָבן מיר פאַרלוירן אַ גרויסן פריינט, איינעם פון אונזערע אויפריכטיקסטע פריינט צווישן דער עליט פון דער מעקסיקאַנישער קולטור־וועלט; איינעם פון די פאַרשטענדניספולסטע צווישן אָט די, נישט צו פילע פריינט אונזערע.

נוניעז אי דאָמינגעז איז געווען אַ מענטש מיט גאָר אַ ברייטן גייס־טיקן האָריזאָנט; אַ הומאַניסט, אין דעם טיפסטן זין פון וואָרט. איז דערי־בער קיין וווּנדער נישט, אַז ער איז געווען אַסטראָנאָמיש־ווייט פון יעדן מין ראַסן־פאָראורטייל. דער תנכישער „ואהבת לרעך כמוך" איז פאַר אים געווען גילטיק וואָס שייך יעדער געאָגראַפישער לענג אָדער ברייט. איז קלאָר, אַז אויך בנוגע אונדז יידן, איז ער געווען פולשטענדיק פריי פון יעדן פאָראורטייל.

זיין טיף פאַרוואָרצלטע נייגונג אַריינצודרינגען אין דעם מהות פון זאַכן, געשעענישן און דערשיינונגען האָט אים, דעם פון פאָראורטיילן פרייען מענטשן, מעגלעך געמאַכט גאָר גיך צו באַגרייפן די אמתע סיטואַציע פונעם יידישן פאָלק, סיי היסטאָריש, און סיי געאָגראַפיש, ווי אויך די יידישע בענקשאַפט נאָך גאולה.

אַ מענטש מיט אַ טיפן זין פאַר גערעכטיקייט אויף אַ אוניווערסאַלן מאַסשטאַב, וואָס ער איז געווען, האָט נוניעז אי דאָמינגעז, נאָכדעם ווי ער האָט אַנטפּלעקט די גוואַלטיקע עוולות, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן, און ווערן באַגאַנגען, קעגן דעם יידישן פאָלק, — אָנגעהויבן אַרויסצווייזן אַן אַקטיוון אינטערעס קעגנאיבער אונדז. ער האָט אַזוי אַרום, מיט דער צייט, זיך אַלץ מער באַקענט מיט יידישע גייסטיקע און קולטור־ווערטן; נישט בלויז מיט די אַלטע, ווי, צום ביישפּיל, מיטן תנ"ך, נאָר אויך מיט די מאָדערנע און היינטצייטיקע.

דער דאָזיקער, גאָנטער קאָנטאַקט, האָט אין אים ביסלעכווייז אַרויסגע־רופן יענע סימפּאַטיע, וואָס פאַרוואַנדלט די בלויז פּאַסיווע באַאָבאַכטונג, אין אַ דינאַמישן אינטערעס. וואָס קריגט אַן אויסדרוק אין קאָנקרעטע טאַטן. אין זיין פאַל האָט זיך דער דאָזיקער אינטערעס אויסגעדריקט אין אַן אָפן־פריינטלעכער שטעלונג צו יידן, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן.

— 3 —

זיין פריינטשאַפט צום יידישן פאָלק האָט, צו אונזער צופרידנהייט, ניט אָנגענומען די פאָרם פון „פילאָסעמיטיזם", וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר נישט ווייניקע קאַטוילישע אינטעלעקטואַלן, וואָס באַגרינדן זייער פריינט־שאַפטלעכע שטעלונג צו אונז מיט אַ כלומרשטער מיסיע, וואָס זאָל אונז זיין אָנפאַרטרויט דורך דער השגחה. און וואָס אין איר זכות טאָר מען אונז קיין שלעכטס נישט טאָן.

נוניעז אי דאָמינגעז האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן אָט דעם אַפּאָלאָגע־טישן שטאַנדפּונקט, און פלעגט שטענדיק אונטערשטרייכן, אַז פּונקט אַזוי ווי דער פאַקט, וואָס אַ איינצל־פּערזאָן איז געבוירן געוואָרן, גיט איר, דער פּערזאָן, דאָס פולשטענדיקע רעכט צו לעבן, און זי דאַרף נישט זוכן קיין אַפּאָלאָגעטיק פאַר איר עקזיסטענץ, אַזוי אויך דער פאַקט, אַז עס לעבט און האָט היסטאָרישע וואָרצלען, באַרעכטיקט פולשטענדיק זיין, דעם פאָלקס, עקזיסטענץ.

מיט אָט דעם צוגאַנג וואָס שייך זיין פּרינציפּיעלע שטעלונג, דערקלערט זיך אויך נוניעז אי דאָמינגעזעס אַקטיווער אינטערעס צום לעבן פון אונזער ישוב, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זיינע נאָענטע גייסטיקע פאַר־בינדונגען מיט רעפּרעזענטאַטיווע קולטור־עלעמענטן פונעם יידישן מעקסי־קע. אין פאַרשידענע פאָרמען האָט דער דאָזיקער אינטערעס געקראָגן אַן אויסדרוק אויך אין די יאָרן, ווען נוניעז אי דאָמינגעז האָט פאַרטראָטן מעקסיקע אין פאַרשידענע לענדער פון אַמעריקע און אייראָפּע.

— 4 —

אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ פון דעם דאָזיקן, אַקטיוון, אינטערעס צו אונ־זער פאָלק איז געווען זיין שטעלונג צו דעם שאַפן אַ יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל. נוניעז אי דאָמינגעז איז געווען איינער פון די גאָר ערשטע מעקסיקאַנער אינטעלעקטואַלן, וואָס האָבן בקול רם אָנערקענט די גערעכ־טיקייט פון דעם יידישן פאַרלאַנג אויפצובויען אַ מלוכה אין דעם היסטאָ־רישן לאַנד פון די אָבות: אין ארץ־ישראל. פּונקט אַזוי ווי דאָס רעכט

פונעם יידישן פאָלק אויף זיין עקזיסטענץ, ווי אַ פאָלק, איז געווען פאַר אים אַן אַקסיאָמע, אַזוי איז פאַר אים אויך געווען אַקסיאָמאַטיש אונזער רעכט צו לעבן ווי אַ פּאָליטישע נאַציע, אין ארץ־ישראל.

און אַזוי ווי ביי אים זענען זיינע איבערצייגונגען און זיינע קאָנקרעטע שטעלונגען שטענדיק געגאַנגען צוזאַמען, איז די לאָגישע קאָנסעקווענץ געווען זיין אָפענע סימפּאַטיע צום ציוניזם. ער האָט איר אַרויסגעוויזן אַ סך פריער ווי די אידייע וועגן אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל האָט זיך איינגעבירגערט אין דעם באַוווסטזיין פון מעקסיקעס אינטעלעקטועלער עליט. בוניעז אי דאָמינגעז איז אין דער דאָזיקער הינזיכט געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ פּיאָנער אין די קרייזן פון מעקסיקעס העכסטער אינטעליגענץ.

פונקט אַזוי ווי ער האָט אין די היטלער־צייטן נישט פאַרבאַהאַלטן זיין שוידער צוליב די „אויפטועך" פון די נאַצי־בעסטיעס קעגנאיבער אונזער פאָלק, און פלעגט ביי יעדער מעגלעכקייט אויסדריקן אין די קרייזן פון זיינע פריינט און קאָלעגן זיין אויפטרייסלונג און זיין עקל, אַזוי פלעגט ער אויס־דריקן זיין ענטוזיאַזם צוליב דער עקזיסטענץ, און זיין שטאָלץ מיט די אויפ־טוען פון מדינת־ישראל, וואָס האָט אין אים געהאַט אַ גרויסן פריינט און באַוואונדערער.

.1959

# דער קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש

דער זשאַנד פון קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש, יונג ווי ער איז — קוים עפּעס מער, ווי אַ האַלבן יאָרהונדערט אַלט — האָט געשלאָגן וואָרצלען מער ווי אומעטום, אין דער אייראָפּעישער פּרעסע. איינער פון זיינע באַרימטסטע פּיאָנערן איז געווען דער פראַנצויזישער נאָוועליסט פּיער לאָטי, וועמענס רייזע־באַשרייבונגען פון מזרח שטייען אויף דער גרעניץ צווישן רעפּאָרטאַזש און בעלעטריסטיק. איינער פון די, וואָס האָבן דעם קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש דערבראַכט צו שלימות, וואָס שייך דער ברייטקייט פון פאַרנעם, שאַרפקייט און טיפקייט פון דער באַאָבאַכטונג, און שיינקייט פון דער פאָרם — איז געווען דער פאַרשטאָרבענער יידיש־דייטשער זשורנאַליסט עגאָן ערווין קיש. צווישן די גאָר וויניקע, וואָס האָבן זיך ביז איצט אָט דעם זשאַנד געווידמעט, און צווישן די נאָך וויניקערע, וואָס האָבן זיך אין אים אויסגעצייכנט אין דער יידישער זשורנאַליסטיק, איז געווען דער פרי־צייטיק פאַרשטאָרבענער ל. מלאך.

וואָס איז אייגנטלעך אַ קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש?

כדי צו קענען ענטפערן זאַכלעך אויף אָט די פראַגע, מוזן מיר ראשית כל האָבן אַ קלאָרן באַגריף וועגן דעם וואָס עס איז אַ גוטער רעפּאָרטאַזש בכלל.

אין דער מאָדערנער זשורנאַליסטיק איז אָנגענומען, אַז אַ גוטער רעפּאָרטער איז אַזאַ מין צייטונגס־מאַן, וואָס קען אין אַ קורצער, קאָנצענטרירטער פאָרם אויפקלערן די (נישט שטענדיק דירעקט געשטעלטע) פראַגן: וואָס האָט פּאַסירט? ווו, ווען און מיט וועמען האָט עס פּאַסירט? אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען האָט עס פּאַסירט? וואָס פאַר אַ ווירקונג אָדער אויס־ווירקונגען קען דאָס פּאַסירטע האָבן?

דערצו פאָדערט זיך נאָך פון דעם גוטן רעפּאָרטער, אַז ער זאָל די קורץ־געפּאַסטע עקספּאָזיציע פון פאַקטן, ווי אויך די באַשרייבונג פון אומשטענדן און באַדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבן פּאַסירט, באַהויכן מיט דעם

ריין־מענטשלעכן עלעמענט, און זאָל פאַרזאָרגן זיין רעפּאָרטאַזש מיט אַ געוויסן עמאָציאָנעלן הינטערגרונט, וואָס ווערט אין ענגליש טרעפלעך אָנגערופן „היומאַן אינטערעסט".

אָט דאָס איז אַלץ גערעדט וועגן דעם געוויינלעכן צייטונגס־רעפּאָרטאַזש. צו זיין אַ געוויינלעכער גוטער רעפּאָרטער איז, ווי מיר זעען, גאָרנישט אַזוי לייכט. מ'קען זיך אויסלערנען די אויסערלעכקייטן, די ריין טעכנישע דעטאַלן פונעם פאַך; אָבער בלויז דער, וואָס באַזיצט אינטואיציע, די פעאיקייט זיך אַריינצולעבן אין אַ סיטואַציע און איר שילדערן פון אינעווייניק אויס; בלויז דער זשורנאַליסט, וואָס אויף אים איז חל דער „עין רואה ואוזן שומעת" אין דעם טיפערן זין פון אָט די ווערטער, — איז באמת אַ רעפּאָרטער. צווישן הונדערטער מיטלמעסיקייטן קען מען קוים געפונען איינעם, וואָס איז אַ מייסטער אין זיין פאַך.

—2—

פיל קאָמפּליצירטער ווערט די פראַגע ווען עס האַנדלט זיך וועגן קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש, ווייל אויסער דעם אַלעמען, וואָס ס'פאָדערט זיך פון אַ געוויינלעכן גוטן רעפּאָרטער — און דאָס איז גאָרנישט ווייניק — קומען נאָך צו אין דעם פאַל פון קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש גאַנץ אַנדערע פאָדערונגען.

קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש שטייט, לויט זיין מהות, צווישן ערשטקלאַסיקן געוויינלעכן רעפּאָרטאַזש און קינסטלערישער דערציילונג (נענטער צו דער צווייטער). מיט דעם געוויינלעך רעפּאָרטאַזש האָט דער קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש געמיינזאַם די פאַקטישע זייט פון דעם וואָס ווערט באַשריבן, אָדער וועגן וועלכן ס'ווערט דערציילט. ביידע באַהאַנדלען זיי פאַקטן. אָבער דאָן ווען דער געוויינלעכער רעפּאָרטער טרעט נישט אַריבער בעת זיין איבערגעבן אָדער באַשרייבן די פאַקטן, די גרעניץ פון דער פאַראייניצלטקייט און איינמאָליקייט, דערהויבט דער קינסטלער־רעפּאָרטער זיין רעפּאָרטאַזש צו מאָלעריי פון לעבנס־דערשיינונגען און לעבנס־בילדער.

בעת דעם געוויינלעכן רעפּאָרטערס פאַקטן זענען, אין די גרעניצן פון זייער פאַראיינצלטקייט און איינמאָליקייט, אַבסאָלוטער אמת, קענען די פאַקטן פון קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש פאָרשטעלן מיט זיך די אַקומולירונג פון אַ סך איינצל־פאַקטן, און ווערן אַזוי אַרום ליטעראַרישער אמת, דאָס הייסט, אַז אויב, ווי אַ הונדערט פּראָצענטיקער, קאָנקרעטער פאַקט, זענען זיי נאָך ביז איצט נישט פאָרגעקומען, קענען זיי אָבער אין דער געשילדערטער סביבה און אין געוויסע אומשטענדן פאָרקומען. און דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער אָנהויב פון גוטער בעלעטריסטיק.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס: אין דעם קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש

מוזן די שילדערונגען און באַשרייבונגען האָבן נישט נאָר די אויסערלעכע לאָגיק, נאָר אויך — און אפשר נאָך מער — אַ טיפערע, אינערלעכע לאָ־גיק, וואָס באַרעכטיקט דעם שרייבערס עקספּאָזיציע.

אין וואָס באַשטייט אָט די אייגענע לאָגיק פון דעם קינסטלערישן רע־פּאָרטאַזש?

אין דעם, וואָס דער שרייבער, וועלכער מוז אין אָט דעם פאַל באַזיצן קינסטלערישע אינטואיציע, לאָזט פאַלן דעם רייך־פאָטאָגראַפישן מעטאָד, וואָס איז צוגעפּאַסט צום געוויינלעכן רעפּאָרטאַזש, אין וועלכן, וואָס גרע־סער ס׳איז די צאָל פון איינצל־דאַטן, אַלץ בעסער פאַרן רעפּאָרטער. אויב ער איז אַ מומחה אין זיין פאַך, און במילא אין דער קונסט פון קאָנצענ־טרירן פאַקטן און דאַטן, וועט דער לייענער אָפט אים באַוווּנדערן פאַר זיין פעאיקייט צו אַקומולירן אַ מאַסע פאַקטישן מאַטעריאַל אין אַ פאַרהעלטניס־מעסיק נישט צו לאַנגער נאָטיץ.

אָבער אין אַ קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש האַנדלט זיך עס גאָרנישט וועגן אַ מעגלעכסט גרעסטער קאָנצענטרירונג פון איינצלנע פאַקטן און דאַטן. דאָס וואָס ס׳איז פאַרן געוויינלעכן רעפּאָרטאַזש אַ גרויסע מעלה, איז פאַרן קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש אַ גרונטזעצלעכער חסרון. ווען מיר לייענען אַ קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש פון וועלכן ס׳איז קלאַסיקער, אַזוי צו זאָגן פון אָט דעם געמישטן, רעפּאָרטעריש־בעלעטריסטישן זשאַנר, געפינען מיר אויס, אַז ס׳איז אין אים דאָ אַ צימצום, אַ גרויסע שפּאָרזאַמקייט אין מאַ־טעריאַל.

אָט די שפּאָרזאַמקייט מאַכט עס טאַקע דעם קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש פאַר דאָס, וואָס ער איז. דער קינסטלער־רעפּאָרטער, פּונקט אַזוי ווי דער קינסטלער־דערציילער, מאַכט אַ שטרענגן אָפּקלייב. ער באַנוצט נאָר דעם מאַטעריאַל און די פאַקטן און דאַטן, וואָס זענען נישט רייך־עפּיזאָדיש, צו־פעליק, נאָר וואָס זענען באמת כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ באַשטימטער סי־טואַציע, פאַר דעם אָדער יענעם טיפּ מענטשן, פאַר דעם אָדער יענעם אָרט, פאַר אַ באַשטימטער צייט און סביבה. נישט דאָס פאַראייינצלטע און דאָס צופעליקע איז דאָ וויכטיק, נאָר דאָס טיפּישע און דאָס באַשטענדיקע אין די גרעניצן פון דער געגעבענער טעמע.

דער קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש איז אַזוי אַרום אַ זשורנאַליסטישער זשאַנר, וואָס האָט צו טאָן מיט שאַפונגען פון אַ מער דויערנדיקן ווערט. ער שטייט נאָנט צו דער קינסטלערישער דערציילונג, פון וועלכער ער אונטערשיידט זיך הויפּטזעכלעך דורך דעם, וואָס ער מוז זיין באַזירט אויף אַ באַשטימטער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט וואָס שייך צייט און אָרט, און ערשט פון איר קען ער אָפּקלייבן, וואָס דאָס קינסטלערישע אויג פון דעם רעפּאָרטער ווייזט אים, און וואָס זיין קינסטלערישע אינטואיציע באַשטע־

טיקט עס, ווי עפּעס אַזעלכעס, וואָס וועט קענען לייכט פאַרשטאַנען ווערן אומעטום. אָט די באַדינגונג, וואָס איז פאַר דעם קינסטלער־רעפּאָרטער פונדאַמענטאַל, איז נישט קיין מוז פאַרן קינסטלער־דערציילער, פאַרן בעלע־טריסט.

דער קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש איז, ווי מיר זעען, אַ גאַנץ שווערע אונטערנעמונג. דערפאַר איז טאַקע די צאָל פון אויטענטישע קינסטלער־רעפּאָרטערס אַזוי נישטיק־קליין אין פאַרגלייך מיט דער צאָל פון וועלט־באַרימטע געוויינלעכע צייטונגס־רעפּאָרטערס אָדער קאָרעספּאָנדענטן.

.1956

# קלאַסישע קונסט

טויזנטער יאָר זענען אַריבער זינט פידיאַס, דער פולקאָמענטער פאַר־קערפּערער פון גייסט פון אַטען און פון גריכנטום, האָט געשאַפן זיינע סקולפּטורן, אין וועלכע דער מענטש איז דערהויבן געוואָרן צו געטלעכער שיינקייט. די צייט האָט אָבער איבער די דאָזיקע מייסטער־שאַפונגען פון אומענדלעכער פּערפעקציע, נישט געהאַט קיין שליטה. קראָנאָס, וועלכער האָט אַזוי פיל אַנדערע דערגרייכונגען פון מענטשלכן גייסט באַדעקט מיט שטויב און מיט שפּינוועבס פון אַרכיוון, אָפּגעווישט פון דער ערד אָדער צוגעדעקט מיט ערד, — האָט נישט געקענט באַווייזן צו מאַכן די מענטשהייט צו פאַרגעסן די קונסט פון אַלטן גריכנלאַנד. זי איז געוואָרן אַן אָרגאַנישער באַשטאַנד טייל פון דער מערב אייראָפּעאישער קולטור, און האָט דורך אַ סך יאָרהונדערטער, ביז אין די איצטיקע צייט אַריין, ווי אַ פאַקל, באַלויכטן דעם וועג פון קונסט און קינסטלער. פון דעם מאָמענט פון דערוואַכונג פון דער קינסטלערישער אינטואיציע, ביז דעם מאָמענט פון דערגרייכונג, וואָס דאָס ניי־געשאַפענע ווערק האָט מיט זיך פאַרקערפּערט, איז פאַר יעדן דיכטער, מוזיקער אָדער פּלאַסטישן קינסטלער, שטענדיק געשטאַנען דאָס פאָרבילד פון יענער פולקאָמענהייט, וואָס די מענטשלעכסטע פון אַלע הויפּט־שטעט פון אַלטערטום, אַטען, האָט אַרויסגעבראַכט אין איר פראַכט־און גלאַנצ־צייט, פאַר אַלע שפּעטערדיקע דורות.

קלאַסיש רופן מיר אָן יענע קונסט. טויזנטער יאָר איז זי אַלט און איז נאָך אַלץ אַקטועל, שטענדיק מאָדערן. אַלערליי מאָדעס אין די פאָרמען פון קינסטלערישן שאַפן האָט זי איבערגעלעבט; אַלערליי קאַפּריזן האָט זי געזען אין לויף פון איר געשיכטלעכן וועג אַנטשטיין און פאַרשווינדן. זי אַליין אָבער, די קלאַסישע קונסט, שטייט, נאָך טויזנטער יאָרן, אין דער גאַנצער הערלעכקייט און פּראַכט פון איר צייטלאָזער מאַיעסטעטישקייט.

דער קלאַסיציזם אין דער קונסט איז טריומפירנד דערגאַנגען פון דעם אַלטן גריכנלאַנד ביז אונזער היינטיקער צייט, ווייל ער האָט מיט זיך

מיטגענומען אין די געשיכטע אַריין צוויי פונדאַמענטאַלע באַגריפן פון קינסט־לערישער פּערספּעקציע. דאָס זענען די געבאָטן פון אַבסאָלוטער פּראָפּאָר־ץ און פון פולקאָמענער האַרמאָניע.

ווען מיר, מאָדערנע מענטשן, באַטראַכטן די מוסטער־שאַפונגען פון דער קלאַסישער גריכישער סקולפּטור, אָדער די דענקמעלער פון דער גרי־כישער אַרכיטעקטור־קונסט, קענען מיר זיך נישט אָפּוווּנדערן פון דעם אופן ווי אָט די ביידע קינסטלערישע געבאָטן זענען אין זיי פאַרקערפּערט געוואָרן. ווען מיר קוקן, צום ביישפּיל, אויף אַ בילד פון פּאַרטענאָן, קענען מיר זיך גאָרנישט אָנזעטיקן מיט דער גליקזעליקייט, וואָס עס פאַרשאַפט דעם אויג די אַבסאָלוטע פּראָפּאָרץ, וואָס הערשט אין דעם גאַנצן פאַרנעם פון דעם געבוי, און צווישן יעדן איינצלנעם דעטאַל און די אַנדערע דע־טאַלן.

אָט דער שטריך ברענגט מיט זיך דעם אַנדערן: דאָס געפיל פון פול־שטענדיקער האַרמאָניע פאַרשאַפט דעם אויג אַ טיפע באַפרידיקונג, וואָס גיט זיך איבער אונזער גאַנצן אינערלעכן וועזן. דאָס איז אַ באַפרידיקונג פון אַ העכערער מדרגה, און אין דעם מאָמענט פון אונזער עסטעטישן געניוס לעבן מיר פולער, אינטענסיווער.

דערפאַר האָט אַפּאָלאָן, דער מענטשלעכער גריכישער גאָט, וואָס פאַר־קערפּערט אין מאַרמאָר דעם באַגריף פון קלאַסישער קונסט, געזיגט איבער די געפאַרן, וואָס קראָנאָס, די צייט, האָט מאַנכמאָל פאַר אים אַוועקגע־שטעלט אין זיין געשיכטלעכן וועג. אַפּאָלאָן איז אומשטערבלעך, און היינט צו טאָג איז די קלאַסישע קונסט נאָך אַלץ דאָס לעצטע וואָרט פון קינסטלע־רישער פּערספּעקציע.

1956.

# שאָפּען און היינע

אויף צוויי פֿאַרשידענע פּאַריזער בית־עולמס געפֿינען זיך צוויי קברים, וואָס צו זיי איז מען עולה רגל, אַזוי צו זאָגן, יעדן טאָג פֿון יאָר. אומבאַ־קאַנטע הענט ברענגען בלומען־קרענץ אָדער בוקעטן בלומען, אפֿילו אין ווינטער. פֿון נאָענט און פֿון ווייט קומען מענטשן צו אָט די קברים, שטייען אַ ווײַלע אין אָנדאַכט פֿאַר יעדן איינעם פֿון זיי, און גייען אַוועק אין טיפֿן נאָכדענקען. ס'איז גאָר קיין פֿראַגע נישט פֿאַר אַ קולטור־מענטש, וואָס באַ־זוכט פּאַריז, וועגן יאָ אָדער נישט איינשליסן דעם באַזוך אָט דאָרט אין זײַן ליסטע פֿון די פֿאַרשידענע מערקווירדיקע, דעם געדאַנק און געפֿיל אָנרעגנדיקע פּלעצער.

די צוויי קברים, וואָס מאַכן פֿאַר אַ קולטור־מענטש „אָבליגאַטאָ" דעם באַזוך צו יענע בית־עולמס, זענען פֿון צוויי מענטשן, וואָס אַ געוויסע פֿאַר־באַהאַלטענע לאָגיק האָט געמאַכט, זיי זאָלן זייער אייביקע רו געפֿינען נאָענט איינער פֿון צווייטן, ווײַל בײַ זייער לעבן איז געווען אַ גרויסע ענלעכקייט אין זייער שטרעבן און שאַפֿן: היינריך היינע און פֿרעדעריק שאָפּען. און זיי זענען טאַקע געווען האַרציקע פֿרײַנט, „הנאהבים והנעימים בחייהם".

ביידע זענען געווען „שיינגייסטער" און, דער עיקר, פֿרײַע גייסטער. ביי־דע, היינע און שאָפּען, האָבן נישט געקענט אָטעמען די פֿאַרסמטע לופֿט פֿון דעספּאָטיזם און אונטערדריקונג אין זייערע היימלענדער: פּוילן און פּרייסן. אין שאָפּענס געבורט־לאַנד האָט דער שווערער שטיוול פֿון דעם דעספּאָט ניקאָלאַי דעם ערשטן, געטראָטן אויף די בענקשאַפֿט נאָך פֿרייהייט מצד דעם פּוילישן פֿאָלק, וואָס איז ערשט דאָ נישט לאַנג־צוריק צעריסן געוואָרן דורך דרײַ וועלף; און אין פּרייסן, וואָס וועגן איר פֿאָלק, די דײַטשן, האָט היינע פֿאָרויסגעזאָגט, אַז מיט הונדערט יאָר שפּעטער וועט די וועלט ערשט דערפֿילן וואָס פֿאַר אַ צרות „די בלאָנדע בעסטיע" קען אָנטאָן דער מענטש־הייט, — האָט דעם דיכטער אָטעם פֿאַרפֿעלט, און ער איז פֿון דאָרט אַנט־לאָפֿן.

פאַרביידע דיכטער: פאַר שאָפּען, דעם דיכטער דורך מוזיק, און פאַר היינען, דעם דיכטער דורך מוזיקאַלישע פערזן, איז דער נאַטירלעכער מקום מקלט געווען פּאַריז, וואָס, כאָטש שוין אין דער צייט פון נאָך דער „רעס־טאַווראַציע" איז זי נאָך אָבער אַלץ פאַרבליבן דער זאַמל־פונקט פון אַלערליי רעבעלן קעגן מענטשלעכער אומגערעכטיקייט, קעגן יעדן מין אונטערדריקונג פון מענטש דורך מענטש. און ביידע האָבן די צווייטע העלפט פון זייער לעבן פאַרבראַכט אין דער שטאָט פון דער צעשטערטער באַסטיליע.

— 2 —

„מיט מיינע גרויסע ליידן שאַף איך מיינע קליינע לידער", דער דאָזי־קער אויסדרוק פון היינע איז כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר שאָפּען. ווען מיר בלעטערן אין היינעס פּאָעטישע ווערק, וואַרפט זיך אונז אין די אויגן, וואָס שייך פאָרם, זייער הויפּט־שטריך: אומפאַרגלייכלעכע מייסטערשאַפט אין קונסט פון מיניאַטור. זיי זענען אַזוי ווי די פיליגראַנען פון אַ בענווענוטאָ טשעליני, וואָס זענען אין זייער מיניאַטורישקייט גאַנצע אוניווערזן, אויב מ'קען זיך אַזוי אויסדריקן, פון שיינקייט. היינעס פּאָעזיע איז כמעט שטענדיק קורץ און עפּיגראַמאַטיש.

ווען מיר רעכענען אַראָפּ שאָפּענס „באַלאַדן", „סאָנאַטן" און „קאָנ־טשערטי", ווי אויך געוויסע „סקערצאָס" (וואָס שייך פאָרם, ווערק פון אַ גרויסן פאַרנעם), זענען אַלע זיינען אַנדערע ווערק די פאַרקערפּערונג, אין מוזיק, פון היינעס אויסרוף: „מיט מיינען גראָסן שמערצן שאַפ' איך מיינע קליינען לידער".

אָבער זיינע „קליינע לידער": זיינע זיבן און צוואַנציק „עטיודן", פינף און צוואַנציק „פּרעלודיען", ניינצן „נאָקטורנען", צוויי און פופציק „מאַ־זורקאָס", דרייצן „פּאָלאָנעזן", פופצן „וואַלסן" ,פיר „אימפּראָמפּטוס", אום בלויז אָנצורופן די אַממערסטן כאַראַקטעריסטישע שאָפּענשע ווערק פון שאָפּען, — זענען די פולשטענדיקסטע גאַמע פון דעם אויסדרוק פון דער מענטשלעכער נשמה און פון אירע טרוימען, פון דעם מענטשלעכן האַרץ און און זיינע באַגערן, האָפנונגען און זיין שרעק.

דאָס דערקלערט אפשר פאַרוואָס פאַר מענטשן מיט ליבע צו מוזיק און מיט אַ סענסיטיוון געהער, איז שאָפּענס מוזיק אַ מין מן, וואָס יעדער, לויט זיין פאַרנעם־פעאיקייט און זיין געמיט־צושטאַנד ביים הערן, געפינט אין איר וואָס זיין האַרץ באַגערט.

שאָפּענס מוזיק איז עלעמענטאַר. זי איז די בעסטע אילוסטראַציע צום געדאַנק, אַז „דברים היוצאים מן הלב, נכנסים אל הלב". זי אַנטציקט פונקט אַזוי דעם מוזיקאַליש קולטיווירטן צוהערער, ווי דעם, וואָס האָט נאָך

נישט קיין לאַנגע דערפֿאַרונג אין קאָנצערט־זאַל. זי ווירקט אויפֿן צוהערער פּונקט אַזוי דירעקט, ווי, צום ביישפּיל, היינעס קאָנפּעסיע, אַז

„אין וווּנדערשיינעם מאָנאַט מײַ,
אַלס אַלע פֿעגל זאַנגען,
דאַן איזט אין מיינעם הערצן
די ליבע אויפֿגעגאַנגען.
אין וווּנדערשיינעם מאָנאַט מײַ
אַלס אַלע קנאָספּן שפּראַנגען,
דאַן האב איך איר געשטאַנדען
מיין זעהנען אונד פֿערלאַנגען".

— 3 —

ביידע, היינע און שאָפּען, זענען געווען ראָמאַנטיקער. זיי האָבן נעגירט די גרויע ווירקלעכקייט. היינע, דורך זיינע פּערזן, און שאָפּען, דורך זיין פּיאַנאָ־מוזיק — האָבן זיי זיך „אויף פֿליגלען פֿון געזאַנג" דערהויבן צו די רעגיאָנען פֿון דער שענערער ווירקלעכקייט; פֿון דער ווירקלעכקייט פֿון לעבנס־באַזינגענדיקע און לעבנס־באַגליקנדיקע מעלאָדיעס: איינער אין פּערזן, דער צווייטער אין מוזיק־נאָטן.

צו ביידן איז אָנווענדבאַר דער אויסרוף פֿון רוימישן פּאָעט האָראַציוס:

„איך האָב זיך געשאַפֿן אַ מאָנומענט,
וואָס צייט קען אים נישט צעשטערן".

1959.

# פון זעלבן מחבר:

## יידיש

### ביכער

„יידיש־מעקסיקאַניש" (1945)
„מעקסיקאַנער ווידערקלאַנגען" (1951)
„מעקסיקאַנישע רעפלעקסן" (1954)
„מוזיקאַלישע עסייען" (1956)

### בראָשורן

„דזשאָן דיואי, פאָנען־טרעגער פון פּראָגרעסיווער דערציאונג" (1952)
„בריוו וועגן דער מעקסיקאַנער יידישער סטודענטשאַפט" (1953)
„חיים גרינבערגס גייסטיקע פּאַרוואַנדשאַפטן" (1953)
„בן־ציון גאָלדבערג, קינסטלער פון יידישער פּובליציסטיק" (1956)

## שפּאַניש

**"La Emoción de la Música"** (1936)
**"Reflejos Musicales"** (1938)
**"Impresiones Musicales"** (1951)
**"Bosquejos Musicales"** (1957)
**"Israel 1960"** (1961)

## איבערזעצונג אויף שפּאַניש

גרעצס גרויסע יידישע געשיכטע

